י. י. שוואַרץ
א. ראַבאָי

# פּיאָנערן אין אַמעריקע



יוסף ליפשיץ-פאָנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייוואָ

י. י. שוואַרץ

# קענטאקי

פּאָעמע

א. ראַבאָי

# הער גאלדענבארג

ראָמאַן

מוזיק צו 1 ליד

פּראַגמענטן פּון פּאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
זכרונות
בילדער

אריינפיר און רעדאַקציע
פון
שמואל ראַזשאַנסקי



19טער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

**יוסף ליפשיץ־פֿאַנד**

פֿון דער

**ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ**
**אין אַרגענטינע**

אונטער דער רעדאַקציע פון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאַרעקטאָר: יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.200 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ד — 1964

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן:

# די „יונגע“ אין אַמעריקע און זייער פּיאָנערישקייט

## מיט נײַער סענסיביליטעט צו נײַע אידייען

נאָך די קלאַסיקערס, וועלכע האָבן בײַם סוף פֿון 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט אָנגעצייכנט דעם 1טן הויכפּונקט אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, אין אָדעס, קיִעוו און וואַרשע, האָבן די יונגע אין ניו־יאָרק, בײַם סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָנגעצייכנט דעם 2טן הויכפּונקט אין דער מאָדערנער ייִדישער וואָרט־קונסט.

דאָס זעען מיר איצטער, פֿון אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו. איצט איז קלאָר, אַז די יונגע, זוכנדיק נײַע פֿאָרמען, האָבן אויך גע־זוכט נײַעם אינהאַלט. די פֿאַרשאַרפֿטע סענסיביליטעט פֿאַרן וואָרט, סטיל און זשאַנער האָט געשאַרפֿט דעם חוש פֿאַר נײַע אידייען. פֿריִער האָט מען דאָס נישט געזען. זיי האָבן אויסגעזען נישט מער ווי „שריפֿטשטעלערס, וועלכע האָבן נאָך אַ פּאָר יאָר אַרומבלאָנדזשען זיך גענומען גרופּירן, אַרויסגעבן זאַמלביכלעך און ביכלעך, און וועל־כע זײַנען שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען די יונגע“[1]. נאָר אַ פֿאַנטאַזיאָר האָט געקאָנט חלומען, אַז זיי וועלן אין „אַזאַ ברוטאַלער, אומדערבאַרעמדיקער וואָכעדיקייט אויפֿזוכן אין זיך יענע טיפֿע שפּורן פֿון פּערזענלעכקייט, יענע באַהאַלטענע פֿעדעם, וואָס פֿאַרבינדן דעם מענטש מיטן סוד פֿון דער וועלט“[2]. אַפֿילו איינער פֿון די יונגע האָט תּחילת געזאָגט, אַז „דער מאָדערנער ייִדישער פּאָ־

---

[1] זישאָ לאַנדוי — „די ייִדישע דיכטונג אין אַמעריקע“, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1919, ז׳ IV.

[2] מנחם — איסט בראָדוויי, זאַמלבוך, נ״י 1916, ז׳ 10.

עט, ווי דער מאָדערנער פּאָעט בכלל, באַציט זיך צו דער וועלט, וואָס איז אויסערהאַלב אים, גאַנץ גלײַכגילטיק" [3].

די יונגע זײַנען תּחילת אַזוי גרינג געשאַצט געוואָרן, אַז ווען עס איז וועגן זיי (שוין אין 1917) דערשינען אַ גאַנץ ווערק, געשריבן פֿון אַ שטענדיק דיסקוטירטן און אָפּגעפֿרעגטן קריטיקער, האָט אַ שרײַבער מיט ברען און עספּרי אַזוי זיך אויסגעדריקט אין זײַן פֿאָרוואָרט: „עס איז קלאָר, אַז דאָס בוך, וואָס איז געווידמעט 10 יונגע שריפֿטשטעלערס, וועט אויפֿוועקן כּעס און שׂנאה בײַ די געשווירענע בייזע פּאַסטעכערס פֿון אונדזער ליטעראַטור, בײַ די וואָס האָבן זייער קאַריערע אַלס קריטיקערס געמאַכט דורך פֿאַרשרײַען אָט די 10 יונגע שריפֿטשטעלערס" [4]. צווישן די צען זײַנען געווען: דוד איגנאַטאָוו, זישאָ לאַנדוי, א. ראַבאָי, מאַני לייב, יוסף אָפּאַטאָשו, משה נאַדיר, משה לייב האַלפּערן, ה. לייוויק...

אַפֿילו אין אַ סך יאָרן אַרום, ווען יעדער איינער פֿון זיי איז שוין געווען אַ שם דבֿר אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט מען געזען זייער זײַן, אָבער ניט די סיבה פֿון זייער ווערן. נישט דעם כּלל, נאָר די פּרטים. אַפֿילו דער אויטאָריטאַרער ליטעראַטור־קריטיקער, וועלכער האָט אין אַ ריי פֿון זיי געפֿונען חוץ טאַלאַנט, אייגנאַרטיקייט, אויך פּערזענלעכקייט, האָט אין זיי געזען אומבאַשטימטקייט. ער זאָגט: „כמעט אַלע ליריקערס פֿון די אַמעריקאַנער יונגע — און צו זיי וואָלט מען געדאַרפֿט צורעכענען אפֿשר אויך א. ראַבאָיען און דוד איגנאַטאָוון, וואָס זײַנען ליריקערס אין פּראָזע — זײַנען פֿאַרכאַפּט געווען פֿון ראָמאַנטישע מאָטיוון און ראָמאַנטישע שטימונגען. אין איניקע פּרטים אָבער האָבן זיי געהערט צו איין גרופּע און צווישן אָט די פּרטים איז געווען אויך די ראָמאַנטישע אומבאַשטימטקייט,

---

[3] ר. אײַזלאַנד — „די נײַע ווענדונג אין דער ייִדישער פּאָעזיע", פֿון מענטש צו מענטש, ז' 32.

[4] ב. ריווקין — „פֿאָרוואָרט" צו יונג אַמעריקאַ פֿון נח שטיינבערג, נ"י 1917, ז' 3.

די ראָמאַנטישע בענקעניש. די יונגע האָבן נישט געוואָלט לײַדן קיין מליצה אין דער שפּראַך, זיי האָבן אָבער געפּילט מליצהדיק, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. זיי האָבן געזוכט איינפאַכע ווערטער פאַר ניט קיין איינפאַכע און ניט־געוויינטלעכע געמיט־צושטאַנדן״ [5].

נאָר פאַר דער ליטעראַטור־געשיכטע איז קלאָר, אַז די יונגע זײַנען דאָס קול פון דער נײַער עפּאָכע אינעם יידישן לעבן. די אינזיכיסטן, וואָס האָבן אין 1920 פּראָקלאַמירט דעם יידישן אינטראָספּעקטיוויזם, קומען ווי יינגערע ברידער פון די יונגע. פאַר זיי, די יינגערע, איז שוין קלאָר, וואָס פאַר די עלטערע איז געווען אומקלאָר. אויסגעבילדעטע אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, אָפּגעטובלטע אין דער לאַנדשפּראַך, איר קולטור און ליטעראַטור, בלאָנדזשען זיי ווייניקער. פאַרקערט. דאָס בלאָנדזשען פון די יונגע איז פאַר זיי אַן אָנלערנונג. גייען זיי אַ סך ווײַטער און גראָדליניקער. זאָגן זיי גלײַך בײַ זייער ערשטן צוזאַמענדיקן אַרויסטריט: „באמת איז פאָרעם און אינהאַלט איינס און דאָס זעלביקע״, און „אַלץ איז אַ קעגנשטאַנד פאַר פּאָעזיע״, און אַז „פאַר אונדז איז אַלץ פּערזענלעך: מלחמות און רעוואָלוציע״, פּונקט ווי „פּאָגראָמען און די אַרבעטער־באַוועגונג״ [6].

די נײַע סענסיביליטעט אין דער יידישער ליטעראַטור קומט ווי אַ קאָנסעקווענץ פון דער נײַער אַנטוויקלונג, פון די נײַע פּראָצעסן אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן.

די בעסערע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען, אויסגעקעמפטע דורך דער אַרבעטערשאַפט, האָבן געפירט צו אַ העכערן לעבנס־ניוואָ. פּונקט ווי דער טאַטע האָט זיך שוין געקענט פאַרגינען אָנצוקוקן זײַן יינגעלע, אַזוי האָט דער פּאָעט דערשפּירט, אַז ער האָט רעכט אַרײַנצוקוקן אין זיך אַליין, נישט דווקא און בלויז אויף

---

[5] ש. ניגער — „אַלטע און נײַע יידישע ליטעראַטור״, בלעטער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, נ״י 1959, ז׳ 320.

[6] יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס, נ. מינקאָוו — אין זיך, אַ זאַמלונג אינטראָספּעקטיווע לידער, נ״י 1920, זז׳ 7—8.

די קרבנות פֿון סוועט־שאַפּ, נאָר אַדרבה, עס איז זײַן חובֿ אומצוקוקן זיך אויף דער ברייטער וועלט, און נישט דווקא זיך פֿאַרגיין אין בענקשאַפֿט נאָך דער אַלטער היים... און נעמט ער זיך דאָס רעכט און די צײַט, פֿאַרקוקט ער זיך שוין מאָמענטנווײַז גאָר ווײַט, צו מאָל אין דער געשיכטע אַרײַן, אין טיפֿע חלומות און לומדישע סימבאָלן... ער זוכט נאָר פֿאַר די שווערע פּראָבלעמען די לײַכטסטע שפּראַך, אַ שפּילעוודיקן סטיל. וואָס שווערער דער מאָטיוו איז, אַלץ גרינגער זאָל זײַן די שפּראַך און דער סטיל.

## מיט אַ מיסיע — אומגעבעטענערהייט

אין דעם שאַפֿן פֿון די יונגע שפּיגלט זיך אָפּ נישט בלויז די סענסיביליטעט פֿון די מאָדערנע שרײַבערס, נאָר אויך פֿון דעם אַמעריקאַניזירטן ייִדישן פֿײַנשמעקער.

דער ערשטער וועלטקריג, די רעוואָלוציע און די אוקראַינער פּאָגראָמען געפֿינען טאָקע אָפּענע אויערן און אָפֿענע הערצער אין אַמעריקע, אָבער „אין אַמעריקע האָט זיך די רעוואָלוציע אין דער ייִדישער דיכטונג אָנגעהויבן פֿיל פֿריִער ווי אויף יענער זײַט ים, נאָך פֿאַרן גרויסן וועלט־חורבן". איז „אויב אין דער אַמעריקאַנער נײַ־דיכטונג שרײַט עפּעס, איז עס נישט דער פֿאַרבלוטיקטער מענטש, די צעוווּנדעטע צײַט, נאָר די מאַשין, די מאָדערנע טעכניק"[7]. דאָס שרײַט דער יחיד.

דער יחיד הייבט־אָן צו קריגן גלײַכבאַרעכטיקונג מיט דער מאַסע.

א. ראַבאָי און י. י. שוואַרץ זײַנען צוויי פֿאַרשיידנאַרטיקע אויס־דרוקן פֿון דעם אינדיווידואַליזם, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די יונגע.

ביידע זײַנען זיי פֿון די שטילסטע צווישן די יונגע. ווייניקער פֿון אַנדערע האָבן זיי זיך באַטייליקט אין דעם ליטעראַרישן קאַמף.

---

[7] א. אַלמי — „די נײַ־ייִדישע דיכטונג", דער קוואַל, נ' 1, מאָנטרעאַל 1922, ז' 3, 4.

זייערע שאַפֿונגען דינען אָבער צום בעסטן עד היום צו פֿאָרמולירן טעאָריעס וועגן פֿאָרעם און אינהאַלט, ווי וועגן קונסט און מיסיע.

דאָ זעט מען, אַז כאָטש די יונגע האָבן פֿון אָנהייב אויסגעזען ביי דער עיקר צוליב זייערע פֿאָרמען, זיינען „פֿאָרמען צוליב פֿאַרמען פֿון אייביק אָן פֿרעמד דעם יידישן גייסט“ [8].

אַפֿילו די שטילסטע שרייבערס פֿון די יונגע קענען דינען ווי די בעסטע באַווייזן, אַז אויב „די געשיכטע פֿון דער יידישער דיכטונג ביזן אָנפֿאַנג פֿון היינטיקן יאָרהונדערט איז אייגנטלעך די געשיכטע פֿון אַן עפּיזאָד אין דער אַרבעטער־באַוועגונג“ [9], זיינען די יונגע די ערשטע שעפֿערס פֿון אונדזער שיינער ליטעראַטור אין אַמעריקע“, וועלכע „האָבן אַוועקגעלייגט אַ פֿונדאַמענט פֿאַר אַ ליטעראַטור“ [10] אין מאָדערנעם זין פֿון וואָרט.

דערפֿאַר זיינען אַפֿילו די שטילסטע פֿון די אַ יונגע באַרעכטיקט צו זאָגן: „מיר, די יונגע, וואָס קיינער האָט אונדז ניט געלאַדן און קיינער האָט אונדז ניט געדאַרפֿט, האָבן געפֿילט, אַז מיר קומען מיט אַ גרויסער מיסיע“ [11].

די נייע סענסיביליטעט האָט זיי געפֿירט צו זען און פֿאָרויסזען יידיש לעבן אין גאָר נייע דימענסיעס, אין נייע וועלטן און טיפֿענישן.

לייוויקס גולם ווערט אַ פֿאַראַל פֿאַר דער וועלט, וואָס איז פֿאַרגולמט דורך דער מלחמה. אָפּאַטאָשוס פּוילישע וועלדער רופֿט־אַרויס צו אַ דעבאַטע פּוילן, וואָס איז פֿאַרשיכורט פֿון דער צוריק באַקומענער אומאָפּהענגיקייט. איגנאַטאָווס קעסלגרוב איז אַ פּראָטעסט קעגן דער סבֿיבֿה, אין וועלכער דער אינטעליגענט זעט נישט פֿאַר זיך קיין צוקונפֿט. מאַני לייבס לידער פֿאַר קינדער דערשיינען ווי צעעפֿנטע קוואַלן פֿון ליבשאַפֿט, באַפֿרייטע פֿון געטאָ־פֿאַרביטערונג. משה לייב

---

[8] לעאָ קעניג — „יידן און פּלאַסטיק“, איסט בראָדוויי, נ״י 1916, ז׳ 106.

[9] זישאָ לאַנדוי — אַנטאָלאָגיע, ז׳ IV.

[10] ח. נ. פישערמאַן — „דער קאַסטן שמות“, פּוילן, נ׳ 1, נ״י 1928, ז׳ 13.

[11] מאַני לייב — „אָט אַזוי, אָט אַזוי...“, זאַמלבוך זישאַ לאַנדוי, נ״י 1938, ז׳ 12.

האַלפּערנס בונטאַרישע פֿערזן, פּונקט ווי זישאָ לאַנדויס קאַפּריזן, זײַנען אויסדרוקן פֿון יחיד וואָס האָט מער נישט קיין מורא צו זײַן אַזוי ווי ער איז, וואָס מער טרײַ צו זיך אַליין.

## י. י. שוואַרץ — די ווענדונג קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם און פֿאַר טראַדיציע

כאָטש י. י. שוואַרץ האָט געדרוקט זײַנע לידער אין אַלע אויסגאַבעס פֿון די יונגע, אין „ליטעראַטור" און „די נײַע היים", אין „וועלט־אײַן, וועלט־אויס", און „דער אינדזל", ווי אין „שריפֿטן", פֿון דעסט וועגן האָבן אים אַ סך נישט פֿאַררעכנט צו די באַנײַערס.

אינעם ערשטן עטאַפּ פֿון דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּאָעזיע, אינעם פּראָלעטאַרישן פּעריאָד, איז אַפּיקורסות און קאָסמאָפּאָליטיזם געווען דער א"ב פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען מאָריס ראָזענפֿעלד, דער פֿאַרגעטערטער פֿאַר זײַנע אַרבעטער־לידער, האָט גענומען זינגען וועגן ביטערן גלות און זיסע חלומות פֿון ציון, האָט ער אַרויסגערופֿן קעגן זיך דעם צאָרן פֿון זײַנע פֿאַרערערס. איז ראָזענפֿעלד אַוועק פֿון דער סאָציאַליסטישער צײַטונג צו דער באַלעבאַטישער, ווו רעליגיעזע טראַדיציע און ציון איז געווען דאָס ברויט פֿון יעדן טאָג — פֿאַר אירע לייענערס איז אָבער פּאָעזיע געווען (און איז) אַ קנאַפּער ענין. דער ייִדישער פּאָעט האָט ערשט דערפֿילט זײַן איינזאַמקייט אין אַמעריקע.

יהואָש און ה. רויזענבלאַט זײַנען די ערשטע ייִדישע פּאָעטן אין אַמעריקע, וועלכע גייען קעגן שטראָם פֿון קאָסמאָפּאָליטיזם אין דער ליטעראַטור. און צווישן די יונגע איז י. י. שוואַרץ דער ערשטער, וואָס לאָזט זיך אויף קיין איין מאָמענט נישט מיטרײַסן פֿון דער קינסטלער־באָהעמיע, וועלכע לײַדט פֿון באָדנלאָזיקייט. נאָך מער: ער האָט צער דערפֿון, וואָס מ'האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן אַלע אײַנגעשטעלטע ייִדישע טראַדיציעס:

ס'ווערן ניט קיין שבת־ליכטלעך
אויף דײַן טיש געצונדן — — —

ס'ווערט די גרויע וואָך פון הויז דיר
קיין מאָל ניט פאַרשווּנדן.

ס׳איז דײַן טיר אָן אַ מזוזה —
קומען קיין מלאָכים;
צו דײַן פרוי, דײַן אשת־חיל,
זינגסטו ניט קיין שבחים.

דײַנע קינדער וואַקסן פרעמדע,
אָן אַ פונק פון גלויבן;
לערנסט זיי ניט מודה אַני —
הענטלעך אויפגעהויבן...

און דײַן סדר־נאַכט טוט לאַנג שוין
ניט דײַן הויז באַצירן;
און דאָס וויינען פון כל נדרי
טוט דײַן האַרץ ניט רירן...

און דערפאַר, ווען דו וועסט שטאַרבן,
וועט קיין מלאַך קלאָגן;
און דײַן קינד וועט אויף דײַן קבר
ניט קיין קדיש זאָגן!...[12]

גלײַך פון אָנהייב נאַציאָנאַל געשטימט, פאַרבענקט נאָך טראַדיציע, האָט י. י. שוואַרץ באַזונדערע מאָטיוון אַרויסצוווײַזן „פונקט ווי אונדזער גאַנצער דור קינסטלערס אַ נעגאַטיווע באַציִונג צום יידישן לעבן אין אַמעריקע"[13]. ווענדט ער זיך שוין אין 1914 „צו אײַך, אַריבערגעקומענע" מיט דער אַ שוואַרצער נבֿיאות:

איר וועט אויך, ווי מיר, בלאָנדזשען און קעמפן,
איר וועט אויך, ווי מיר, זיגן און פאַלן;
און מיט הונדערטער טויזנטער קולות
וועט דאָס לעבן אַריבער אײַך שאַלן.

און, פאַרכאַפּט אין דעם ווילדן סמבטיון,
וועט איר צאַפּלען אויף טויט און אויף לעבן;
אייער האַרץ וועט איר וואַרפן אין פײַער,
צום גאָט־מולך אַ קרבן עס געבן[14].

די דאָזיקע פּערזן זײַנען דער שליסל צו י. י. שוואַרצס שאַפן. אַ דאַנק זיי ווערט קלאָר, פאַר וואָס ער האָט געשריבן „קענטאַקי" און פאַר וואָס ער האָט אויפגעבויט אויף יידיש די „אַנטאָלאָגיע פון דער העברעיִשער ליטעראַטור" און „ספר השבת". ווײַל פונקט ווי ער האָט „בלויז געזוכט אין אונדזער אַלטער פּאָעזיע דאָס אייביקע, דאָס

[12] י. י. שוואַרץ — „די נײַע היים" (לידער־ציקל) אין 1טן זאַמלבוך די נײַע היים, נ״י 1914, זז׳ 7—8.
[13] נח שטיינבערג — „י. י. שוואַרץ", יידיש אַמעריקע, נ״י 1929, ז׳ 147.
[14] די נײַע היים, ז׳ 7.

ליכטיקע, דאָס וואָס האָט אויך אַ באַדײַט פֿאַר אונדזער צײַט און אונדזער לעבן"[15], אַזוי האָט ער אין זײַנע אייגענע ווערק געזוכט דאָס אייביקע, דעם סוד פֿון אונדזער זײַן, ירושה און גערעאַנגל פֿאַר המשך. עס איז פֿאַר דעם כאַראַקטעריסטיש, וואָס י. י. שוואַרץ אַליין זאָגט: „עס דוכט זיך מיר אַ מאָל, אַז איך בין אַ העברעישער פּאָעט אויף ייִדיש"[16]. אַזוי טראַכט אויך דער קריטיקער. י. י. שוואַרץ האָט „אַ תּבֿנישן אָטעם און ס'איז דערפֿאַר געווען נאַטירלעך, אַז דווקא ער זאָל אונדז געבן „קענטאָקי", דאָס ערשטע גרויסע ייִדיש אַמעריקאַנישע ליד אין אונדזער פּאָעזיע", אין וועלכער ער „האָט זיך גלײַך מתיחס געווען מיט דעם וויטמאַנישן געזאַנג, וואָס האָט אַ סך ביבלישע וואָרצלען, און מיט די נעגער־קינדער פֿון אַמעריקע, וואָס פֿאַרמאָגן ביבלישע תּמימות און חן"[17].

קענטאָקי איז געוואָרן אַ קלאַסיש בוך, ספּעציעל אַ מזל־ברכה־דיק בוך פֿאַר די ייִדישע מיטלשולן, נישט בלויז אין זכות פֿון די פּרעכטיקע נאַטור־שילדערונגען, פּאָרטרעטן פֿון ייִדישן פּיאָנער אין אַמעריקע און זײַן משפּחה, זײַן הומאָר, זײַן געמיט, זײַנע מחיהדיקע בילדער פֿון דער סבֿיבֿה, דײַטשישע ייִדן און ליטוואַקעס, אין דעם נײַעם ישובֿ, וואָס צוליב די מעלות איז די דאָזיקע פּאָעמע פֿון נײַערד פֿון די געשמאַקסטע לייענביכער אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אויך צוליב איר גרונטאידיי איז קענטאָקי אַ מוסטערווערק און אַ מײַס־טערווערק. עס ווערט אין אים געשילדערט דער גערעאַנגל און גורל פֿון ייִדישע דורות אין אַמעריקע. דאָס איז אַ פּאָעטישער דאָקומענט פֿאַר אונדזער געשיכטע אויפֿן נײַעם קאָנטינענט. ווער איז דער ייִדי־שער פּיאָנער פֿון דער שטאָט? וואָס האָט ער דערגרייכט? וואָס איז געבליבן פֿון זײַן ירושה? און ווער ירשנט אים? דער זיידע, וואָס האָט קנאַפּ נחת פֿון זײַן זון, געפֿינט אַ טרייסט אין זײַן אייניקל. דער

[15] אַרײַנפֿיר צו העברעישע פּאָעזיע, נ"י 1942, ז' 9.

[16] יעקב פּאַט — שמועסן מיט ייִדישע שרײַבער, נ"י 1954, ז' 290.

[17] יעקב גלאַטשטיין — אין תּוך גענומען (1948—1956), נ"י 1956, זז' 261—262.

זיידע, דער פיאָנער פון שטאָט, האָט אַן אייניקל, וואָס וויל נישט ווערן קיין אַפּטייקער, ווי „מען וויל", נײַערט אַ פּאַרמער, אַ פּעלד־מענטש. דער אַנטוישטער זיידע טרייסט זיך מיט דער בענקשאַפֿט צו דער ערד. „קענטאָקי איז אַ בוך פון ערד און ערדישער שיינקייט" [18].

אויך אין פּערזנקונסט איז קענטאָקי אַ זעלטענע דערגרייכונג: אין קיין איין שורה ווערט נישט געשטערט די דערציילקונסט. אויב דער מאָדערנער פֿײַנשמעקער באַקלאָגט זיך, הלמאי „נאָך אײדער דער פּרײַער פּערז האָט באַוויזן פּרײַ אָפּצואָטעמען איז ער פלוצלינג איבער נאַכט פאַרשוווּנדן" [19], איז י. י. שוואַרצס גרויסע פּאָעמע דער בעסטער באַווײַז, וואָס פּאַר אַ גרויסע מעגלעכקייטן די דערציילקונסט האָט אין פּרײַען פּערז.

## א. ראַבאָי און דער ערשטער ראָמאַן פון אַמעריקאַנער חלוץ

עס קלינגט אפשר פּאַראַדאָקסאַל, אָבער ס'איז אַזוי: י. י. שוואַרץ ווײַזט, אַז מ'קען אין פּרײַען פּערז דערציילן אַזוי געשמאַק ווי אין פּראָזעקונסט, און אַ צווייטער פון די יונגע, ראַבאָי, ווײַזט ווי מ'קען שרײַבן פּראָזע און איבערלאָזן דעם רושם פון פּאָעזיע. און נישט ווייניקער פּאַראַדאָקס איז, וואָס דער שפּעטערדיקער קאָמוניסט איז דער מחבר פון דעם ערשטן ראָמאַן, אין וועלכן עס ווערט באַזונגען דער אַמעריקאַנער חלוץ. דורך אים קומט צום אויסדרוק די בענקשאַפט פון ייִדן צו אייגענער ערד. „ער איז פון דער ייִדיש פּויערישער בעסאַראַביע, פון אַ שטעטל ווו יעדער ייִד האָט געהאַט זײַן שטיקל פּעלד — פון שמעקעדיקער ארץ־ישׂראל־ערד, מיט דעם געבענטשטן טעם פון חלב און דבש" [20].

---

[18] מנחם ריבאַלאָוו — „נײַערד", די צוקונפט, נ"י, מאַרץ 1926, ז' 184.

[19] מאיר שטיקער — „די טראַגעדיע פון פרײַען פערז", פּײַלן נ' 2, נ"י 1928, ז' 3.

[20] ב. ריווקין — „גרונט־טענדענצן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", זאַמלביכער, ב' 3, נ"י 1938, ז' 443.

ראַבאָי איז „צווישן דער גרופּע, מיט וועלכער ער האָט אַרײַנגעשפּאַנט אין אונדזער ליטעראַטור אַרײַן, געווען דער אומרעוואָלוציאָנערסטער" [21]. זײַן טיטל אין דערציילן איז זײַן אויטאָ־כאַראַקטעריסטיק, מיט אַ קוועטש אויפֿן איך. דורך און דורך ליריקער, האָט ער „דעם כּוח צו מאַכן אינטערעסאַנט אַפֿילו דאָס, וואָס דאַכט זיך אויס צו זײַן אין פֿלוג אומאינטערעסאַנט" [22]. פֿון די גרויע עפּיזאָדן, ווי עס איז געקומען אַ ייִד אין אַמעריקע, ווערט בײַ אים אַ פֿאַרבנרײַך בילד: ווי אַ שטילינקער ייִד קען פֿאַרעקשנט אויפֿהיטן זײַן לעבנשטייגער פֿון יענער זײַט ים אין גרויסן טומל פֿון אַמעריקאַניזאַציע. אָט דער שטילינקער ראַבאָי, וועלכער האָט „אויך אין זײַנע ערשטע שאַפֿונגען נישט געשריבן קונסט לשם קונסט — ער האָט אויך דעמאָלט פּראָפּאַגאַנדירט אידייען: אַן אייגן לאַנד, אייגענע ערד, אייגענע פּראַצע, אַלע זײַנען גלײַך! זײַן ראָמאַן אייגענע ערד האָט זיך געענדיקט מיט אַ שבֿועה פֿאַר גוטסקייט, פֿאַר שיינקייט, פֿאַר ברידערלעכקייט" [23].

די דאָזיקע גוטסקייט קומט פֿון בעסאַראַביע. „ראַבאָי איז דער ערשטער בעסאַראַבער שריפֿטשטעלער, וואָס האָט אַדורכגעהאַקט אַ וועג צום ברייטן שליאַך פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און אַרײַנגעבראַכט אַהין דאָס בעסאַראַבער ייִדישע לעבן" [24]. ביז אים איז דאָס שטעטל פֿון פּוילן, ליטע, ווײַסרוסלאַנד, וואָלין און אוקראַיִנע געשטאַנען אין צענטער פֿון שרײַבער און לייענער. קומט ראַבאָי און ווײַזט, אַז דאָס בעסאַראַבער שטעטל פֿאַרדינט נישט ווייניקער אויפֿמערקזאַמקייט מיט זײַן סבֿיבֿה פֿון געזונטע ייִדן, האָרעפּאַשנע, פֿאַר־

---

[21] ז. ווײַנפּער — ייִדישע שריפֿטשטעלער, ב׳ 2, נ״י 1936, ז׳ 54.

[22] יואל סלאָנים — „דער שטילער, דער פּשטותדיקער", ייִדישע קולטור, נ״י פֿעברואַר 1944, ז׳ 7.

[23] קלמן מרמר — „אײַזיק ראַבאָי", ד״ז, ז׳ 5.

[24] דוד סעלצער — „בעסאַראַבער מאָטיוון בײַ א. ראַבאָי", ד״ז, ז׳ 10.

ליבטע אין דער נאַטור. „זײַן בענקשאַפֿט נאָך דעם דאָרפֿלעבן פֿאַר־וואַנדלט ער אין אַ נאַציאָנאַלע ייִדישע בענקשאַפֿט נאָך ערד — ווערט פֿעסטגעשטעלט אין דער ייִדקאָמוניסטישער וועלט — מיט אַ שטאַרקן נאַציאָנאַליסטישן און ציוניסטישן אונטערטאָן"[25]. און ווען? נאָך פֿאַר דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע... „איך וויל שוין מער קיין פֿרעמדער ניט זײַן — זאָגט אײַזיק צו דבֿורהן — איך וויל צו דער היים פֿון אונדזערע אָבֿות..." און עס העלפֿט נישט, וואָס הער גאָלדענבאַרג איז גרייט אַוועקצוגעבן דעם פֿערדיונג זײַן גאַנצע אַמעריקאַנער עשירות, אַבי ער זאָל „דאָ" בלײַבן... מוחל די עשירות! בעסער אָנהייבן אַן אָרעם לעבן, נאָר אין אייגענעם לאַנד! „די שטילע געמיטלעכע, לי־רישע ווערק פֿון א. ראַבאָי", הייסט עס, „פֿאַרמאָגן אַ סך קאַמף און געראַנגל"[26]. און „ראַבאָי זאָגט אונדז, אַז עס מוז און עס וועט אייביק אַ ייִדישער דור פֿאַרבלײַבן", און „מעג מען ווינען אין פֿאַרשיידענע לענדער, בײַטן פֿאַרשיידענע קולטורן — ייִדן וועלן מיר פֿאַרבלײַבן"[27].

מיר זעען, בכן, דורך ראַבאָיען פּונקט ווי דורך שוואַרצן, ווי די מאָדערנע סענסיביליטעט פֿון די יונגע פּירט נישט בלויז צו באַ־רײַכערן די קונסט פֿון וואָרט, נאָר זי פֿירט אויך צו נײַע אידייען, אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אָפּ די נײַע דערפֿאַרונגען און חלומות אינעם ייִדישן לעבן, און וועלכע סיגנאַליזירן די טראַנספֿאָרמאַציעס אינעם יחיד און כּלל.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[25] אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ — פּראָלעטפּען, קיִעוו 1935, ז' 242.

[26] נחמן מײַזיל — פֿאַרגייער און מיטצײַטלער, נ"י 1946, ז' 301.

[27] נח שטיינבערג — יונג אַמעריקאַ, נ"י 1917, ז' 84.

# ביאָגראַפֿישע שטריכן

ישראל־יעקב שוואַרץ, געבוירן די 2טע נאַכט סוכות תרמ״ה — 1885 אין דאָרף פּעטראַשוני, ביי קאָוונע, ליטע, איז ביים טאַטן דעם רב דערצויגן געוואָרן אין שטרענגער פרומקייט, נאָר אַזוי ווי ער איז זייער יונג אַוועק לערנען אין קאָוונער ישיבות, איז ער פרי אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער השפּעה פון דער השכלה און איר ליטעראַטור אין העברעיִש און יִדיש, ווי אויך אין רוסיש, באַזונדער פון איר קלאַסישער פּאָעזיע.

דעבוטירט 1906 אין דאָס יִדישע פֿאָלק, צו ערשט ווי אַן איבערזעצער (פון ביאַליקס פּאָעמע „אין פעלד״), דערנאָך מיט אַן אייגענעם ליד („בלומען״), באַווייזט זיך שוואַרץ גלייך פון אָנהייב מיט ליבשאַפט צו דער נאַטור און מיט אַ נייגונג צו אַ סינטעז צווישן טיפער יִדישקייט און וועלטלעכקייט.

*

אין 1906 אויך עמיגרירט קיין אַמעריקע, געוואָרן לערער אין אַ תלמוד־תורה, אָבער איינצייטיק זיך אַריינגעלייענט אין ענגלישער פּאָעזיע. איבערגעזעצט מילטאָנס פּאָעמע „דער פאַרלוירענער גן־עדן״ (פראַגמענטן געדרוקט אין דאָס נייע לעבן, 1911), וואָלט וויטמאַנס „אַ גרוס צו דער וועלט״ (געדרוקט אין שריפטן, 1912), שעקספּירס טראַגעדיעס „האַמלעט״ און „יוליוס צעזאַר״ (דערשינען צוזאַמען אין אַ בוך, נ״י 1918).

פֿאַרליבט אין ביאַליקן, זעצט ש. איבער (1909) „דער מתמיד״ און „די פייער־מגילה״ א״אַ שאַפונגען פאַרן בוך לידער און פּאָעמען (1935). דעם אָקשר פון יִדיש מיט העברעיִש פאַרפעסטיקט י. י. שוואַרץ מיטן בוך העברעיִשע פּאָעזיע (נ״י 1942), אַן אַנטאָלאָגיע וווּ עס ווערן צונויפגעפירט אַלטע פייטנים מיט מאָדערנע פּאָעטן.

*

אין 1918 גייט ש. אַריבער וווינען פון נ״י אין וויטן שטאַט קענטאָקי. אין די 12 יאָר מאַכט ער אַ לעבן פון מסחר, אָבער דאָ באַווייזט ער צו שאַפן אַ ריי פּאָעמעס און אידיליעס אונטערן אַלגעמיינעם טיטל קענטאָקי, פון וועלכע עס הייבט זיך אַרויס ניי־ערד (ג׳ צום ערשטן מאָל אין די צוקונפט, 1924). אָנערקענט ווי אַ גרונטווערק פון דער יִדי׳ פּאָעזיע און יסוד פון יִדי׳ מיטאָס אויפן נייעם קאָנטינענט, ווערט קענטאָקי אַ מחיהדיקער לערנשטאָף אין יִדי׳ שולן, אַריינגענומען אין כרעסטאָמאַטיעס, ווי אין רעציטאַציע־פּראָגראַמען.

באַזעצט צוריק אין נ״י, פאַרמעסט זיך ש. אויף אַ נייער פּאָעמע אין ווייסן פּערז, יונגע יאָרן (ג׳ אין מעקסיקע, 1952), אַ ברייטע פּאָעטישע שילדערונג פון דער איידלסטער ליטע, אָבער ער קערט זיך ווידער אום צו קענטאָקי, איבערזעצנדיק אַליין דאָס ווערק אויף העברעיִש, וואָס ווערט, באַזונדערס אין ישראל, שטאַרק געליבט. ער אַליין, דער מחבר, האַלט קענטאָקי פאַר זיין „ילד שעשועים״ (אין אונטערוויו פון א. טאַבאַטשניק פאַר דער רעקאָרדירטער אַנטאָלאָגיע, די שטים פון יִדישן פּאָעט, אין די צוקונפט 1964, זז׳ 34־41).

# נייערד

# קענטאקי

## פּאָעמע

## 1

### נאָכן בירגערקריג

ברייט, אָפֿן, פֿרײַ געלעגן איז דאָס לאַנד,
געצויגן זיך צו ווײַטע האָריזאָנטן.
דער זאַמדיק רויטער טראַקט האָט זיך געשטרעקט
אַ ווײַטער און אַ פֿרעמדער און אַן איינזאַמער,
באַזוימט מיט נידעריקע, ווילדע פֿלאַנצן
פֿון אומבאַקאַנטע ווילדע קרײַטעכער[1]
מיט ברייטע בלעטער. פֿרײַע שטרעקעס לאַנד,
וווּ ס׳איז דער אַקער נאָך ניט דורכגעפֿאָרן,
פֿאַרלאָזן, רוי, מיט זאַפֿטיקן, געדיכטן גראָז,
מיט דעמפּע, ווילדע וועלדלעך, דאָ און דאָרט,
וווּ איין בוים וואַקסט־אַרײַן אין צווייטן בוים,
און וואָרצל פֿלאָנטערט זיך אין צווייטנס וואָרצל.
און פֿון דעם אַלץ האָט הייס און פֿרעמד געשלאָגן
אַן אומבאַקאַנטער טראָפּישער געשמאַק

---

[1] גרינסן, גראָזן.

פֿון בליזונג און צעפֿוילטקייט. איבער דעם
האָט זיך געבויגן כוואַליענדיק און ראָז
דער הימל, דער פֿאַרנאַכטיקער, פֿון דרום־לאַנד.
און ס'איז די גאַנצע לאַנדשאַפֿט אויסגעוואַקסן
אַ ליכטיקע, אין זיך אַליין פֿאַרשלאָסענע,
מיט רויטע ביימער און מיט ראָזע פֿלאַכן.

און פֿון דעם בלויען מזרח־האָריזאָנט,
און מיטן פּנים צו דעם ברענענדיקן מערבֿ,
איז מיטן רויטן טראַקט דער וואַנדערער
געקומען מיטן פּאַק אויף זײַנע פּלייצעס.
די הויכע ביינערע פֿיגור געבויגן —
טראַמפּ־טראַמפּ, טראַמפּ־טראַמפּ, אין ווייכן, רויטן זאַמד.
פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס, פֿון אַלטן קעסלהוט
און ביז די האַרטע אײַנגעדאַרטע שטיוול,
פֿאַרבאַקן אין דעם מעליק ווײַסן שטויב.
דאָס געל און שפּיציק בערדל אָפּגעברענט פֿון זון.
די אויגן אָנגעשטרענגט, מיט בלוט פֿאַרלאָפֿן,
מיט גאָר דעם צער אין זייער ראָזער טיפֿקייט —
טראַמפּ־טראַמפּ, טראַמפּ־טראַמפּ, אין ווייכן, רויטן זאַמד.

איז געקומען דער ייִד פֿון דער ווײַט אין דער פֿרעמד,
מיט די וווּנדיקע פֿיס, מיטן האַרצן וואָס קלעמט,
מיטן פּאַק אויף דער פּלייצע, מיטן שטעקן אין האַנט,
אין דעם נײַעם און פֿרײַען און ריזיקן לאַנד.

בלוי, ווונדערלעך האָט זיך געזעצט די נאַכט.
צו ערשט האָבן די פֿאַרבן זיך געלאָשן.
פֿיאָלעט האָט זיך געמישט מיט בלוי און רויט.
צו לעצט האָט איין קאָליר אַרומגעכאַפּט די וועלט:
אַ טיפֿער און געדיכטער בלוי. אין מערבֿ בלויז

האָט לאַנג געברענט אויף ווײַטע שוואַרצע בערג
אין רויטער, טיפֿער שטרײַף. און ערשטע שטערן —
זיי האָבן נאָענט און רויט זיך דורכגעווונקען.
און מיטן אָנקומען פֿון דרומדיקער נאַכט
האָט זיך די גרויסע פֿרישקייט אויפֿגעהויבן:
עס האָט די ערד געהויכט פֿון זיך מיט זאַפֿטן,
געשטראָמט מיט ערדיקע צעהיצטע ריחות
און זיך אין בלויער, קילער לופֿט צעפֿלאָסן,
און ס׳איז געווען ווי וואַסער פֿאַרן דאָרשטיקן,
ווי שטאַרקער ווײַן פֿאַר דעם פֿאַרמאַטערטן.

איז ער געגאַנגען, און געגאַנגען, און געגאַנגען,
ביז עס האָט פּלוצעם, בײַ דעם אויסבייג פֿונעם וועג,
דער ישובֿ פֿאַר די אויגן אויפֿגעפּראַלט:
פֿון בלויער, שטילער פֿינצטערניש פֿון וואַלד און פֿעלד
האָט פּלוצעם, אומגעריכט, אַ שלאָג געטאָן
מיט קלאַנג, געזאַנג און רויטע פֿײַערן.
דאָס פֿאָלק פֿון אַלע נידעריקע הײַזלעך
געווען איז אויסגעשאָטן, קינד און קייט,
אין מיטן גאַס אַרום די פֿײַערן:
עס האָט געפּײַפֿט, געקלאַפּט אין מעש און בלעך,
געצימבלט אויף באַנדורעס [2] און געזונגען;
געטאַנצט משונהדיקע ווילדע טענץ
מיט יעדן גליד פֿון קערפּערס, פֿון האַלב־נאַקעטע.
ווילד, רויט, בײַם רויטן שײַן פֿון פֿײַערן,
האָבן געגלאַנצט די שוואַרצע פּנימער
מיט רויט פֿאַרצויגענע און שווערע אויגן.
דער פֿײַערדיקער היימישער געברייטער [3] טרונק

[2] אוקראַיִנישע גיטאַרע מיט 6 סטרונעס. — [3] געקאָכט.

איז אומגעגאַנגען הייס פֿון מויל צו מויל.
און שווערע נעגערטעס, מיט רויטע אוירינגען,
זיי האָבן הייזעריק און הייס געקאַטשעט זיך,
געפּאַטשט זיך אין די היפּטן פּאָר געלעכטער.
און קינדער נאַקעטע, מיט קעפּ פֿון שוואַרצן וואָל,
זיי זײַנען איבער פֿײַערן געשפּרונגען,
ווי יונגע וואַלדיקע און ווילדע מאַלפּעס,
און אויפֿגעהויבן וואָלקנס שטויב, אַרויף
צו דעם פֿאַררויטלטן און שוואַרצן הימל.
עס האָבן גרויסע, שוואַרצע הינט געבולן
און פֿעטע קעץ געדרייט זיך אין געווימל.

און דורך דעם רויטלעך שוואַרצן נעפּל איז דער ייִד
אַדורכגעגאַנגען מיטן שווערן פּאַק —
און מאָדנע נאָענט, באַקאַנט פֿון אַלטער צײַט,
איז אים דאָס פֿאָרגעקומען: ס׳איז געווען,
ווי ער וואָלט דאָס מיט יאָרן פֿיל צוריק
אַליין עס דורכגעלעבט, און דורכגעמאַכט.
איז ער געגאַנגען דורכן רויטן שטויב
און ס׳האָבן פֿרעמדע הינט אים נאָכגעבולן,
און שוואַרצע קינדער האָבן נאָכגערופֿן,
און שווערע ווײַבער האָבן נאָכגעלאַכט,
און רויטע אויגן האָבן נאָכגעגלאַנצט —
ביז ער איז דורך דעם רויטן ווילדנלאַגער
אַרויס צום שוואַרצן פֿעלד, ווו ס׳ציִען זיך
די אַלטע נידעריקע פֿאַרעם־הײַזער,
אַראָפּגעלאָזט דעם פּאַק פֿון זײַנע פּלייצעס,
און אָנגעקלאַפּט אין ערשטער בעסטער טיר.

האָט זיך פֿון הויז דערטראָגן אַ גערודער:
דער שווערער ריגל האָט זיך לויז געמאַכט,

די טיר האָט זיך געעפֿנט פֿאַרזיכטיק,
און אין דעם שוואַרצן חלל פֿון דער טיר
האָט זיך אַ הויכע, ווײַסע, מענטשלעכע פֿיגור
באַוויזן, מיט דער שוואַרצער רער פֿון ביקס
פֿאָרויס אַרויסגעשטעלט, און ס׳האָט אַ קול,
אַ הייזעריק פֿאַרשלאָפֿן קול, געשיפּעט:
— ווער ביסטו? האָט דער מאַן פֿון פּאַק געענטפֿערט:
— אַ ייִד וואָס זוכט ווו צושפּאַרן דעם קאָפּ.
כ׳בין אויסגעמאַטערט פֿון דעם שווערן וועג.
—ווי קומסטו דאָ? — איך טראָג מײַן האַנדל מיט.
די נאַכט איז צוגעפֿאַלן. איך בין מיד.
די פֿיס זײַנען אין ווונדן. לאָז אַרײַן!
וועל מאַכן אַ געשאַנק דײַן ווײַב פֿון פּאַק.
האָט זיך די רער פֿון ביקס אַראָפּגעלאָזט.
דאָס קול האָט ווייכער אויסגעקלונגען: — וואַרט!
דערנאָך איז די פֿיגור אין ווײַס אַרויסגעקומען,
אין האַנט אַן אָנגעצונדענע לאַמטערן,
האָט ביז צום ייִדנס אויגן צוגעטראָגן
די ברענענדע לאַמטערן, אים באַקוקט,
פֿון אויבן ביז אַראָפּ, און צוגעוואָרפֿן: — קום!
האָט ער אים אין דער שטאַל אַרײַנגעפֿירט,
אים אָנגעוויזן אויף אַ באַרג מיט היי,
אַ זאָג געטאָן מיט האַרץ: — דו זאָלסט ניט רויכערן,
ועסט נאָך אַוועקשיקן די שטאַל מיט פֿײַער
צוזאַמען מיטן פּאַק און מיט די בהמות.
גיב אַכטונג! זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון שטאַל,
פֿאַרשליסנדיק דעם טויער הינטער זיך.

## אַ נאַכט פֿון חלומות

אין שטאַל איז וואַרעמלעך געווען און שמעקעדיק:
עס האָט געשמעקט מיט טרוקן, וואַרעם היי
און שווייסיקן געשמאַק פֿון פֿערד און קו.
די קו האָט שלעפֿעריק געמעלה־גרהט
און ס׳האָט דאָס פֿערד געשנאָרכט, געשמיסן מיטן עק.
עס האָבן גרילן אין דער נאַכט געקלאַפּט,
געצויגן מאָנאָטאָן און לאַנג, זיך אָפּגעהאַקט,
זיך אײַנגעהערט אַ רגע צו דער שטילקייט
און ווידער אין דער נאַכט אַרײַנגעגרילצט.
פֿון ווײַט האָט זיך דערטראָגן נאָך אַ זינגען,
אַ שלעפֿעריקער קלאַנג פֿון אַ באַנדורע.
ס׳איז אויפֿגעקומען העל אַ שפּעטיקע לבֿנה,
און דורך די פֿענצטערלעך, די אָפֿענע, בײַם דאַך,
האָט זיך געלייגט די שײַן אין ווײַסע קעסטלעך;
און ווו אַ קעסטל שײַן איז אויסגעפֿאַלן,
און אויפֿן היי, ווו ס׳איז דער ייִד געלעגן,
האָט איטלעך שטענגל היי רעליעף געלויכטן
און אויסגעקוקט אַ פֿאַסיקל פֿון זילבער.
עס זײַנען פֿרישע ווינטלעך אומגעגאַנגען,
געווייט אין ייִדנס פּנים, אויף די פֿיס און הענט,
און ווי עס וואָלט זײַן גוף אַרײַנגעזונקען
אין פֿרישע, קילע, ווייכע וואַסערן,
אַזוי האָט זיך זײַן יעדעס גליד באַרויִקט,
זיך אויסגעצויגן שלומערדיק, פֿאַרגעסן זיך,
אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן שלאָף.

האָט זיך אַ נאַכט געצויגן אין דער אייביקייט
מיט שטיקלעך זונען אָפּגעבראָכענע,

מיט פּיצלעך רויטע, בלויע, גרינע שטערן,
וואָס זײַנען אין אַ כאַאָסדיקן הימל
פֿון בלויער פֿליסיקייט אַרומגעשווומען.
און אין דער בלויליך בלאַסער פֿליסיקייט
דאָ זײַנען גרינלעך רויטע, דיקע שטראַלן
צונויפֿגעשווומען זיך און זיך באַהעפֿט
אין רעגנבויגן־שטאַפּלען פֿון אַ לייטער,
וואָס איז געהאַנגען מיטן שפּיץ אויף גאָרנישט.
און אויפֿן לייטער האָבן שוואַרצע שדימלעך,
מיט רויטע, בליצנדיקע, שאַרפֿע אויגן,
אַרויף — אַראָפּ, אַרויף — אַראָפּ, געדראַפּעט זיך:
די לופֿטיק בויגעוודיקע דינע גלידער
געשטראַלט מיט שוואַרץ און בלויער פֿליסיקייט;
געוויגט זיך דרייענדיק און שנעל אין לייטער,
אַרויסגעשטעקט די רויטע לאַנגע צינגער,
פֿאַרגאַנגען אין אַ הילכיק וואַלדיק קוויטשען,
און אים געטאָרעט און געצופּט בײַם בגד.
דערנאָכדעם איז דאָס אַלץ צעפֿלאָסן זיך:
ס'איז אַנגעשטאַנען אויף דער וועלט אַ פֿינצטערניש,
געדיכט און שווער און בולט, ווי פֿון שוואַרצן גלאָז,
מיט רויטע שטערן אײַנגעפֿאַסט אין שוואַרצס.
און פּלוצעם — זע! — פֿון פֿינצטערניש אַרויס
האָט אָנגעהויבן אויסוואַקסן אַ וואַלד,
אַ קאַלטער וואַלד פֿון גלאַנצנדיקע ביקסן,
וואָס האָבן זיך אויף אים געקוקט פֿון יעדער זײַט
און אָפּגעשלאָסן יעדן וועג פֿאַר אים.
האָט זיך זײַן יעדער אָבער אָנגעשטרענגט,
זײַן האַרץ האָט אין זײַן ברוסט זיך אָפּגעשטעלט.
און פּלוצעם האָט ער לײַכט און פֿרײַ און פֿליסנדיק
זיך אויפֿגעהויבן שווימענדיק אין לופֿט.

זײַן קערפּער לײזט זיך אויף: אַ מאַך נאָר מיט דער האַנט,
אַ רודער מיטן פֿוס — ער שווימט, ער שווימט,
און רירט־אָן רויטע שטערן מיט דער האַנט
און שטיקלעך בלאַסע אָפּגעקילטע זונען.
און דורך די לאַנגע פֿלאָנטערנישן פֿון דער נאַכט
איז אין דעם הינטערגרונט פֿון מידן מוח
ניט אָפּגעשטאַנען אויף אַ ווײַל זײַן קלעמעניש,
זײַן בענקעניש אַהײם נאָך ווײַב און קינד.
און איטלעך גליד זײַנס האָט אין שלאָף געלעכצט,
ווי ס׳לעכצט דער דאָרשטיקער נאָך פֿרישן וואַסער,
און אינעם האַרצן האָט געפּרעסט, געקלעמט,
געריסן זיך מיט שטומען ברומעניש.
און ווי אַ קינד וואָס קלאָגט זיך פֿאַר זײַן טאַטן,
אַזוי האָט ער געקלאָגט זיך פֿאַרן האַר
פֿון אַלע וועלטן, אויסגעוויינט זײַן האַרץ.
געזאָגט קאַפּיטלעך תּהילים מיטן האַרץ,
מיט יעדן גליד, מיט יעדן טראָפּן מאַרך,
און זאָגנדיק האָט ער געהערט דעם ניגון,
דעם אַלטן פֿײַערלעכן תּהילים־ניגון,
און טרערן זײַנען שטום און שטיל געפֿלאָסן,
געקוועלט פֿון די צונויפֿגעפּרעסטע אויגן.
פֿאַרעקשנט הייס האָט זיך געריסן דאָס געבעט,
די אַלטע תּפֿילה פֿון דעם פֿאָטער יעקבֿ,
ווען ער איז אין דעם פֿרעמדן לאַנד געקומען:
„גיב ברויט צום עסן און אַ קלייד צום אָנטאָן״ —
פֿאַר אים, פֿאַר איר, פֿאַר זײַנע בלאַסע קינדער.
נאָר אַז דער בלויער מאָרגן האָט דערנענטערט זיך
און פֿייגל האָבן זיך גענומען איבעררופֿן,
האָט זיך זײַן אָנגעווייטיקט האַרץ באַרויִקט.
האָט ער דערזען זיך אין אַ פֿעלד אַ גרינס,

באַגאָסן מיט אַן אומגעהויער ליכטיקייט:
עס שפּראָצט, עס גרינט, עס בליט, עס פּליסט מיט ברויט,
מיט קרעפטן פון די ערשטע זיבן טעג.
און זע: ער האָט זיך אָנגענומען אין דעם גרונט,
אין שוואַרצלעכן, אין פעטן, ווילדן גרונט.
ער שפּירט, ווי ער שלאָגט וואָרצלען אין דער ערד,
און ס׳זויגן זיך די וואָרצלען אין דער ערד.
אַ בוים, אַ דעמבנבוים, צעוואַקסט זיך ברייט
מיט פרישע, יונגע צווײַגן, גרין באַדעקט,
מיט ווייכע, שמעקנדיקע, יונגע בלעטער.
און פרישע ווינטלעך גייען איבער אים
און פייגל צווויטשערן און נעסטלען אויף זײַן קאָפּ.
ס׳הענגט איבער אים אַ קילע רונדע זון
און גלעט, און צערטלט אים מיט דינע שטראַלן — — —

איז ער געבליבן ליגן שטיל אין היי:
באַלויכטן גרינלעכבלוי אין מאָרגנליכט.
האָט ער צעעפנט ווײַט און ברייט די אויגן.
דאָס האַרץ האָט הויך אין אויפרעגונג געקלאַפּט,
און פונעם האַרץ אַרויס האָט אים געזונגען
אַ תּפילה צו זײַן האַר אַזוי:

„גאָט פון אַברהם,
פון יצחק און פון יעקבֿ, וואָס דו האָסט דײַן קנעכט
געפירט אַהער, און וועסט מיך ווײַטער פירן —
מסתּמא איז דײַן רצון און דײַן ווונטש
מיך אין דער ווילדערניש אַהער פאַרזייען,
באַקאַנט מאַכן דײַן נאָמען צווישן פעלקער.
זאָלסט דײַן פּנים ניט פאַרשטעלן פון דײַן קנעכט,
מיך פירן דורך געפאַר און לייד און פינצטערניש,
אַזוי ווי דו האָסט לאַנג צוריק געפירט,

דורך גאַנצע פֿערציק יאָר, דײַן פֿאָלק, דײַן אויסדערוויילטס,
צו דעם געווינטשטן און פֿאַרשפּראָכן לאַנד. אָמן!״

## פֿרימאָרגן

דער גוי האָט אויפֿגעפּראַלט די טויערן פֿון שטאַל
און ס׳האָט אַ שפּריץ געטאָן אין קילער שטאַל
מיט רויטן ליכט פֿון אויפֿגייענדער זון.
עס האָט אַ בליץ געטאָן אין פֿרעמדן אויג
די נײַע אומבאַקאַנטע פֿרישע וועלט
מיט בלויע הימלען און געדיכטן גראָז,
מיט ווײַטן וואַלד, מיט גרינער בלעטערקרוין,
מיט נאָענטע פֿרוכטביימער באַדעקט מיט טוי,
מיט ווײַסע אָפּגעקאַלכטע ווענט פֿון הויז,
וואָס באָדן זיך ביז די פֿענצטער טיף אין גרינס.
איז אָנגעקומען שטיל די באַלעבאָסטע,
אין געלער שטרויהוט מיט די ברייטע ראַנדן,
אַ בליץ געטאָן אויף אים מיט גוטע אויגן,
מיט אָפֿענעם און זון־פֿאַרברענטן פּנים,
מיט ווײַסן לײַוונט פֿון דעם שטוביקן קלייד,
און זיך אַראָפּגעזעצט די קו צו מעלקן.
די ווײַסע שוימענדיקע שטראָמלעך מילך —
זיי האָבן זינגענדיק און פֿלינק געקלאַפּט,
געטענצלט אין דער דעק פֿון גלאַנצנדיקן בלעך,
און ס׳האָט פֿאַרשמעקט מיט וואַרעמקייט און זעט.
דער גוי האָט אים אַרויסגעפֿירט צום ברונעם,
און אַז דער פֿרעמדער האָט זיך אָפּגעפֿרישט
מיט קאַלטן, קלאָרן וואַסער — איז די טאָכטער
אַנטקעגן שוין געקומען מיט דעם האַנטעך
פֿון הימיש גראָבן ווײַסן לײַן געשפּונען.

דאָס קליינוואַרג מיט די פֿינגער אינעם מויל,
מיט שטעכיק ווײַסע האָר און בלויע אייגלעך —
זיי האָבן שרעקעדיק דעם פֿרעמדן נאָכגעקוקט,
געביטן זיך, ווי געגנדז, אויף ברוינע פֿיסלעך,
געקניפּן איינס דאָס אַנדערע, געשטופּט זיך.
ביז ס'האָט דער באַלעבאָס זיי אָפּגעיאָגט
און אײַנגעלאַדן דעם פֿרעמדן צו דעם טיש.
האָט זיך דער ייִד באַדאַנקט, דערקלערט דעם גוי,
אַז פֿריִער מוז ער דאַוונען, לויבן גאָט.

האָט ער זיך אײַנגעוויקלט אין דעם טלית,
אין גרויסן טלית מיט די שוואַרצע פּאַסן,
זיך אָנגעטאָן אין די פֿירעקנדיקע קעסטלעך
מיט הענגענדיקע שוואַרצע רימענדלעך —
איז מאַן און ווײַב און קינד געבליבן שטיין
פֿאַרוווּנדערט און פֿאַרגאַפֿט. דער מאָדנער מענטש
האָט אומגעקערט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט,
פֿאַרמאַכט די אויגן זײַנע און מיט ברען
געוויגט, געוויגט דעם ביינערדיקן גוף.
דערנאָך האָט ער פֿון ס'נײַ די הענט געוואַשן,
האָט ווידער אָפּגעזאָגט אַ קורצע תּפֿילה —
ערשט דאַן גענומען אײַנברעכן דאָס ברויט.
צום פֿלייש אַפֿילו זיך נישט צוגערירט.
געזעסן מיטן היטל אויפֿן קאָפּ
און האָט געטונקט דאָס שוואַרצע ברויט אין מילך.
האָט זיך דער באַלעבאָס מיט אים צערעדט,
געחידושט זיך אויף אַלע וווּנדערלעכע זאַכן,
וואָס ער האָט דאָ צום ערשטן מאָל דערזען.
ער איז, זאָגט ער, שוין אויסגעוועזן אַ וועלט
און נישט געזען, און נישט געהערט אַזוינס.

דעם בגד מיטן פּאַס פֿאַרשטייט ער נאָך.
נאָך וואָס אָבער די קעסטעלעך מיט די רימענס?
און דאַוונען אַלע יִדן פּונקט ווי ער?
אויף דעם האָט זיך דער ייִד צעשמייכלט שטיל:
— אַ פֿרומער ייִד — האָט ער דערקלערט — באַדאַרף
צו טאָן, ווי ס׳שטייט אין אַלטן טעסטאַמענט.
ווי גאָט האָט מאָזעסן, זײַן קנעכט, באַפֿוילן.
האָט זיך דער גוי נישט אויפֿגעהערט צו חידושן,
געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ער האָט
ביז הײַנט צו טאָג אַזעלכעס נישט געהערט.
און ווען עס איז געקומען נאָך דער סעודה
און ס׳האָט דער ייִד געשלאָסן זײַנע אויגן,
גענומען ווידער שעפּטשען שטילערהייט —
דאָ האָט דער גוי צום ווײַב זײַנעם געוווּנקען:
אַ פֿרומער מאַן, ער האַלט נאָר אין איין דאַוונען...

נאָר אַז דער ערשטער ווונדער איז פֿאַרבײַ,
דאַן האָבן זיך די מענטשן היימישער דערפֿילט.
דער גוי האָט ברייטלעך, אויפֿגעלייגט, פֿאַררויכט
די קורצע, שוואַרצע ליולקע. און דער ייִד
האָט זיך צערעדט, אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן.
ער קומט, זאָגט ער, פֿון גיהנום, פֿון אַ שטאָט,
וווּ מענטשן לעבן נישט, נאָר פֿאַלן אינעם יאָך.
ער האָט געפּלאָגט זיך אין דעם ווילדן כּרך,
געשנײַדערט פּופּצן לאַנגע שעה אין טאָג.
זיך אומגעוואַלגערט אין אַן ענגער לאָך,
קיין טראָפּן לופֿט, קיין פּיצל שײַן געזען.
האָט אָנגעהויבן טריקענען זײַן לײַב
און איטלעך ביין זײַנס האָט דערשפּירט דעם טויט.
האָט אין זײַן האַרצן אָנגעהויבן וויינען

אויף זיך אַליין, אויף זײַנע יונגע יאָר,
און זײַן דערבאַרעמונג האָט זיך געוועקט
צו די יתומים זײַנע לעבעדיקע,
וואָס ער האָט יאָרן לאַנג שוין נישט געזען
אין וואָגלעניש צו זוכן ס׳שטיקל ברויט.
האָט ער זיך מיטן פּאַק געלאָזט אין וועג —
דאָ האָט ער כאָטש אַ הימל איבער זיך.
די וועלט איז ברייט און מענטשן זײַנען גוט.
אַ ייִד ווערט ניט פֿאַרפֿאַלן, ווי זיי זעען.

דער גוי האָט שטיל, געלאָסן אַלץ געפּיפּקעט,
זיך צוגעדעקט מיט פֿאַרהאַנגען פֿון רויך,
אַרײַנגעשטעלט אַ ווערטל דאָ און דאָרט —
און ס׳האָט די גויע זיך געווישט די אויגן.

— וואָס דען? — זאָגט ער — אַ ייִד לעבט מיט בטחון,
ער גלייבט אַז אים וועט אויך ניט גאָט פֿאַרלאָזן!
און וואָס פֿאַרלאַנגט ער דען? עשירות? געלט?
ער וויל זיך בלויז דערשלאָגן צו אַ ברעג
און וויסן, אַז דאָס איז דאָס פּלאַץ פֿון רו,
וואָס גאָט האָט אים באַשערט. ער איז שוין מיד.
אַז יעדעס גליד זײַנס שרײַט און לעכצט נאָך רו,
אַן אייגן דאַך, אַן אייגן ווינקל זײַנס.
ער גאַרט נאָך אַרבעט מיטן שווייס פֿון פּנים.
ער זוכט דען מערער ווי דאָס שטיקל ברויט?
ער האָט, זאָגט ער, געוואַנדערט אין דער לענג און ברייט
פֿון גרויסער, נײַער וועלט. דאָס לאַנד איז רײַך,
איז פֿריש און יונג. די מענטשן זײַנען רוי.
דערפֿאַר באַהאַלט זיך אונטער זייער שאָלעכץ
אַ האַרץ אַ גוטס מיט מיטגעפֿיל צום פֿרעמדן.
ער האָט געזען, זאָגט ער, די ערשטע ייִדן

באַזעצן זיך צווישן קריסטן שכנים —
פֿאַרנעמען זיך מיט האַנדל פֿונעם לאַנד.
מען קויפֿט אַ פֿעל, אַ בינטל וואָל און פֿוטערוואַרג.
מעטאַלן זײַנען דאָ לרובֿ — מען האַנדלט,
מען אַרבעט פֿלײַסיק און מען האָט חיונה.

דער גוי איז שטיל געזעסן און געטראַכט,
אַרײַנגעקוקט אין ייִדנס מידן פּנים,
געלאָסן אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן זיץ,
אַרויסגעקלאַפּט דאָס גרויע אַש פֿון ליולקע
און אָנגעקלאַפּט דעם ייִדן אויף דער פּלייצע:
— זאָלסט הײַנט פֿון דאַנען ניט אַוועקגיין, ייִד!
איך וועל זיך הײַנט צונויפֿטרעפֿן מיט שכנים.
מען וועט זיך דורכריידן מיט זיי. מ׳עט זען.
און צוגעשריגן פֿון דער שוועל צום ווײַב:
— ניט לאָז דעם ייִדן רירן זיך פֿון פּלאַץ!

## דער סוף פֿון פּאַק

אַז ס׳האָט דער טאָג דערנענטערט זיך צום סוף
און שטראַלן זײַנען ראָז און קרום געפֿאַלן,
דאַן זײַנען זיך צונויפֿגעקומען שכנים.
עס זײַנען אָנגעקומען שווערע באַלעבאַטים
מיט די פֿאַרגרעבט מגושמדיקע הענט,
מיט רויט־פֿאַרפֿלאַמטע פּנימער און קאַרקן
און אַלע אין די ברייטע, ווײַסע פּלודערן,
מיט העמדער ברייט צעקנעפּלטע בײַם האַרצן,
מיט ברייטע הויכע שטרויהיט אויף די קעפּ.
דער איינציקער, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט,
געווען איז דער הויכער, דינער פּאַסטאָר,
געקליידט אין שוואַרץ, פֿאַרשפּיליעט ביז צום האַלדז

אויף אַלע קנעפּ. און נאָך די מענער זײַנען
די פֿרומע, שטילע ווײַבער נאָכגעקומען
מיט דינע און פֿאַרשנירטע ליפּן,
צוריקגעצויגענע און שטילע, נאָר די אויגן —
זיי האָבן נײַגעריק און פֿלינק געדעדט,
געגליטשט זיך פֿון איין פּנים אויפֿן צווייטן.
מען האָט זיך אויפֿן גאַניק אויסגעזעצט,
די מאַנסלייט פֿאַר זיך און די ווײַבער פֿאַר זיך,
און באַלד האָט אָנגעהויבן גיין אַ רויך,
פֿון וויפּל מענער פּונקט אַזוי פּיל רויכלעך,
(ס'האָט נאָר פֿון דינעם פּאַסטאָר נישט גערויכערט)
די באַלעבאָסטע האָט געבראַכט פֿון קעלער
דעם שווערן קרוג מיט קאַלטן עפּלטרונק,
וואָס האָט געבלעזלט ביז די שוואַרצע ראַנדן,
איז אומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן
באַדינענדיק די רויכנדיקע געסט.

דער ייִד, דער פֿרעמדער וואָס ער איז, איז שטיל
און פֿרעמד געזעסן צווישן פֿרעמדן עולם,
האָט שעמעוודיק פֿון ווינקלאויג, באַטראַכט
די דעמבענע און אײַנגעוואָרצלטע אין גרונט,
די שווערע בעלי־גופֿים מיט די קאַרקן —
האָט אים שוין באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק.
האָט ער זיך אומבאַהאָלפֿן, שוואַך דערשפּירט.
איז ער געזעסן אומעטיק, פֿאַרקלערט,
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, דעם קאַרק געבויגן,
און נישט געוואַגט די אויגן אויפֿצוהייבן.

האָט אָנגעהויבן שטיל דער באַלעבאָס
צו ריידן: — שכנים! — האָט ער אָנגעהויבן —
איך האָב אײַך אַלעמען דערציילט פֿון ייִדן.

אָט זיצט ער דאָ אַ פֿרעמדער צווישן אונדז —
וואָס קאָן מען פֿאַר אים טאָן? דאָ האָט דער פּאַסטאָר,
אַ שטילער, אַ געלאַסענער, זיך אָנגערופֿן:
— צו ערשט לאָמיר דעם ייִדן אויסהערן
און נאָך דעם וועט מען זען! איז דאָס געפֿעלן
און אַלע האָבן צוגעברומט: — גערעכט, גערעכט.
האָט זיי דער ייִד דערציילט זײַן מעשׂה פֿון דאָס נײַ.
נאָר מער פֿון אַלץ האָט זיי גערירט דער צער,
וואָס האָט אַרויסגעוויינט פֿון זײַנע אויגן,
דער שטומער אָפּטער זיפֿץ, וואָס האָט באַגלייט
די נאָענטע ווערטער מיט דער פֿרעמדער אויסשפּראַך
און מיט דעם פֿרעמדן ניגון. נאָר דער צער
פֿון עלנטן און היימלאָזן האָט זיך געשפּירט
אין יעדן טאָן, אין איטלעך אומפֿאַרשטענדלעך וואָרט.
און אַז דער ייִד האָט אויפֿגעהערט צו ריידן,
איז מען אַ ווײַל געזעסן שטיל, די קעפּ
געבויגן אין דעם רויטן אָונטשײַן,
און האַרץ האָט שטום גערעדט צו האַרץ; פֿאַרהאַרטעוועט,
פֿאַראײַזנט ווי זיי האָבן אויסגעקוקט,
האָט דאָך געענטפֿערט זייער האַרץ אויף לייד,
ווײַל זיי אַליין האָבן אין פֿריִער קינדהייט
געוווּסט דעם טעם פֿון עלנט און פֿון לייד,
געהערט פֿון פֿאָטערס און פֿון אַלטע זיידעס,
די ערשטע פּיאָנערן פֿון דעם קאַמף
אויף טויט און לעבן מיט דעם רויטן מאַן,
פֿון שלאָפֿן מיט דער ביקס אין האַנט, פֿון מורא
פֿאַר פֿלוצעמדיקע פֿײַערן און טאָמאַהאָק [4].

[4] אינדיאַנער האַמער צום שלאָגן, מיט אַ שפּיץ פֿאָרנט.

און ס׳האָט דער צער פֿון עלנטן און פֿרעמדן
דאָ אָנגערירט די בראַווע, שטומע הערצער.

האָט אויפֿגעשטעלט זיך דאָ דער דינער פּאַסטאָר,
אַ גלעט געטאָן דעם הויכן בלאַסן שטערן
און קלאָר, געלאַסן זיך גענומען ריידן.
האָט אָנגעהויבן פֿון די פּאַטריאַרכן:
פֿון אייבראַהאַם, פֿון אײַזיק און פֿון דזשייקאָב,
דערציילט פֿון דזשאָזעפֿן אין פֿרעמדן לאַנד,
פֿון פּראָפֿעט מאָזעס מיט די צען געבאָט,
פֿון אַלטן קעניג דייוויד מיט די פּסאַלמען —
ביז ער איז צוגעקומען צו דעם זון פֿון גאָט,
דעם האַרן דזשיזוס קרייסט. דעריבער —
האָט ער פֿאַרענדיקט — זאָלסטו עפֿענען
דײַן טויער פֿאַרן פֿרעמדן וועלכער קלאַפּט!

האָט אָנגעהויבן איינער פֿון די שכנים,
דער אַלטער טאָמפּקינס מיטן פּנים פֿון אַ לייב
מיט גרויע האָר און גרויע ברעם און באָרד:
— מײַן אַלטער שײַער איז דאָס הויז בײַם וואַסער,
שטייט ליידיק, אָפּגעלאָזט. זאָל זיך דער ייִד
אַרײַנציִען אַהין און טאָן געשעפֿט!
וועל אים דערפֿאַר ניט רעכענען קיין געלט.
אויב ער וועט שפּעטער קאָנען, זאָל ער אָפּקויפֿן;
איך וועל פֿאַרקויפֿן ביליק.
— וויל, ס׳איז ווויל! —
האָט זיך דער באַלעבאָס באַדאַנקט מיט האַרץ —
וואָס טוט מען אָבער, וואָס דאָס פּלאַץ איז אַלט
און שטייט אין איין סכּנה אײַנצופֿאַלן?
מיר וועלן דאָך דערהרגען אונדזער ייִד... —

האָט ער געוויצלט.
— איך וועל געבן האַלץ,
וויפל נאָר מען באַדאַרף צו אויפריכטן דאָס הויז! —
האָט אָנגערופן זיך דער סוחר פון געהילץ.
— און מיר וועלן דאָס הויז און שטאַל פאַרריכטן! —
האָט אָפגערופן זיך פון יעדער זייט.
— מען דאַרף דאָך אָבער געלט צו פירן האַנדל —
האָט אַלץ דער באַלעבאָס נישט נאָכגעלאָזט.
— וועל אויספאַרקויפן סחורה פונעם פאַק,
וועט זיין געַנוג! — האָט איינגעשטעלט דער ייִד.
— פיין, פיין, אַ גוטער פּלאַן. מען דאַרף נישט בעסער.
היי, מוטער, גיב אָקערשט אַהער דעם פאַק!
און באַלד דערויף האָט זיך דער פאַק באַוויזן,
און זיך גענומען אויספּעקלען. עס זיינען
אַרויסגעקראָכן אויף דער ווייסער וועלט
געשטריקטע יאַקן וואָלענע פאַר ווייבער,
פון בלויען, רויטן, ראָזן, גרינעם וואָל,
מיט קליידער פון דעם פלאַמענדיקסטן זייד,
און טישטעכער מיט בלויע, רויטע קאָסטנס,
מיט שווערע גאָלדיקע געדיכטע פראַנדזן,
קאָלירט געשטרייפטע העמדער פאַר די מענער,
מיט ליולקעס פונעם גאָלדענעם בורשטין ,
און שווערע זילבער זייגערס ווי די ציבעלעס,
מיט לאַנגע ביישטן גלעזערנע קאָרעלן,
מיט בונטע פאַרבן ווי פון רעגנבויגן,
מיט ווייסע, זילבערדיקע טאַשנמעסערס,
מיט שטאָלענע, מיט גרין באַהויכטע קלינגען ,
מיט מייערקעפּלעך, מוטערפּערל, בייִן,
מיט גרינע, ראָזע שפּילצייג פאַר די קינדער,
מיט כל המינים פאַטשערקעס און ברילן.

און איבער דעם האָט צונטערדיק געברענט
אַ גרויסע רויטע פֿלאַמענדיקע זון,
אַז ס׳האָבן זיך די מענטשן אַזש פֿאַרזשמורעט,
זיך צוגעדעקט די אויגן פֿון די פֿלאַמען.
דער עולם האָט עס אָנגעקוקט פֿאַרגאַפֿט
פֿאַרבלענדט אַזש פֿון געשריי פֿון די קאָלירן,
ערשט שפּעטער זיך צעשמייכלט אין די וואָנסן.
די ווײַבער זײַנען אַלץ געזעסן שטיל,
ווי געגנדז געדרייט די העלדזער פֿון דער ווײַט,
און ס׳האָבן זיך די אויגן זיי געצונדן.
— היי, ווײַבער, איצט איז אײַער צײַט, אַהער,
באַווײַזט נאָר וואָס איר קאָנט! זײַנען די ווײַבער
געלאַסענע און שטילע צוגעקומען,
צו ערשט מיט אײַנגעהאַלטענע באַוועגונגען,
נאָר באַלד האָט זיך צעפֿלאַקערט דער יאַריד:
געוואָרן מערער אויפֿגעלייגט און היימיש,
די אויגן האָבן זיך צעברענט מיט פֿײַער,
די שטימען האָבן אויפֿגעלעבט געקלונגען,
די הענט האָבן געשיקט און שנעל געאַרבעט,
און איטלעכע געמאַכט פֿאַר זיך איר פּעקל.
די באַלעבאָסטע איז געווען פֿאַררויטלט,
פֿאַרהאַוועט אומגעלאָפֿן צווישן קונים,
איז יעדע ווײַל צום ייִדן צוגעקומען,
צו אויספֿרעגן דעם מקח פֿון אַ חפֿץ:
— דו, זאָג נאָר, וואָס די זאַך קאָסט דיר אַליין,
דעם פּרײַז וועל איך זיי שוין אַליין שטעלן...
און ס׳איז דער ייִד געזעסן אַ פֿאַרשעמטער
צווישן רויכנדיקע ווייצלדיקע מענער.

ס׳איז טונקעלער געוואָרן. מיט דער זון,

האָט אויך דער ברעג און פרייליכקייט געזעצט זיך.
די ווײַבער זײַנען אָפּגעקילט געוואָרן,
צוריק זיך אָפּגעטיילט אין זייער ווינקל.
די פּנימער זײַנען געוואָרן ערנסט,
מען האָט זיך אויפגעהויבן, זיך צעגעגנעצט,
און שווײַגנדיק גענומען זיך צעקריכן.
די מאַנסלײַט פאָרויס, מיט די ליולקעס רויך,
און הינטער זיי די ווײַבער מיטן ווײַסצײַג.
מען האָט געקלאַפּט דעם ייִדן אויף דער פּלייצע:
— ווי רופט מען דיך?
— דזשאָשוא.
— פײַנער נאָמען,
מיר וועלן פון הײַנט אָן דיך רופן: דזשאָש.
און מען איז זיך צעקראָכן אין דער נאַכט.

## אין נײַעם לאַנד כנען

אין פרישן, קלאָרן, זומערדיקן טאָג
האָט הויך געקלונגען דאָס געבראַזג פון אײַזנס.
דער ברייטער הויף איז פול געווען מיט ברוכוואַרג,
מיט שטיקער אַלטע שימלדיקע אײַזנס,
מיט טויזנטער פאַרשטויבטע אַלטע פלעשער,
וואָס האָבן זילבערן און גרין געגלאַנצט
אין שײַן פון הייסער דרומדיקער זון.
אַ טוצן הינער האָבן אומגעפּיקט אין הויף
און ס׳האָט דער גאַלאַגאַנער האָן מיט שפּאָרן
געשפּירט זיך יחסנדיק, און זיי מושטירט [5].
דער אַלטער שײַער איז געווען פאַרוואַלגערט

---

[5] קאָמאַנדעוועט (ווי איבער סאָלדאַטן).

מיט שמאַטעס, מיט פּאַפּיר, מיט פּערדנביין.
עס האָט געזעצט אין נאָז דער שאַרפער ריח
פון נאַס־פאַרבלוטיקטע געזאַלצטע פעלן,
און פליגן האָבן וואָלקנווייז געזשומעט.
די אַלטע חורבה ביים אַריינגאַנג־הויף,
אַרומגעשפּאַנט מיט שפּאַלן [6] אין דער קרום,
האָט יונג געגלאַנצט מיט אירע בלאַנקע שויבן,
דעם רויך געבלאָזן פון איר נייעם קוימען.
און אין דעם שאָטן פון דעם אַלטן שייער
געשטאַנען זיינען צוויי געבויגענע פיגורן:
אַ גרויסער שוואַרצער נעגער אויף די קני,
האַלב נאַקעט, גלאַנצנדיק, די רויטע צונג
פאַרביסן אין די טשטירענדיקע ציינער,
פעסט האַלטנדיק אַן אייזן אין די הענט,
און ס׳האָט דער ייִד געבראַזגעט אויפן אייזן,
געשווינגט [7] דעם שווערן האַמער און געשלאָגן,
און איטלעך מאָל, ווען ס׳איז דער האַמער אויסגעפאַלן
און אָנגעשלאָגן זיך אין גרויען אייזן,
האָט זיך דער נעגער אויף צוריק געכאַפּט,
ניט אָפּגעלאָזט די רויטע שווערע אויגן
פון פליִענדיקן האַמער אין דער לופט.
דעם ייִדנס פּנים איז געווען פאַרברענט.
דאָס געל און שפּיציק בערדל איז פון שטויב
געווען פאַרשוואַרצט. דערפאַר האָבן די אויגן
באַקומען גאָר אַן אַנדער פרייען ליכט.

די הויכע, בלאַסע, שווייגנדיקע ייִדענע
אין שוואַרצן שייטל אויפן קאָפּ, פלעגט אָפּט

---

[6] שווּעלן אונטער באַנליניעס. — [7] געוויגט (הין־און־צוריק).

אַרויסלויפֿן פֿון שטוב צו אויפֿזוכן
דעם קליינעם יאַנקעלע. דאָ טוט ער זיך
פֿאַרקלײַבן אויף דער הויכער קופּע אײַזן,
נישט ווּיסנדיק ווי קלײַבט מען זיך אַרונטער.
און דאָ שפּאַצירט עך אויף די שמאָלע באַלקנס
פֿון הויכן אַלטן שײַער, שפּרינגט אין וואָל,
און מאַכט דאָרט קאָזלקעס, דעם קאָפּ צו ברעכן.
און אָפּט מאַך־זטרעפֿט זי אים גאָר אויפֿן קאַרק
פֿון הויכן גראָבן גלאַנצנדיקן נעגער.
דאָס זיצט אים אויפֿן קאַרק און טרײַבט אים אָן,
און דריגעט אין אים מיט די ברוינע פֿיסלעך,
און פּלוידערט אַ משונהדיקן לשון.
דער נעגער טאַנצט און לויפֿט איבערן הויף,
און שפּרינגט מיט אײַזערנע און שוואַרצע פֿיס
אויף פּלעשער גלאָז און שטעכעדיקע אײַזנס.
און איר, דער מאַמען, פֿאַלט דאָס האַרץ אײַן, ציטערט,
דער ווילדער שוואַרצער מענטש, זאָל גאָט ניט שטראָפֿן,
זאָל נאָך דאָס קינד, חלילה, ניט צעשעדיקן.
נאָר ווען דער מאַן דערזעט דאָס בילד פֿאַר זיך,
דערמאָנט ער זיך אין יענער נאַכט אין שײַער —
ער שטייט און קוקט פֿאַרווּנדערט און פֿאַרגאַפֿט,
און זעט אין דעם אַ פֿינגער דאָ פֿון גאָט.

**2**

## נײַ לעבן

אַ ביימל שטייט אויף פֿעלדזיקן, אויף האַרטן גרונט —
די ווינטן שלאָגן, ברעכן זײַנע צווײַגן,
עס שׂרפֿהט אומדערבאַרעמדיק אַ געלע זון
און שיילט, און פּיצלט אים זײַן קראַנקע קאָרע;

אָט איז אַ שטיק אין גאַנצן אָפּגעפֿאַלן,
עס טריקנט ווונדיק יענער פּלאַץ און שמאַרצט,
און ווערט פֿאַרדאַרט, און ווערט פֿאַרברוינט, פֿאַרשוואַרצט,
און די געציילטע געלע בלעטלעך פֿונעם בוים —
זיי חלשן פֿון זון און צאַפּלען פֿונעם ווינט.
נאָר ס׳גראָבן זיך די וואָרצלען אין דער טיף
און קעמפֿן מיטן פֿעלדז אויף טויט און לעבן:
זיי שטרעקן זיך מיט דאָרשטנדיקע מײַלכלעך
און גראָבן זיך אַרונטער טויטע שטיינער
דורך זאַמדן טרוקענע, צו זוכן חיות —
ביז זיי דערשלאָגן זיך צום וואַסערדיקן גרונט.
און פּלוצעם — זע: פֿון בײַמל איז געוואָרן בוים!
די צווײַגן, אָדערן, ווי אָנגעדראָלן,
זיי זײַנען טונקל, שוואַרצלעך גרין געוואָרן.
די דאַרע אָפּגעלעבטע צווײַגן ווערן
פֿון נײַע צאַפּלדיקע צווײַגן אָפּגעשאָסן.
די קאָרע גלעט זיך אויס, ווערט ווייך און גלאַנציק,
און פֿריש, און זאַפֿטיק. און די בלעטער —
זיי מערן זיך און ווערן טונקל גרין.
זיי ווערן דיק און שווער, און אָנגעגאָסן.
דו קוקסט — און ס׳לייגט זיך אויף דער ערד אַ שאָטן,
עס גרינען פֿאַסן גראָז אין געלן זאַמד,
עס וויגן זיך די צווײַגן גרין אין געלער היץ
און ס׳לעבט דאָס גרין מיט פֿויגל און מיט קלאַנג.

די אַלטע שטוב האָט אויפֿגעלעבט פֿון ס׳נײַ,
מיט נײַע מענטשן פֿון אַן אַלטן שטאַם:
די קליינע שויבן האָבן זיך צעגלאַנצט
און אויף די טירן האָבן בלעכעדיק געשײַנט
די ווײַסע מזוזות. אויף דער קרומער וואַנט,

וואָס האָט געבלאָסט מיט פרישן קילן קאַלך,
האָט זיך גערויטלט און געגרינט אַ מזרח
פון גלאַנצנדיקן פאָדעמזייד געשטאָכן —
אַ ווייטער זכר פון די כלה־מיידל־יאָרן.
אַרום דעם מזרח — בילדער פון רבנים,
פון שטרענגע ייִדן מיט די הויכע שטערנס
און שוואַרצע, אַטלאַסנע קאַפּאָטעס, שטריימלעך,
מיט פּנימער פון דורכזיכטיקן פאַרמעט,
מיט הויקערדיקע נעז און לאַנגע בערד.
און עטוואָס אָפּגערוקט פון זיי — די פּנימער
פון צניעותדיקע מאַמעס, עלטער־באָבעס,
מיט שטילע אויגן און פאַרשנירטע ליפּן,
מיט שטערנטיכער אויף די שמאָלע קעפּ
און בלאַסע פּערל אויף די בלאַסע העלדזער.
און אַז די קרומע וואַנט פלעגט זיך אַ טרייסל טאָן,
פון דרויסנדיקן בראַזגען מיט די אייזנס,
דאַן פלעגן זיי זיך אָפּציִען פון וואַנט,
זיך איבערקוקן אויפגעלעבט, פאַרחידושט.
אין ווינקל, אויף דער ווייס געקאַלכטער פּאָליצע,
צוזאַמען מיט די מעשן בענטשלייכטערס
געשטאַנען זיינען שלעפעריק, אין זיך פאַרטיפט,
די אַלטע ספרים פון דער היים געבראַכט:
דער אַלטער רב בחיי אין די געלע ראַנדן,
דער גאַנג משניותן און פעלענער עין־יעקב,
מיט אותיות שפּיציקע פון אַמסטערדאַמער דרוק;
און באַלד דערנעבן, צוגעטוליעט ליב,
דער דורכגעוויינטער ווייבערישער טייטש־חומש
מיט שפּילקע־קעפּלדיקע הויקערדיקע אותיות,
מיט צאַצקעס שוואַרץ אויף ווייס אין געלן טעקסט.
אין הויז האָט שוין געשמעקט מיט ערדיק׳ בולבע,

מיט לעבעדיקער וואַרעמקייט פֿון הון;
און דורך די פֿענצטער פֿלעגט זיך אָפּט דערטראָגן
דער ריח, זאַלץ־פֿאַרבלוטיקט, פֿון אַ פֿעל.
נאָר פֿון אַ ווינקל, פֿון דער אַלטער שאַף,
האָט זיך געשפּרייט דער דינער בלאַסער ריח
פֿון אַלטן זייד פֿון מאַמעס היים, מיט געלבן וועש,
מיט שווערע קילע לייַוונט־טישטעכער,
וואָס האָבן נאָך פֿון אַלטער היים פֿאַרהאַלטן
דעם רייַכן געלן ריח פֿון אתרוגים,
מיט גרינע הדס־בלעטער פֿונעם לולבֿ,
מיט לאָרבער־בלעטער, זיסע שוואַרצע נעגעלעך,
פֿון אַלטער און פֿאַרשוואַרצטער בשׂמים־ביקס.

זעקס טעג אין וואָך האָט עס געבראַזגעט אויפֿן הויף
פֿון פֿרי ביז שפּעט אין שוואַרצער נאַכט אַרייַן.
אַ שפּראָץ אויף טאָג איז ער שוין אויסן הויז.
עס פֿאָרן־אָן די פֿורן. בייַטשן קנאַקן.
די אייזלען טאָפּטשען אייַנגעשפּאַרט. עס הירזשען פֿערד.
מען וועגט, מען מעסט, מען דינגט זיך אויף דער וואָג;
מען אַמפּערט זיך, מען קלינגלט מיט געלט.
עס שטייט אַ טומל, אַ געדיכטער שטויב —
ס׳געניגט קוים צייַט אין הייסער מיטאָג־שעה
אַרייַנכאַפּן די בולבע מיטן זויערמילך.
מיט איין אויג אויפֿן הויף, ווו הינער רירן זיך,
און ס׳ליגט דער נעגער אויסגעלייגט אין זון,
באַקלעפּט מיט מחנות בלוטדאָרשטיקע פֿליגן.
די ייִדענע איז אייַנגעשפּאַנט דעם גאַנצן טאָג
און גייט אַ שווייַגנדיקע אין דעם יאָך:
די קליינע פּערעלע איז שוואַך און בלאַס;

דאָס זיצט אַ שטילע, אַ פֿאַרטראַכטע, אויף דער זון,
מיט גרויסע אויגן אָפֿענע, וואָס זעען אַלץ
און זעען גאָר נישט, און זי חלומט.
דערמאָנסט איר ניט — פֿאַרגעסט זי זיך אין עסן.
דאָס יינגל איז אַ מזיק — מוז מען אויפּפּאַסן:
דאָס שפּרינגט אויף פֿורן, דראַפּעט זיך אויף אייזלען,
קרימט-נאָך און חוזקט-אָפּ פֿון ווײַס און שוואַרץ —
די גויים יאָגן זיך נאָך אים מיט בײַטשן.
דאָ קומט די יידענע פֿון הויז צו לויפֿן
און איז אים מציל פֿון דעם עשׂוס הענט.
זי עסקט זיך אַרום די הינער און דער קו,
און בלײַבט איר נאָך אַ רגע פֿרײַע צײַט —
איז דאָ צו וואַשן און צו פּרעסן און פֿאַרריכטן.
און אַז דער מאַן קומט מיט דער נאַכט אין שטוב,
איז פֿאַלט ער ווי אַ שטיין באַלד נאָכן עסן,
דער מידער קאָפּ אַ שטומער אויפֿן טיש.
אַזוי אַ לויפֿט די שווערע, פֿולע וואָך,
ביז ס׳קומט דער ליבער פֿרײַטיק אויף דער וועלט.

נאָר אַז דער פֿרײַטיקדיקער טאָג נעמט שווינדן
און שאָטנס ווערן לאַנג, און ראָז, און לופֿטיק —
ווערט אָפּגעשטעלט דאָס בראַזגען פֿונעם אײַזן.
דער לעצטער הויכער קלאַנג צעציטערט זיך
אין קילער בלויער לופֿט און ווערט צעגאַנגען.
דער שוואַרצער נעגער שלײַכט זיך פֿויל אַוועק,
דער ברייט-געשפּאַנטער טויער ווערט געשלאָסן
און פֿון דעם ווײַטסטן, בלויסטן האָריזאָנט,
און ביז דעם נאָענטסטן וואַסער פֿונעם טײַך
הייבט-אָן צו שוועבן אין דער פֿרעמדער וועלט
די טיפֿע, בלויע לופֿט פֿון שבת-קודש.

אין הויז הייבט־אָן צו הויכן מיט דער היים.
די קינדער זײַנען היימיש אויסגעצוואָגן
דער גראָבער טיש באַקומט אַ יום־טובֿדיקע צורה;
ער שטראַלט־אַראָפּ מיט דעם געפּרעסטן טישטעך.
פֿון אונטער דער געשטריקטער חנוודיקער שאַל
קוקט צנועהדיק אַרויס אַ זײַט, אַ שפּיץ
פֿון די געפֿלאָכטענע פֿאַרברוינטע חלות.
די לײַכטער גלאַנצן האָפֿערדיק, געבענטשט,
און לײַכטן אין די באָבעס גוטע אויגן.
דאָס טײַטש־חומש ליגט האַרציק אויסגעלייגט,
צעעפֿנט שפּילעוודיק אויף אַלע צאַצקעס,
און ס'שמעקט דער ריח פֿון די שאַרפֿע פֿיש,
געפֿעפֿערט און געווירצט, אין גאַנצן הויז.
און ס'גליִען נאָך די לעצטע קוילן אויף דער קיך
און דעקן גרוי מיט אַש די שוואַרצע טעפּלעך.

און אַז די זון שטראַלט־אויף אין טאָג פֿון רו
און ס'רוט דער הויף אויף זײַנע אײַזנס, פֿלעשער,
אין לויטערן און שטילן שבת־שײַן —
דאַן מאַכט דער ייִד דעם חשבון פֿון זײַן וועלט.
ער קוקט זיך דאַן אַרום אויף זײַנע קינדער
און זינגענדיק די סדרה אויפֿן קול
באַפֿאַלט אים גרויס רחמנות אויפֿן קינד,
וואָס צאַנקט אַ שטילס און אַ פֿאַרחלומט אינעם הויז,
און גלעט איר קעפּל מיט פֿאַרשוואַרצטע הענט.
די ייִדענע האָט צײַט צו טאָן אַ שמייכל —
און קוקט־אַרײַן אין דראָבנעם עבֿרי־טײַטש.
דער פֿאָטער לערנט מיטן זון גאָטס וואָרט,
פֿאַרטײַטשט אים מיטן שטילן באַנגן ניגון
די סדרה פֿון דער וואָך, און האָט יסורים

צו זען ווי ס׳ווערט דאָס יינגל אָפּגעפֿרעמדט:
דאָס וויל ניט זאָגן ברכה, דאָס פֿאַרגעסט
דאָס ביסל עבֿרי, וואָס ער האָט געבראַכט.
דאָס ווײַב האָט טענות צו די אייביקע נײַן טעג,
אָן ביסל פֿליישיקס טריקנט מען אוז דאָרט.
אַ צער צו קוקן אויף דעם עופֿהלע.
נאָך וואָס באַדאַרף זי האָדעווען די הינער —
עס קריכן דאָך די אייער שוין פֿון האַלדז?
הײַנט סתם מישטיינס געזאָגט, אַלץ הייסט אַ לעבן!
אַ שטיין פֿאַרוואָרפֿן אויף אַ וויסטן אינדזל —
מען ווערט פֿאַרגעסן ריידן צו אַ מענטשן...
נאָר אַז עס פֿאַלט זײַן בליק צום הויף אַרויס,
ווו ס׳מערן זיך די אײַזנס מיט די פֿלעשער,
און אַז דאָס שבת־ווינטל טוט אַ הויך
מיט ריחות פֿון די פֿעל און רויען וואָל —
באַקומט ער מוט און זיכערקייט און טרייסט.
ער נעמט זי אײַן מיט גוטע, שטילע ווערטער.
ער גלעט איר אויפֿן פֿרעמדן, שטײַפֿן שייטל
מיט אומגעלומפּערטע פֿאַרגרעבטע הענט.
זי רויטלט זיך ווי אין די יונגע יאָרן —
נישקשה, מיט גאָטס הילף, ס׳וועט ווערן רעכט.

### דזשייק

אַ יונגע קאַטשקע אויסגעפּיקט פֿון איי —
דאָס האַלט זיך קוים אויף אירע דינע פֿיסלעך,
נאָר אָט אַנטפּלעקט זיך ווו אַן אויסשפּרייטונג
פֿון פֿליסנדיקן תּמיד־רירעוודיקן בלוי...
און פּלוצעם — פּליוסק! — אַ שפּרינג־אַרײַן אין וואַסער.
די רויטע הײַטלעך פֿון די שטענגלעך פֿיס

צעשפּרייט, צעלאָזט, זיי רודערן אין וואַסער.
דאָס רויטע שנעבל אויפֿן ווײַסן דינעם האַלדז
טונקט אונטער זיך, פֿאַרכלינעט זיך פֿון פֿרישקייט,
פֿון גאָטס געבענטשטער פֿליסנדיקער גאָב.
עס גייען כוואַליעס אויפֿן קליינעם גוף
און שווענקען אים, און גלעטן אים, און וויגן.
עס שווימט דער קליינער גוף מיט נאַסע פֿעדערלעך
און טראָגט זיך מיטן גרויען, בלויען שטראָם.

און ווי די קליינע קאַטשקע נעמט צום וואַסער,
אַזוי האָט אויך דעם קליינעם יאַנקעלען
גענומען און פֿאַרנומען מיט דער נײַער ערד.
און ניט אַזוי מיט ערד, ווי מיט דער לופֿט,
דער נײַער, פֿרישער אָנשטעקנדיקער לופֿט.
זײַן יידישע צונג איז פּלוצעם שווער געוואָרן,
געדרייט זיך אומגעלומפּערט אין זײַן מויל,
ווי אָנגענומען אַ פֿול מויל מיט שטיינדלעך.
דאָס בלאַס, פֿאַרדאַרט און אויסגעטריקנט פּנים —
געוואָרן ברוין, פֿאַרברענט פֿון זון און ווינטן.
די ווייכע דינע הענט און פֿיס ווי בײַטשן,
געוואָרן אויסגעפּולט, פֿאַרהאַרטעוועט, פֿאַרבראָנדזט.
און אין די שוואַרצע אומעטיקע אויגן
האָט אָנגעהויבן טאַנצן אַ יונג פֿלעמל.

דאָס ברענט אַ וועלט. ווי גרויס אַ טאָג פֿון גאָט,
איז אים אַלץ ווינציק צײַט: דער הויף איז זײַנס,
דער טײַך איז זײַנס, דער ווײַטער וואַלד איז זײַנס,
דער שוואַרצער נעגער אויפֿן הויף איז זײַנער.
ס'איז, דאַכט זיך, שטיל פֿון אים — נאָר אַז דער נעגער
דאַרף עפּעס האָבן אין דעם טונקעלן שײַער,
שפּרינגט פּלוצעם אויף אַ ווײַסע שעפּסנפּעל,

און לאָזט זיך אימפּעטיק און טאַנצנדיק אויף אים.
דער נעגער וואַרפט־אַוועק אַלץ פון די הענט,
די אויגן טויט פאַרגליווערטע פון שרעק,
די הענט פאַרריסן אויפן קאָפּ פון וואָל,
מיט ווילד באַנומענע משונהדיקע קולות —
ער פליט־אַרויס אין העלן הויף אויף אַלע פיר,
און הינטער אים לויפט מעקעענדיק אַ שעפּס.
אַ פאַרמער, אַז ער ברענגט צו פירן סחורה
און וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם איבערראַק
מיט בלישטשענדיקע גרויסע קנעפּ פון ביין —
איז דינגט ער זיך און אַמפּערט זיך, און רויכט און שפּײַט,
ציילט פאַרזיכטיק, אומצוטרוילעך דאָס געלט,
צום ערשטן און צום צווייטן און צום דריטן מאָל,
און אַז דער חשבון שטימט שוין מיט גאָטס הילף,
ער מאַכט זיך פאַרטיק מיט דער בײַטש צו גיין,
באַקליידט ער זיך צוריק אין בגד זײַנעם,
און הייבט זיך אָן פאַרשפּיליען אויף די קנעפּ.
ער שמועסט אויפגעלייגט, און שפּיליעט, שפּיליעט,
און — וואָס צום טײַוול איז דאָ הײַנט דער מער[8]?
סע קנעפּלט ניט. איז בייגט ער זיך אַרונטער,
באַטראַכט דעם בגד מיט פאַרוווּנדערונג און שרעק:
ס'איז דאָכט זיך זײַנס, און ניט זײַנס. אויף דעם פּלאַץ,
וווּ ס'האָבן ביינקע געבליצט די קנעפּ,
איז וויסט און ווינד אַרויסגעריסן מיטן פליש.
עס ווערט אַן איבערקערעניש אין הויף.
מען זוכט דעם יונג: דער נעגער קאַטשעט זיך,
און פּאַטשט זיך אין די קני:ען פאַר התפּעלות;
דער טאַטע ערגערט זיך און זוכט אַרום;

---

[8] די סיבה, געשיכטע (וואָס קומט־פאָר).

די מאַמע קומט צו לויפֿן שמעקנדיק געפֿאַר;
דער גוי אין ראָק פֿון לעכערדיקע פֿענצטער
לויפֿט נאָך דעם עולם, קנאַקט די בײַטש אין לופֿט;
די הינער פֿליִען־אום אין גרויסע אַנגסטן.
דער יונג האָט זיך פֿאַרקליבן אויפֿן שפּיץ
פֿון הויכער קופּע זשאַווערדיקן אײַזן
און לאָזט ניט צו אַ מענטשן אין דער נאָענט.
דער גוי שטייט אונטן, פֿאָכט מיט איין קולאַק
און טרייסלט מיט דער בײַטש אין צווייטער האַנט.
דער טאַטע הייסט אַוועקגעבן די קנעפּ.
די מאַמע בעט זיך רחמים בײַ דעם יִנגל.
ביז סוף כּל סוף ווערט אומגעקערט דאָס רויב,
וואָס פֿאַלט אין זוניק בלישטשעדיקע רעדלעך
פֿון הויכער קופּע אײַזן צו דער ערד.
די מאַמע ברענגט די נאָדל מיטן פֿאָדעם,
דער גוי שטייט מיט צעפֿאָרענע, מיט שווערע פֿיס,
האַלט פֿעסט די בײַטש און לויערט אויפֿן יונג —
ביז מען פֿאַרשטשאָבעט[9] ווי עס איז דעם בגד.
און אַז דער יונג האָט אָנגעהויבן גיין אין שול,
האָט זיך זײַן יִדישע צונג אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.
דאָס איז פֿאַרקאָכט געוואָרן מיט חבֿרים,
מיט ווײַסע שקצים מיט די זומערשפּרענקלעך.
דאָס ווערט פֿאַרפֿאַלן גאַנצע טעג אין וואַלד,
וווּ גאָט האָט נאָר אַ זומפּ, אַ נעסט, אַ יאַגדעבוים.
מען שפּילט אינדיאַנער מיט די אַלטע ביקסן,
מען לאָזט קעניו[10]־שיפֿן אין בלויען טײַך,
מען פֿאַרבט זיך אָן די באַקן ברוין און רויט,
מען שטעקט־אַרום דעם קאָפּ מיט אינדיק־פֿליגל

[9] צונויפֿגעצויגן מיט פֿעדעם, פֿאַרלאַטעט. — [10] שפּיציקע שיפֿלעך.

און פֿאַרטיק פֿאַר דעם שׂונא צו סקאַלפּירן [11].
דערזעען זיי די נעגער־קינדער פֿון דער ווײַט,
צעלויפֿט מען זיך אויף אַלע שוואַרצע פּיסלעך,
מען גלאָצט אַריבער פֿאַרקאַנעס מיט אויגן,
אַ שוואַרץ און וואַליק קעפּל הייבט זיך אויף
און שפּרינגט־צוריק אַ פֿלינקס — אַ גומעקנויל.
דאָס קליינוואַרג טוליעט זיך דערשראָקן, שטיל,
צו מאַמעס שירץ. און שווערע נעגערטעס —
זיי שטעקן פֿאַרזיכטיק די קעפּ פֿון טירן
מיט רויכנדיקע ליולקעס אין די מײַלער,
מיט רויטע טיכער אויף די קעפּ — און גאַפֿן.
עס שטייען וואָלקנס שטויב. עס טראַמפּלט שווער.
עס גרילצט דער הילכיקער געשריי פֿון קריג,
באַגײַסטערט און דערשרעקט.
און אַז דער יונג
קערט־אום זיך נאָכן קריג אין שטוב אַרײַן,
איז ער צעפּלאָמט, פֿאַרשוואַרצט, פֿאַרשמירט און רויט,
און הונגעריק — ווי עשׂו אין זײַן צײַט.
דאָס האָט ניט קיין געדולד דאָס ברויט צו שנײַדן:
דאָס קנײַפּט פֿון גאַנצן ברויט און שטופּט אין מויל —
הײַנט, גיי, דערמאָן אים דאָ פֿון זאָגן ברכה.

דערפֿאַר איז אים דאָס קעפּל שאַרף צום לערנען:
דער גויִשער לימוד האָט אַן אַנדער מזל.
דאָס ווייס און דאָס פֿאַרשטייט, און דאָס באַנעמט.
די אויגן צינדן זיך בײַ אים פֿונאַנדער,
דאָס קולכל קלינגט מיט ליבע און מיט פֿלאַם
פֿון ברייטער פּרעריע [12] און פֿון יונג אַמעריקע.

[11] אָפּשינדן די הויט אויפֿן קאָפּ. — [12] סטעפּ.

פֿון וואַנען, וואָס — עס וואָרצלט זיך דער דרום.
ער האָט שוין טענות צו דעם אַלטן צפֿון.
איז ניט צופֿרידן מיטן „אַלטן אייב״ [13]
למאַי ער האָט באַפֿרײַט די שוואַרצע שקלאַפֿן.
דער טאַטע פּרוווט אַרײַנטענהן אין אים,
דערציילט די פֿײַנע מעשׂה פֿונעם חומש,
פֿון פֿאָטער נח מיט די זין: פֿון שם,
פֿון חם און יפֿת; אַז דער ברודער חם
איז דאָך ניט שולדיק פֿאַר זײַן שוואַרצע הויט.
נאָר דזשייקי האַלט זיך בײַ דאָס זײַניקע:
אַ נעגער איז אַ נעגער — און דאָס גאָר.
דער טאַטע קוועטשט נאָר, הערנדיק, די פּלייצעס,
און זי, די מאַמע, שווײַגט און הערט, און רעדט ניט.

## שכנים

רוי, שטאַרק און האַרט זײַנען געווען די מענטשן,
מיט דעם אינסטינקט פֿון ווילדן בער און וואָלף,
וואָס האָבן זיך נאָך אויפֿגעהאַלטן אין די וועלדער,
און מיט דער פֿלינקייט, שלויקייט [14] פֿונעם רויטן מאַן,
מיט וועלכן זייערע פֿאָטערס האָבן זיך
געמאָסטן כּוחות און אים בײַגעקומען.
עס איז געווען אַ יונגע פֿרישע וועלט
מיט ערשטע שפּרודלדיקע לײַדנשאַפֿטן,
פֿון ריזן־מענטשן באַלד נאָך וועלטבאַשאַף,
ווען איין קראַפֿט האָט געקעמפֿט מיט צווייטער קראַפֿט,
און איין קראַפֿט האָט די צווייטע קראַפֿט פֿאַרשלונגען.
עס האָט געיוירט, געקאָכט, געשוימט, געברויזט,

---

[13] אייבראַהאַם לינקאָלן. — [14] כיטרע, איבערגעשפּיצט.

ווי אין אַ נײַער פֿאַס מיט הייוונדיקן ווײַן:
רירסט־אָן ניט פֿאַרזיכטיק — און ס׳פּלאַצט־אַרויס.
אַזוי ווי ס׳האָט די יונגע פֿרישע ערד,
אויף וועלכער ס׳האָבן זייערע פֿיס געטראָטן
געיוירט, געברויזט מיט צוגעדעקטע שטראָמען;
האָט ווער צו טיף אַרײַנגעקלאַפּט אַ פּלאָקן —
האָט עס גענומען שיסן קלאַפּטערהויך
מיט גראָבע, גרינלעכע, געדיכטע שטראָמען
פֿון שמוציקן און שטינקענדיקן אויל.
הייס, פֿירכטערלעך, אין ברויזנדיקער שׂנאה,
און גרויזאַם, אומדערבאַרעמדיק אין צאָרן,
וואָס האָט זיך בלויז געלאָשן און געשטילט
מיט זייער שׂונאס בלוט. עס זײַנען ניט געווען
קיין קלעגער און קיין ריכטער: איטלעכער
האָט זײַן געריכט געטראָגן אין די הענט;
און פֿאַרן אָנטרעטן פֿון צווייטנס רעכט
האָט איין מאַן זיך געשטעלט אַנטקעגן צווייטן
מיט מעסער, ביקס, מיט פֿײַער און מיט רויך.
געקעכט צי נישט — זײַן ברודער און זײַן פֿרײַנד
האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אויף זײַן זײַט;
פֿאַמיליענווײַז, מיט אַלט און יונג, מיט ווײַב און קינד
געפֿאָכטן דורות לאַנג אַן אַלטן קאַמף.
די סיבה פֿון דעם אורשפּרינגלעכן קריג
איז לאַנג געווען פֿאַרגעסן פֿון די קריגערס:
צי איז׳ס געווען אַן אַלט צעבראָכענע אַקס,
צי גאָר אַ מיידל הייס באַגערט פֿון צווייען,
צי פֿאַר אַ וואָרט, אַ קרומען קוק, אין שענק,
בײַם גלעזל משקה, שיכּורדיקערהייט,
צי פֿאַר אַ פֿאַס פֿון גרענעצדיקן לאַנד —
נאָר בלוט האָט זיך געגאָסן הייס און רויט

און אין די שוואַרצע הייסע דרום־נעכט,
פֿלעגט אָפֿט דער הימל ברענען רויט געצונדן,
און אויפֿדעקן אַ שוואַרצן שטח נאַכט
מיט רויטער און רציחהדיקער מורא.
און ביקסן פֿלעגן קנאַלן דונערדיק,
און ס'פֿלעגן טראַמפּלען ווילד צערייצטע פֿערד
מיט שוואַרצע רײַטערס אויף צעהיצטע רוקנס.
און זונטיק, אַז מען פֿלעגט אַראָפּקומען אין שטאָט
פֿון מײַלן און פֿון מײַלן ווײַט אַרום,
צו הערן ס'וואָרט פֿון גאָט פֿון בלאַסע פּאַסטאָרס,
האָט זיך דאָס גרויסע מאַרקפּלאַץ פֿאַר דער קירך
פֿאַרוואַנדלט אין אַ קריגערישן לאַגער
פֿון גרויסע, ברייטע און פֿאַרברוינטע מענער,
מיט הענט פֿון אײַזן, פּנימער פֿון בראָנדז,
מיט שוואַרצע, ברוינע, געלבע, שטאַרקע בערד,
מיט בייזע פֿײַערן און שטרענגע אויגן,
מיט הייס קאַלירטע טיכער אַרום העלדזער,
מיט ווילדע, הייסע הירזשענדיקע פֿערד,
מיט שוואַרצע רערן פֿון פּאַלירטע ביקסן
באַפֿעסטיקט צו די גלאַנצנדיקע זאָטלען.

אין אָנהייב איז דער ייִד געווען אַ וווּנדער:
ס'איז שווער געווען באַגרײַפֿן זײַנע דרכים,
זײַן פֿרעמדן הילוך און זײַן פֿרעמדן לשון,
פֿון יעדן ריר זײַנס האָט אַראָפּגעשריִען פֿרעמדס
און זיך געוואָרפֿן אין די פֿרעמדע אויגן.
און אַז מען האָט זיך צוגעוווינט אַ ביסל,
און ס'איז אַוועק די ערשטע ניט פֿאַרטרוילעכקייט,
איז מען געוואָרן רײדעוודיקער, נענטער.
און זע — אַ וווּנדער! ער פֿאַרשטייט דאָך אַלץ

און ווייס פֿון אַלץ וואָס קומט־פֿאָר אַרום,
און האָט אויף אַלץ אַ גוטמוטיק און פּאַסיק ווערטל,
וואָס איז צו גלײַכער צײַט אי פֿרעמד, אי אייגן.
אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. אַרבעט טאָג ווי נאַכט
און זאַמלט אַלטע אײַזנס, ביין און קאָדער[15].
פֿאַרקערט, ער גיט נאָך מענטשן צו פֿאַרדינען.
וואָס דען? ס'איז זיי געווען קשהדיק:
ווי אַרבעט דאָס אַ מענטש אין זונטיקדיקן טאָג?
און איין מאָל אין אַ פֿײַנעם, שיינעם טאָג
איז אָנגעקומען אויפֿן הויף דער פּאַסטאָר,
די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן, שמייכלענדיק,
געזאָגט דעם ייִדן אַ גוט וואָרט, זיך נאָכגעפֿרעגט,
ווי גייט עס אים, געגלעט די קינדער אויפֿן קאָפּ,
פֿאַרבויגט זיך פֿאַר דער שטילער ייִדענע.
אַ ביסל שפּעטער זײַנען צוגעקומען
אַ צוויי־דריי שכנים; מען האָט זיך צעזעצט,
פֿאַררויכערט שוואַרצע ליולקעס, ווי דער שטייגער.
דערנאָך האָט זיך דער פּאַסטאָר שטיל צערעדט,
געצויגן מיט אַ ניגון ווי אין קירך,
געוויזן בקיאות אין דעם אַלטן טעסטאַמענט,
געמישט פֿון לוקאַס און פֿון פּאָול מיט פּסוקים
און פֿון אַנדערע אַפּאָסטאָלן פֿון דער קירך,
און אויסגעלאָזן מיט אַ שטילער פֿראַגע:
— ווי קומט עס, וואָס ער אַרבעט אין דעם טאָג פֿון רו?
דאָ האָט דער ייִד בנעימותדיק געענטפֿערט:
— ער איז אַ ייִד און האַלט פֿון אַלטן גלויבן,
ווי ס'שטייט פֿאַרזאָגט אין אַלטן טעסטאַמענט:
זעקס טעג אין וואָך זאָלסטו דײַן אַרבעט טאָן,

---

[15] שמאַטעס, בראָכוואַרג.

און אינעם זיבעטן, אין טאָג פֿון שבת,
דאַן זאָלסטו רוען און אים הייליקן,
צוזאַמען מיט דײַן קינד, דײַן אָקס און אייזל.
אויף דעם האָט זיך דער פּאַסטאָר שוין פֿאַרחידושט,
רחמנותדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:
צי ווייסט ער ניט, אַז דזשיזוס קרייסט, דער זון,
האָט שוין דעם שבת אָפּגעשאַפֿט די רו
און אויף זײַן פּלאַץ געשטעלט דעם זונטיקדיקן טאָג?
דאָ האָט רחמנותדיק דער ייִד געענטפֿערט:
— איז ניט געלערנט, ניט שטודירט אין שולן,
איז ניט בכּוח צו פֿאַרפֿירן אַ דיספּוט
מיט איינעם וואָס איז שטאַרק און גרויס אין וויסן.
ער גייט בלויז אין דעם וועג פֿון זײַנע פֿאָטערס
און טוט ווי זיי האָבן געטאָן... איז דאָס
דעם דינעם פּאַסטאָר שטאַרק געוועזן געפֿעלן,
זיך אויפֿגעהויבן און געדריקט זײַן האַנט,
פֿאַרבויגט זיך ווידער פֿאַר דער ייִדענע
און זיך אַוועקגעשלײַכט מיט שטילע טריט.
עס האָבן זיך די שכנים אויפֿגעשטעלט,
געקלאַפּט אים אויף דער פּלייצע: — גוט געזאָגט!
אויף מאָרגן האָט דער ייִד באַקומען צוגעשיקט
אַ שווערן, דיקן בייגעוודיקן ספֿר:
דעם אַלטן מיטן נײַעם טעסטאַמענט —
געשיקט פֿון דינעם פּאַסטאָר אַ געשאַנק.

## דיקסי־לאַנד

עס האָבן זיך גענומען ווײַזן אינעם הויף
די מעכטיקע געשיקטע יעגערס פֿון די בערג
אין הויכע שטיוול און די קורצע פּעלצן.

דאָס זײַנען געווען יונגע — גלוט און בלוט,
מיט יונגע קרײַזלדיקע בערד און לאָקן,
ברייטביינערדיק, און הויך, און שטאַרק געוואַקסן,
אין ווינטער ווי אין זומער ברוין פֿון זון,
מיט ווײַסע, טיפֿע, אײַנגעקאַרבטע שראַמען
אין וואַלדיק האָר פֿון באַק, אויף בלאַסע שטערנס,
מיט אויערן צעשפּאָלטענע אין העלפֿט,
און ווידער שטיק אויף שטיק צונויפֿגעוואַקסן.
זיי פֿלעגן קומען מיט די ערשטע פֿרעסטלעך,
ווען טויטע גראָזן גלאַנצן זילבערדיק
און ס'הענגט אַראָפּ אַ נידעריקע זון,
האַלב זילבערן, האַלב קופּערן, האַלב קרום,
פֿון ניט קיין הויכן מילכיק ווײַסן הימל
שערענגעסוויַז, מאַן הינטער מאַן, אַנטשוויגענע,
מיט שווערע פֿוטער־היטלען אויף די קעפּ,
מיט אָנגעשטעקטע מעסערס אין די גאַרטלען;
און פֿון די מײַלער האָט געהויכט מיט וואָלקנדלעך
פֿון דינעם ווײַסן פֿראָסט אין שטײַפֿער לופֿט;
די גראָבע ווײַסע שטיוול ניט געשמירט,
זיי האָבן אין דעם קערנדיקן אײַז
געשלאָגן ריטמיש, אויסגעקלונגען טאַקט,
ווי עס מאַרשירן זעלנערס צו אַ קריג,
מיט קלאַפּן פֿונעם פּויק אין דראָבנעם שרויט.
פֿון אַקסלען האָבן בונט אַראָפּגעהאַנגען,
געבליצט אין מאָרגנדיקן פֿרישן ליכט,
די גאָלדיק־רויטע שווערע פֿוקסן פֿעל
מיט ווייכע האָר; דער גלאַנצנדיקער מינק
פֿון פֿליסנדיקן ברוין, וואָס גיסט זיך איבער,
די בלויע שוואַרצקייט פֿונעם ראַץ און טכויר,
מיט פֿינקל־גלעזערדיקע קײַלעכדיקע אייגלעך —

וואָס שמעקן נאָך מיט בלוט, מיט שניי, מיט וואַלד,
און באָמבלען זיך מיט די קאָלירטע עקן,
און פֿלעכטן זיך, און מישן זיך ווי לעבעדיק.

די אַלע האָבן זיך געמאַכט באַרימט,
אין בלוטיקן, אין שווערן, ברודערקריג,
מיט זייער פֿעסטער האַנט און שאַרפֿן אויג.
געהאַלטן נאָענט בײַם פֿײַערן אַ זיג
אַרום די פֿעסטונגען פֿון וואַשינגטאָן;
געבלוטיקט אין דעם מאַרש פֿון די אַרמייען,
ווען לי האָט אָנגעהויבן גיין צוריק;
גאָר פֿיל האָבן דורכגעמאַכט דעם חורבן
פֿון נײַ־אָרלינס, אַטלאַנטאַ און קאָלאָמביע,
וואָס האָט זיך נאָך געטליִעט אינעם האַרצן
ווי ס׳טליִעט פֿײַער אונטער גרויען אַש.
זיי האָבן נאָך געדענקט דעם טאָג פֿון ריטשמאָנד,
דעם גרויען קאָפּ פֿון ריטערלעכן לי,
און דאָס געוויין פֿון אַלטע וועטעראַנען
מיט גרויע בערד, צעשאָסענע מונדירן,
האָט נאָך געקלונגען אין די אויערן.

נאָר ס׳יונגע לעבן האָט געקאָכט אין בלוט.
און אַז געשעפֿט פֿלעגט ווערן אָפּגעטאָן,
פֿלעגט מען פֿאַרקלײַבן זיך אין ווינקל שײַער,
ווו ס׳האָט דער אַלטער אָנגעגליטער אויוון
געשפּריצט מיט רויטער שיפּערדיקער היץ.
מען פֿלעגט אַרויסציִען פֿון ברייטע כאָלעוועס
דעם ווײַסן, שטאַרקן, ברענענדיקן בראָנפֿן.
די אויגן ווערן אויפֿגעבליצט און גרויס,
מען מעסט די כּוחות און מען ראַנגלט זיך,
די לאַנגע לאָקן פֿלאַטערן צעיאָגט,

עס קלינגט אַ הייס און דונערדיק געלעכטער.
מען נעמט־אַרויף די שכנים אויפֿן צימבל:
ווער ס׳שלאָגט זײַן ווײַב און ווער עס פּאַטשט איר מאַן,
און וועמעס פֿערד איז גוט, און וועמעס בעסער,
און ווער ס׳האָט וועמעס כּלה צוגענומען,
אַוועקגעפֿירט פֿון קירך אין חופּה־נאַכט
מיט ביקסן אין די הענט, און וואָס דער חתן
מיינט וועגן דעם צו טאָן. מען וויצלט זיך
אויף חתן און אויף כּלהס צד. עס שטייט
אַ גרויסע רויטע פֿרייד אין ווינקל שײַער,
צעגיסט זיך ביז דער קאַלטער ווײַטער וואַנט,
אַריבער בערג מיט אײַנגעזאַלצטע פֿעלן,
מיט פֿערדישן געביין און אַלטער שמאַטע.

אַ מאָל דערמאָנט מען זיך אין בייזן קריג:
מען רעכנט־אויס די נעמען פֿון חבֿרים,
וואָס זײַנען אויף די הענט בײַ זיי געשטאָרבן
אין נאַסע קאַלטע גריבער פֿונעם פֿעלד.
מען טרינקט לחיים זייער אָנדענקען,
מען מאַכט דעם ייִדן נעמען צו די ליפּן.
עס עפֿענען זיך הערצער גרויס און ברייט,
און ס׳גיסט זיך ברויזנדיק אַ הייס געשפּרעך
מיט פֿײַער, מיט געווירץ, מיט האַרץ און זעל.
און ווי אַזוי דער הויכער דאַרער לינקאָלן
מיט די צעשרויפֿטע גלידער, דאַרע הענט,
און מיט דעם בלאָס און אויסגעצויגן פּנים,
אין הויכן גלאַנציקן צילינדער־הוט,
איז אומגעריכטערהייט, פֿון קיינעם ניט דערוואַרט,
אַריין אין ריטשמאָנד אין אַ פֿײַנעם טאָג:
קיין גלאָק האָט ניט געהילכט, קיין ביקס געקנאַלט,

נאָר פּלוצעם האָט זיך ווי דאָס ווילדפֿײַער צעשפּרייט
די שטילע בשׂורה: דאָס איז ער, ס'איז ער.
און שטאָט און גאַס זײַנען פֿאַרפֿלייצט געוואָרן,
זיך אויסגעגאָסן אין אַ ווילדן ים
פֿון שוואַרצע, וויינענדיקע, לאַכעדיקע קעפּ.
די אויגן האָבן ווײַס און בליצנדיק געבלאַנקט
און שוואַרצע הענט האָבן צו אים געשטרעקט זיך
מיט קליינע נעגער־קינדער איבער קעפּ;
און פֿון דער ברוסט פֿון שוואַרצן ים אַרויס
האָט זיך געריסן דאָס געבֿרום פֿון אַפֿריקע,
געריסן און געצופּט פֿון זיך די קליידער,
געבראָכן זיך אין ווילדע פֿײַערדיקע טענץ,
געדרייט זיך, קאָנוווּלסירט ביז צו דער ערד,
געשריִען אין דעם ווילדסטן עקסטאַז:
— „מײַן דזשיזוס! מײַן דערלייזער! הללויה!"
און ווי דאָס פּנים פֿון דעם בלאַסן אייב
האָט זיך פֿאַרצויגן ווייטיקלעך מיט פּײַן.

די בראַווע יעגערס טרינקען אויפֿגערעגט:
די אויגן נעמען זיך פֿאַרגיסן רויט,
די ווײַסע שראַמען גליִען זיך פֿונאַנדער
און פֿון די ברייטע, פֿלאַמענדיקע העלדזער
הייבט־אָן צו פֿליסן מעכטיק דאָס געזאַנג
פֿון שטאָלצן מוטיק־בראַוון דיקסי־לאַנד.
דאָס ליד פֿליסט שטראָמענדיק, און הויך, און רויט,
פֿילט־אָן דעם טונקעלן, דעם אַלטן שײַער,
און קלאַפּט זיך אָן ביז צום פֿאַרשוואַרצטן באַלקן
מיט ברענענדן געשריי און פֿלאַם און שטאָלץ,
— „הוראַ, הוראַ, פֿאַר דיקסי, הוראַ!"

3

## ווינטער

אין יענעם יאָר האָט זיך געשטעלט אַ ווינטער
מיט גלימצערדיקע פֿרעסט און שווערע שנייען;
אַלאַסקאַ האָט אַ בלאָז געטאָן אין לאַנד
און פֿייגל האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן
פֿון טרוקענעם און שאַרפֿן אָטעם פֿון דער לופֿט
אין האַרטן גרינלעך פֿינקלדיקן שניי.
די טײַכן האָבן זיך פֿאַרקאָוועט שווער
און פֿון די ברונעמער האָט מען געהאַקט
די גרינלעך בלויע סקווערן שווערן אײַז
און זיי צעלאָזט אין קעסלען אויף צו טרינקען.
דער ישובֿ איז געוואָרן אָפּגעשניטן
ווי מיט אַ ווײַסן פֿלאַמיק שאַרפֿן מעסער
פֿון גרויסער וועלט אַרום. — די הורבעס שניי
האָבן פֿאַרשאָטן יעדן וועג און טראַקט,
פֿאַרשאָטן אַלע רעלסן פֿון די באַנען.
און אַז דער קורצער, שאַרפֿער, ראָזיקער פֿאַרנאַכט
פֿלעגט זיך צעשפּילן מיט קאָליר און פֿאַרב,
דאַן פֿלעגן זיך אַנטפּלעקן ווײַטע בערג
מיט ווײַסע וועלדער ענג צונויפֿגעשלאָסן,
וואָס קוקן קאַלט מיט גרינעם און מיט בלויען שניי
אַראָפּ צום קליינעם ישובֿ אינעם טאָל,
וואָס ליגט אין אײַז פֿאַרגליווערט ביז צום גאַרטל
מיט גראָבע, ראָזע היטלען שניי אויף דעכער;
און פֿון די היטלען ציִען גרויע רויכן
אין גראָדע, שלאַנקע, פֿליסנדיקע זײַלן,
צום טיפֿן הימל אָנגעזעצט מיט שטערן.
דערנאָך האָט דער אַלאַסקער אָטעם נאָכגעלאָזט

און ס׳האָט אַ צי געטאָן אַן אַנדער ווינטל:
דער הימל איז געוואָרן נידעריק און גרוי,
און אַז דער רויך פֿון קוימענס האָט געפּרוּווט
זיך אויפֿהייבן אין לופֿטן, האָט דאָס אויג
שוין ניט געקענט דערקענען, ווּ איז רויך
און ווּ איז הימל. ווי פֿון דינער זיפּ,
האָט טאָג מיט נאַכט געשאָטן גאָר אַן אויפֿהער
מיט עפּעס ניט קיין וואַסער, ניט קיין אײַז,
און שווער געמאַכט דעם שניי, און טריב — דאָס אײַז.
און אַז דער אײַזרעגן האָט אויפֿגעהערט צום סוף
און עס האָט אויפֿגעלויכט אַ בלאַסע זון —
האָט איטלעך בוים זיך אײַנגעדעקט אין גלאָז
און איטלעך צווײַג פֿון ליפּע און פֿון קאַשטאַן,
און פֿון די קליינע נאָדלדיקע ביימלעך,
זיי האָבן זיך באַדעקט מיט גראָבן גלאָז;
און פֿון דעם גלאָז האָבן אַרויסגעקוקט
די שוואַרצלעך גרינע טיילן פֿון די צווײַגן,
ווי אויפֿגעשוואָלן, אין פֿאַנטאַסטישע אוזאָרן[16],
און אַז דאָס מינדסטע ווינטל איז געקומען,
האָט אָנגעהויבן קלינגען אין דער לופֿט
מיט לאַנגע, שווערע, גלעזערדיקע צווײַגן;
עס האָבן בוים און ביימל זיך געבראָכן,
עס האָבן דעכער זיך געזעצט פֿון משׂא
פֿון שווערן גלימצערדיקן אײַזיק גלאָז.

דער הויף מיט ברוכוואַרג האָט זיך אײַנגעזעצט,
אײַנגעפֿרוירן מיט די אײַזנס אינעם אײַז,
און פֿון די אײַזנס האָט געשמעקט מיט ראָסט[17],

[16] קונציק אויסגענייטע בלומען. — [17] זשאַווער.

געיאָגט פֿון זיך מיט ברענענדיקער קעלט.
אין שטוב האָט טאָג ווי נאַכט געברענט דער אויוון,
נאָר ס׳הויז איז אַלט געווען און קאַלט, און אומעטיק.
און ס׳זײַנען אויף די ווענט אַרויסגעוואַקסן
געדיכטע, שווערע פֿאַנצערן פֿון אײַז,
ווי אײַטער־פּענכערס אויף אַ קראַנקן גוף,
וואָס האָבן אין דעם בלאַסן שײַן פֿון טאָג
אַ בייזע מרה־שחורה אָנגעוואָרפֿן.
די זיידעס אויף די ווענט האָבן געפֿרירט
געוואָרן בלאַסער מיט די גרויע בערד;
די אַלטע באָבעס מיט די דינע ליפּן —
זיי האָבן זיך געקרימט אין בלוי פֿון קעלט.
און אַז אין דרויסן האָט גענומען אָפּגיין,
האָט אָנגעהויבן רינען פֿון די ווענט
מיט לאַנגזאַם קריכנדיקע מוטנע טראָפּנס.

די קליינע פּערעלע אין גרויסן בעט
איז שוין געלעגן אומעטיק און שטיל,
אין גאַנצן הויט און ביין, די פֿיס פֿאַרשטאַרט,
און ס׳פֿלעגט די שטילע אָנגעפּעלצטע ייִדענע
דאָס זודיק׳ וואַסער גיסן אין די פֿלעשער,
כּדי דאָס עופּהלע צו האַלטן וואַרעם.
אַ מאָל פֿלעגט זי פֿאַר גאַנצע שעהן לאַנג
זיך אומקערן צום פֿײַער אויף דער קיך,
זיך וואַרעמען די בלוילעך רויטע דאַרע הענט,
פֿאַרטראַכטן זיך, אַרײַנקוקן אין פֿײַער,
און קוקן, קוקן, קוקן — פּלוצעמדיק
זיך אויפֿכאַפּן ווי פֿון אַ בייזן חלום,
און דרײַ מאָל אינעם פֿײַער אויסשפּײַען,
און נעמען האַסטיק שעפּטשען מיט די ליפּן.

אַרויסקריכן אָבער פֿון מאַמעס בעט
איז פֿערעלען שוין ניט געווען באַשערט:
דאָס הערצל האָט געכריפּעט ווי אַ זעג
און ס׳האָט דאָס פּנימל געפֿלאַמט אין צונטער;
די בלויע אויגן האָבן הייס געברענט,
געגאָסן זיך אין וואַנדערנדיקן ליכט.
די בלאָנדע הערלעך האָבן אויסגעזען
ווי זאַנגען אויף אַן אָפּגעברענטן פֿעלד.
דאָס אָרעם גופֿל מיט די כרופּקע[18] ביינדלעך
האָט פֿלאַמענדיק געברענט, געברענט, געברענט,
אַרויסגעברענט פֿון בלאַסע, קאַלטע ליילעכער,
ווי ס׳ברענט־אַרויס די זון אין ווינטערפֿעלד
אויף ווייסן שניי אין שטילן אונטערגאַנג.
און אַז דאָס ליכט האָט אָנגעהויבן אויסגיין,
פֿאַרציִען זיך ווי מיט אַ הייטל גלאָז,
און אַז די גלידער האָבן שטייף און האַרט
זיך אויסגעצויגן אין דער פֿולער לענג,
און אַז די מידע ברוסט פֿון אָרעם קינד
האָט שוין צום לעצטן מאָל אַ שליוכץ געטאָן,
ווי ס׳שליוכצט אַ פֿויגל פֿאַרן שטילן שלאָף —
האָט אַלץ נאָך פֿון דעם בעט מיט היץ געשלאָגן,
מיט רויטער היץ אין גרויען מאָרגנליכט.

האָט זיך דער טאַטע אָנגעטאָן אין בעסטן בגד,
זיך אָפּגעוואַשן דאָס צעקרימטע פּנים,
פֿאַמעלעך זיך אַרויסגעשלייכט פֿון טיר,
און אַז ער איז צוריקגעקומען שפּעטער
מיט צוויי־דריי אַלטע אָנגעזעענע שכנים —

[18](רוס׳) אַזעלכע וואָס ברעכן זיך לייכט.

איז שוין דער קליינער גוף געווען געוואַשן,
פֿאַרוויקלט אין די ווײַסע לײַלעכער,
מיט ברענענדיקע ליכט אַרום צוקאָפּנס.
די מאַמע איז געשטאַנען שווײַגנדיקערהייט,
די הענט פֿאַרקרעמפּטע אויפֿן הויכן בויך,
אָן ווערטער זיך געטרייסלט מיטן גאַנץ גוף
און זיך פֿאַרגאַנגען אין איר שטומען צער.
פֿון קליינעם שטיפֿער דזשייק — איז איבער נאַכט
צוריק דער אַלטער יאַנקעלע געוואָרן,
דאָס אָרעם ייִנגל פֿונעם ייִדיש שטעטל:
דאָס פּנים בלייך, פֿאַרשפּיצט און אויסגעצויגן
געזאָגט דעם תּהילים דורך פֿאַרשטיקטע טרערן,
און ס׳קול־כל האָט געציטערט, זיך געוויגט
אין דעם געבראָכן יאָמערלעכן ניגון;
און אַז די שכנים זײַנען אָנגעקומען
אין דער געפּרעסטער לופֿט פֿון הויז פֿון טויט —
האָט זיי אַרומגעכאַפּט די שווערע אימה.
עס האָבן דראָענדיק אויף זיי אַראָפּגעקוקט
די גרויע בערד און פֿרעמדע, שטרענגע אויגן
פֿון פֿײַכטער ווינטערדיקער וואַנט אַרונטער.
דאָס שווײַגנדיק פֿאַרגליווערט ווייגעשטאַלט
און דזשייקיס קולכל מיטן פֿרעמדן ניגון —
זיי האָבן אָנגעוואָרפֿן אויף די געסט
אַ גרויסע אימה; און דער הויכער ייִד
איז מיט אַ מאָל געוואָרן פֿרעמד און ווײַט —
ס׳איז גאָר נישט דער וואָס האַנדלט מיטן ברוכוואַרג —
אַ שטרענגער, ווי די בילדער אויף דער וואַנט,
מיט שטאַרע, טרוקענע און רויטע אויגן.
און ס׳האָבן זיך די הענט פֿון זיך אַליין געשטרעקט
צו אויסמאַכן דעם צייכן פֿונעם צלם.

און אַז דער ייִד האָט אָנגעהויבן ריידן,
האָט מיט אַ שטילן יאָמערלעכן צער
געטריפֿט פֿון האַרטן הייזעריקן קול,
פֿון די צעשפּאָלטענע און בלאַסע ליפּן,
פֿון די צעווייטיקטע און יאושדיקע אויגן,
און פֿון די שוואַרצע און פֿאַרשטײַפֿטע פֿינגער
מיט וועלכע ער האָט אין דער לופֿט געשטאָכן
צום ווינקל צו, ווו ס׳איז דאָס ווײַסע קינד
געלעגן אויסגעלייגט אויף ווײַסע בענקלעך
און ס׳האָט דער געלער שײַן געמאַכט אַ קרײַז
אַרום דעם קליינעם דורכזיכטיקן קעפּל:
— מײַן טויטער ליגט פֿאַר אײַך. איך זוך אַ פּלאַץ,
מײַן עופֿהלע, מײַן קליינס, מיט ערד באַשיטן.
איך בין אַ פֿרעמדער דאָ צווישן אײַך,
זאָל גאָט אײַך העלפֿן ווי איר האָט ביז הײַנט
מיר בײַגעשטאַנען אין מײַן טאָג פֿון נויט!
באַווײַזט אויך צו מײַן טויטן אײַער גנאָד,
באַוויליקט מיר אַ קבֿר פֿאַר מײַן קינד!
און זײַנע ווערטער האָבן אָנגעשלאָגן
מיט ציטערדיקן קלאַנג אין אַלע הערצער.
און איינער האָט אַ יונגע טרער פֿאַרווישט,
און איינער האָט מיט גראָבע שווערע פֿינגער
גענישטערט לאַנג אין בײַטל פֿונעם טאַבאַק,
געזוכט, געזוכט און נישט געקענט דערזוכן,
מיט אויגן טיף פֿאַרגראָבענע אין בײַטל.
אַ רגע איז געווען שטיל און טויט.
מען האָט געהערט דאָס פֿאָכען פֿון נשמה־ליכט:
דער ייִד מיט די צעשפּרייטע הענט אין לופֿט,
דער קאָפּ מיט רויטע אויגן אויפֿגעהויבן,
די שכנים מיט די בלויזע ווײַסע קעפּ,

געבויגן אין דעם אָנגעזיכט פֿון טויט.
דערנאָך האָט זיך דער עלטסטער פֿון די שכנים
אַרויסגערוקט פֿאָרויס, געבליבן שטיין,
און אויף אַ שטילן קול געענטפֿערט ווייך:
— דאָס בית־הקבֿרות־פֿעלד איז פֿאַר דיר אָפֿן,
קלײַב־אויס אַ פּלאַץ דאָרט אין די שענסטע רייען,
און גראָב אַ קבֿר פֿאַר דײַן טויטן קינד!
האָט זיך דער ייִד דער עניוותדיק פֿאַרבויגן,
זײַן פּנים האָט פֿון דאַנקבאַרקייט צעלויכטן זיך,
און שטיל און צוטרוילעך גערעדט פֿון ס׳נײַ:
— איין לעצט געבעט נאָך: אייגנס ציט צו אייגנס;
און ווען מײַן לעצטע שעה וועט אויסשלאָגן,
וואָלט איך געוואָלט, אַז מײַן געביין זאָל רוען
צווישן מײַנע אייגענע, מײַן פֿלייש און בלוט;
די גלויבנס אונדזערע זײַנען פֿאַרשיידן
דאָך אַלע זײַנען שטויב פֿון זעלבן שטויב,
און אַלע דינען מיר צום זעלבן גאָט,
און גאָט וועט אײַך באַלוינען פֿאַר דעם חסד.
איך בעט אַן אָפּגעזונדערט שטיקל פּלאַץ,
מײַן אייגענעם בית־עולם צו באַנײַען;
און אויב ס׳איז מיר באַשערט נאָך יאָרן דאָ
וועל איך אײַך אָפּצאָלן דעם גרויסן חובֿ.
און הייסע טרערן האָבן זיך צעלאָזט,
געפֿלאָסן פֿון די ווייטיקלעכע אויגן,
פֿאַרקראָכן אין די קנייטשן פֿון די ליפּן,
פֿאַרלוירן זיך אין טיפֿן האָר פֿון באָרד.
און אַז ער האָט געהאַקט דעם קליינעם קבֿר
דורך שווערן אײַז און ווינטערדיקער ערד
אין אָפּגעלייגטן בערגל פֿונעם פֿעלד,
האָט זיך דער קוואַל פֿון טרערן אָפּגעשטעלט

און ס׳האָבן זײַנע אויגן אָנגענומען
צוריק דעם טרוקענעם און שאַרפֿן גלאַנץ.
און אַז ער האָט דאָס קינד אַראָפּגעלאָזט
אין דער געפֿרוירענער און געלער גרוב,
און ערשטע, געלע, האַרטע גרודעס האָבן
גענומען פֿאַלן אויף די ווײַסע ברעטלעך
מיט אַ געפֿרוירענעם און דומפּן קלאַנג
אין ווײַסער קאַלטער שטילקייט וואָס אַרום —
ערשט דעמאָלט איז די פֿרוי צו זיך געקומען:
מיט יעדן נײַעם שאָט פֿון ערד האָט זי
געטרייסלט זיך פֿאָרויס אַריבער גרוב,
איר קוואַל פֿון טרערן האָט זיך אויפֿגעעפֿנט
און דאָס פֿאַרפֿרוירן קול האָט אויפֿגעלעבט,
געריסן זיך אין גרוב אַרײַן מיט טרערן.
זי האָט מחילה בײַ איר קינד געבעטן
און זיך געשלאָגן אויפֿן פֿלאַכן האַרצן.
— לויף, קינד מײַנס, לויף! — האָט זי איר האַרץ געגאָסן —
און מי זיך פֿאַר די הייליקע אמהות.
דערצייל זיי פֿון דעם ביטערן און שווערן לעבן,
און בעט, זיי זאָלן מיען זיך פֿאַר אונדז:
אַז יאַנקעלע זאָל אויסוואַקסן און זײַן אַ ייִד,
אַז ס׳זאָלן מער דײַן טאַטע און דײַן מאַמע
ניט וויסן שוין פֿון צער און בייז און אומגליק.
און ס׳האָט די גרוב אַלץ מער זיך אָנגעפֿולט,
זיך אָנגעשאָטן ביז די ווײַסע ראַנדן,
און ס׳האָט אַרום געשפּרייט זיך ווײַט און שטיל
דאָס פֿרעמדע פֿעלד אין אויסגעבעטן שניי
מיט קליינע, ווײַסע בערגלעך דאָ און דאָרט,
מיט אָנגעגלאָזטע צלמים בײַ צוקאָפּנס,

מיט גרינע נאָדלדיקע יעגלע[19]-ביימלעך
וואָס לײַכטן קאַלט מיט טיפֿן גרין און שניי.
און איבער ווײַסע בערג און בלויע טאָלן,
און איבער גרינע אָזיערעס מיט אײַז,
איז שטיל און צוטרוילעך געווען צעהאַנגען
אַ נאָענטער און אַ ווײַטער ווינטער-הימל
מיט בלויע פּאַסן צווישן ווײַסע וואָלקנס,
מיט ראָזיקע סימנים אויפֿן שניי
פֿון קאַלטער ווינטערדיקער אָונטזון.

## גאָט האָט גענומען, גאָט האָט געגעבן

די קעלט האָט נאָכגעלאָזט. ס'האָט זיך געשטעלט
אַ בלויער זוניק ליכטיקער סוף ווינטער,
מיט קילע נעכט און פֿרעסטלדיקע מאָרגנס,
מיט ווײַסן, קילן, שאָרכנדיקן אײַז.
מיט יעדן טאָג האָט זיך די זון צעוואַרעמט,
געוואָרן ליבער, פֿלאַמענדיקער, גרעסער:
עס האָט דער בלוי פֿון הימל זיך פֿאַרטיפֿט
און פֿייגל האָבן אָנגעהויבן זינגען
פֿון יעדן שפּאַלט פֿון אַלטן, שוואַרצן שײַער.
און נײַע ווינטלעך האָבן אָנגעהויבן גיין,
גענומען ווייען מיט אַ נײַעם ריח.
און פּלוצעם האָבן ביימער זיך צעעפֿנט,
און אויף די שוואַרצע און צעיוירטע צווײַגן
פֿאַרנומען האָבן זיך און זיך פֿאַרשוואָלן,
זיך אָנגעדראָלן גרינלעך שוואַרצע קנאָספּן,
וואָס האָבן מיט אַ זאַפֿטיק ביטערקייט געשמעקט.

---

19 טענענבוים, נאָדלבוים.

און ס׳האָט גענומען אויסשיסן פֿון גרונט
מיט דינעם, גרינעם, קינדערישן גראָז.

ס׳פֿאַרפֿרוירן הויז האָט זיך גענומען וואַרעמען,
און אַז די זון פֿלעגט זיך אין מיטאָג־שעה צעהיצן,
האָט פֿון די קלעצער אָנגעהויבן טריפֿן
מיט פֿעטע גאָלדיקע און שווערע טראָפּנס,
וואָס האָבן זיך אין נאָז און האַלדז פֿאַרקליבן
מיט זייער וואַלדיק רייצנדיקן ריח.
די פֿענצטער האָבן ווידער זיך צעעפֿנט,
אין הויף איז אויסגעצויגן הויך געשטאַנען
אַן אָנהייב פֿרילינגדיקער קלאַנג פֿון אײַזנס,
וואָס האָט געציטערט מונטער אין דער לופֿט
מיט ווייכע אײַנשניטן פֿון רעדער אין דער ערד,
מיט הירזשען פֿון די פֿערד און הויך געלעכטער.
די קו האָט ווייך געמוקעט אינעם גראָז
און ס׳האָט דאָס יונג, דאָס נײַ געבוירן, קעלבל
מיט בלוילעכע און פֿײַכטע גרויסע אויגן
געשפּילט זיך מיט דער מאַמעס ראָזן אײַטער,
געבריקעוועט אויף אַלע דינע פֿיסלעך.
און ס׳האָט די קו מיט דעם געפֿאַלדעוועטן האַלדז
געפֿירט אַריבערן דעם קײַלעכדיקן רוקן
פֿון זייגעדיקער קאַלב, און ס׳האָט די קאַלב
געטאַנצט און זיך געזשמורעט פֿאַר הנאה.

אין איין פֿרימאָרגן פֿון אַ יונגן טאָג
האָט דזשייקן עפּעס אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף.
געווען איז דאָס אַזוי: אין שאַרפֿן בלוי
פֿון יונגן זיך פֿאַרנעמענדיקן טאָג
האָט עפּעס נײַס גענומען ציִען אין דער לופֿט
מיט דין, מיט שאַרף, מיט אײַנגעשפּאַרט געפּישטש,

וואָס איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון די אויערן,
ווי ס'פּרעסט זיך איַין אַ בייזער זשומענדיקער מוק.
האָט דזשייק די קאָלדרע אויפֿן קאָפּ פֿאַרצויגן,
זיך איַינגעדרייט אין קיַילעכדיקן קנויל —
און פּטור. נאָר ס'איז נאָך קיין ציַיט געווען
זיך אָפּצוגעבן צו דער זיסער רו,
ווי ס'איז דאָס וואַסערדיק' געפּישטש פֿאַרקראָכן,
פֿאַרקליבן זיך אַרונטער דעק און קאָלדרע,
און קריכט אין אויער, און דערגייט די יאָרן.
האָט דזשייק זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כּוחות,
געבליבן שטיל פֿאַרנורעט אין דער דעק,
די אויגן אַזש צעעפֿנט אין דער קאָלדרע,
און אָנגעשפּיצט די אויערן, צום פּלאַצן.
ס'איז קלאָר: ס'איז ניט קיין קאַץ, ס'איז ניט קיין שוואַלב,
נאָר עפּעס אַנדערש. האָט ער שטיל, פּאַמעלעך,
אַראָפּגערוקט די קאָלדרע פֿונעם קאָפּ —
ער זעט: די מאַמע ליגט אַ בלאַסע אין דעם בעט
און אויף איר קישן ליגט אַ צאַפּלדיקס, אַ קליינס,
אַ רויטס און אַ צעקנייטשטס, אַ ליאַלקע־קעפּל,
מיט נאַסע הערלעך צוגעקלעפּט צום שטערן,
דאָס גאַנצע פּנימל איז לויטער מויל — און שרייט
אַ דין, אַ קוויטשעדיק, אַ לאַנג געשריי.
איז דזשייק געלעגן מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם,
ביז ס'האָט אים אויסגעריסן פֿון געלעגער,
דאָס וויַיסע העמדל אויף די קני פֿאַרריסן,
דאָס פּנים — פֿלאַם, מיט בליצן אין די אויגן,
אַוועק אַ שטורעמדיקער איבער הויז —
געשריַיען דעם אינדיאַנער קריגסגעשריי
אויף אַלע אויסגערוטע פֿרישע לונגען:
און ווי דער נעגער אין דעם טאַטנס הויף,

גערצאַפּלט זיך אין פֿײַערדיקן ברען,
געבראָכן זיך אויף אַלע גלידער,
אַוועק אין ווילדן דזשיג אויף טיש און בענק.

דער טאַטע האָט געדונגען בײַ אַ שכן
אַ פֿערד און וועגל, נאָכגעלאָזט אין הויז
אַן אַלטע נעגערטע אין רויטן קנופּ
און מיט אַ שוואַרצער דורכגעברענטער ליולקע;
געוואָרנט דזשייקן, ער זאָל נעמען אַכט,
און איז אַוועק אין ווײַטער שטאָט אַרײַן.
דרײַ טעג איז עס געוועזן שטיל אין הויז:
די נעגערטע האָט זיך געפּוילט, געזעסן שווער,
געלאָזט דעם גרויען רויך פֿון שוואַרצער ליולקע —
און ווײַטער גאָר נישט. נאָר אַז מזיק דזשייק
פֿלעגט אָנקומען אין שטוב מיט די געוואַלדן,
פֿלעגט זי זיך אויסטשוכען פֿון חלום־רויך
און לאָזן זיך אויף אים מיט בעזעמער,
מיט אַלטע שטיוול, אײַזנס, שוואַרצע טעפּלעך,
מיט וואָס נאָר ס'פֿלעגט זיך מאַכן בײַ דער האַנט.
די מאַמע אין דעם בעט פֿלעגט ריידן מיט די הענט.
און ס'האָט דאָס קינד געזויגן און געפֿרײַכט,
געשריִען און געשלאָפֿן. אויפֿן פֿערטן טאָג
איז אָנגעפֿאָרן אויפֿן הויף דאָס וועגל:
דער טאַטע איז געקומען אַ פֿאַרשפּריצטער,
אין בלעכן שטויב פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס.
נאָך אים איז קוים בײַם לעבן נאָכגעקראָכן
אַ ייִד מיט קורצע פֿיס און קײַלעכדיקן בײַכל.
מיט ברילן שטויביקע אויף ווייכע אויגן,
מיט דיקע שאַלן אַרום באָרדיק' האַלדז,
מיט לאַנגע שוואַרצע קעסטעלעך בײַם אָרעם.

מען האָט געשלעפּט פון וואָגן זײַטלעך פלייש,
מיט שוואַרצע לונג־און־לעבערס, און מיט מילצן,
מיט שמעקעדיקע אָקסנמאָגנס, גראָבע פּיס.
דער נעגער איז געוואָרן באַלד פאַרנומען:
געזענגט די אָקסנפּיס אויף פײַערן,
געפּיצלט און געהאַקט די שווערע קנאָכן.
און באַלד האָט אָנגעהויבן שמעקן אינעם הויף
מיט עכטן ערבֿ שבתדיקן ריח;
און וואָלקנס פליגן זײַנען אָנגעקומען,
און מיט געזשום זיך אָפּגעזעצט צו שמעקן.

און אַז דער ליבער שבת איז געקומען,
האָט ער פאַרשמעקט אין הויז מיט אַלע טעמען.
און אַז מען איז געגאַנגען צוז׳עם טיש,
איז דאָס געווען באַשײַנט מיט אַל דאָס גוטס:
צום אַלעם ערשט די לעבערקעס און פּופּקעס,
געהאַקט מיט ציבעלעס, מיט שמאַלץ און אייער,
מיט צוגעברוינטע קיכלעך מיטן צימערינג,
מיט גוטע ביסלעך קימלדיקן בראָנפן.
דערנאָך דאָס קאַלט פאַרגליווערטע פּעטשאַ [20],
געזאַלצן און געפּעפּערט און געקנאָבלט,
וואָס לאָזט זיך שנײַדן ווייך און קערנדיק
אין גרינלעך ווײַסע דורכזיכטיקע שטיק.
דערנאָך די פּעטע צוגעברוינטע בולבעס,
וואָס שווימען־אום אין גרויסע רעדער פּעטס.
דערנאָך האָט שרײַענדיק געוויינט דער קוגל,
דער מאָגנקוגל מיט די ברייטע גראַטעס,
געוויינט מיט שמאַלציקע, מיט געלע טרערן.

---

[20] (רוס׳) פוסנאָגע, געקילטע פּיס.

דערנאָך איז דאָס פֿאַרברוינטע פֿלייש געקומען,
אויף וועלכן ס׳האָט דאָס מעסער ניט קיין שליטה,
ווײַל ס׳האָט דאָס פֿלייש געשיילט זיך פֿאַסנווײַז,
געטונקט אין רויטן שאַרפֿן כריין מיט פֿינגער.
פֿון טאַטן האָט גערונען מיטן שוויס,
פֿון אורח האָט גערונען מיטן שוויס,
פֿון דזשייקן האָט גערונען מיטן שוויס.
די זיידעס אויף די ווענט האָבן געשוויצט,
די באָבעס האָבן גאווהדיק געשנירט די ליפּן:
— אַ פֿײַנע סעודה, גאָר אַ פֿײַנע סעודה!
און ס׳האָט די ייִדענע פֿון בעט אַרויס
געשמייכלט שבתדיק און אויפֿגעלייגט.
און צווישן איין געריכט און ביז דעם צווייטן
האָט מען געזונגען זמירות אויפֿן קול.
דער אורח האָט מיט דזשייקן זיך געוויצלט,
אין אים אַרײַנגעבראָקט אַזעלכע שאלות,
וואָס דזשייקי האָט שוין לאַנג געהאַט פֿאַרגעסן,
צי קיין מאָל נישט געוווּסט. עס איז אַוועק אַ קלער:
צי מעג מען דזשייקין רעכ׳נען צום מזומן,
אַזוי ווי ער איז נאָך נישט קיין בר־מצווה?
און ס׳איז געבליבן: מען וועט אײַנשטעלן.
און אַז עס איז געקומען צונ׳עם בענטשן,
איז שווער געווען צו קערן מיט דער צונג,
עס האָבן זיך די אויגן מיד געקלעפּט
און קעפּ געוויגט. עס האָט געשלעפּט מיט שטריק
דער זיסער, זאַטער, אָנמעכטיקער שלאָף.
דער ייִד איז אומגעגאַנגען אַ פּאָר טעג
און אָנגעמאַכט אַ חורבן אינעם הויף:
אַ שטילס, אַ קליינס, אַ צער אים אָנצוקוקן,
באַטאַפּט דאָס אײַזן און באַשמעקט די וואָל —

נאָר ס׳קען ניט זען אַ הינדל אויף די פּיס...
דאָס שאַרפּט דעם ברייטן חלף אויף זײַן שטיינדל
און פּירט אים אויפֿן גראָבן ווײַסן נאָגל,
און גייט פּאַוואָלינקע אַרויס אין הויף.
דער נעגער ווייסט שוין וואָס דאָס מיינט, און שפּרינגט,
און מאַכט אַן אַ געפּילדער בײַ די הינער —
עס פֿלי׳ען פֿעדערן, עס שטייט אַ מורא...
און ער — ער מאַכט דאָס עסק נישט געאײַלט.
ער נעמט זיך קאַלט דאָס הינדל פֿאַר די פֿליגל,
פֿאַרדרייט דאָס קעפּל מיטן האַלדז אַרויף,
פֿליקט־אָפּ רחמנותדיק די צוויי־דרײַ פֿעדערלעך,
און כיק — אַ שפּריץ מיט בלוט, אַ וואָרף אין דר׳ערד,
און ס׳פֿליט־אַוועק דאָס הינדל אויפֿן הויף.
פֿאַרקוועטשט דאָס בלוטיק׳ מעסער אין די ציין —
און פֿאַרטיק אויפֿן שטעל באַלד פֿאַר דער צווייטער.
דער מאַן וועט אים צעשנײַדן אַלע הינער —
ווען ניט זײַן קליינער ברודער מיטן ברית,
וואָלט ער זיך, דזשייק, מיט אים גערעכנט אַנדערש.

און אַז די צײַט פֿון ברית איז אָנגעקומען,
און אַז מען האָט דאָס קינד אַוועקגענומען,
אַ זאַטס, אַן אָנגעזעטיקטס, און אַ שלאָפֿנדיקס,
פֿון וויינענדיקער בלאַסער מאַמעס ברוסט;
און אַז דאָס קינד האָט פּלוצעם אָנגעהויבן
צו שרײַען מיט באַנומענעם געשריי,
ווי אָפּגעבריט מיט פּלוצעמדיקן פֿײַער —
האָט דזשייקי נישט געקענט מער אויסהאַלטן
און איז אַנטלאָפֿן פֿונעם הויז אַרויס.
ער האָט זיך אומגעדרייט אַ טאָג אין וואַלד
און ס׳הערצל האָט געקלעמט, זיך ניט געשטילט.

און אַז ער איז צוריקגעקומען מיט פֿאַרנאַכט —
און ס'איז פֿון שוחט ניט געווען קיין שפּור
צוזאַמען מיט די לאַנגע, שמאָלע קעסטלעך —
איז דזשייקן אָפּגעגאַנגען פֿונעם האַרצן.
נאָר לאַנג זיך פֿרייען איז אים ניט געווען באַשערט:
ער זעט: די קו — זי בלאָנקעט זיך אַרום
און טרײַבט ניט אָפּ די פֿליגן מיטן ווידל,
און שטשיפּעט ניט דאָס גראָז, און שמעקט אין לופּט,
און מרוקעט מיט אַ טרויעריקן געברום.
האָט אים דאָס הערצל אָנגעהויבן קלאַפּן
און אָן אַן אָטעם זיך געלאָזט צום שײַער,
ווו ער האָט לאַנג נישט זוכנדיק דערטאַפּט
דאָס רויטע גלאַנציק האָריקע פֿעלכל,
וואָס האָט זיך נאָך געררויכט אין וואַרעם בלוט.

און נאָך אַ זכר האָט דער מאַן פֿון באָרד
און פוכקן בײַכל נאָכגעלאָזט נאָך זיך:
דער נעגער האָט געטאָן בײַ אים אַ פּעולה,
זיך אויסגעלערנט שחטן ווי דער ראַבײַ.
אַנשטאָט דאָס קעפּל אָפּדרייען ווי פֿריִער,
איז ער זיך קודם מכין צו דער אַרבעט:
ער נעמט דאָס הינדל פֿאַר די פֿליגל אָן
און פֿליקט די פֿעדערן פֿון דינעם העלדזל.
פֿאַרגלאָצט די ווײַסע אויגן אין דער הויך
און פֿירט אין העלדזל מיט אַ שטומפּיק מעסער.

## שלום עליכם — אַ ייִד!

פֿון וואַנען און פֿון ווו דאָס גוטע יאָר
האָט אָנגעבראַכט צו טראָגן דעם פֿאַרשוין:
די דינע, לאַנגע נאָז האָט וואַך געלעבט,

געפּלאַטערט און געצוקט מיט ברייטע פליגל,
געשטאַנען אויף דער וואַך, און איינגעזאַפּט
דאָס מינדסטע לופטל. אויפן דאַרן פּנים
אַרומגעפּאָרן זיינען לאַנגע וואָנסן
מיט שפּיצעכדיקע עקן אין דער הויך,
וואָס האָבן אָנגעפירט אַן אייגן לעבן:
אָט זיצן זיי געמיטלעך אָנגעזאָטלט,
אָט רייטן זיי אויף בלוי ראַזירטע באַקן,
און אָט פאַרקלייבן זיי זיך ביז אין אויער
און סודען דאָרט אַרייַן וואָס נאָר צו לאַכן.
כאָטש נעם און פּלאַץ! די אויגן לאַכן־מיט
אַזעלכע קאַלטע און פאַרשלאָסענע אין זיך,
נישט גרוי, נישט בלוי, נאָר רירעווודיק און פלינק.
פאַרברענט פון זון. נאָר, זע, אַ וווּנדער גאָטס!
ס׳טאַנדעטנע בגד אויפן דינעם שטאָנדל[21],
די שמאָלע הויזן אויף די דינע דראָנגען,
די געל געשנורטע שיך מיט בולהונט[22]־נעז —
ווי גאָר נישט אָפּגעטראָגן פון דעם לאַנגן וועג,
ווי ניט אויף אים האָט שטויב און זון אַ שליטה.

ער איז אַראָפּגעפאַלן אין דעם ברוכוואַרג,
ווי ס׳פאַלט־אַראָפּ אַ פּלוצעמדיקער שניי.
דער אַלטער דזשאָש איז פּונקט געווען פאַרטיפט
אין אַ געזונטער, פרישער אָקסנפעל,
וואָס איז געלעגן אונטער אים צעשפּרייט
אין פולער לענג און ברייט, אַ האַריק טעפּיך.
דאָס איז געווען אַ ריזיקער געזונטער בול
מיט זילבערנעם, געדיכטן, שווערן האָר,

[21] מיטעלער טייל הויזן, פאַרנט. — [22] מיט פלאַטשיקער נאָז.

וואָס האָט זיך אַזש געגאָסן אין אַ גרין,
מיט מוראדיקע טיף־געקאַרבטע הערנער,
פֿאַרשאַרפֿטע ווי די שפּיזן ביי די שפּיצן;
אין שטאַרקן עק מיט שווערע גראָבע רינגען,
מיט שווערע בונטן ווייסלעך געלבן האָר,
אַרומגעגאַנגען זיינען שוואַרצע פֿליגן.
די פֿעל האָט נאָך געלעבט מיט אָדערן און בלוט,
נאָר וואָס אָוועקגענומען פֿונעם ווייסן בול,
און האָט מען זיך צו לאַנג אויף איר פֿאַרקוקט,
האָט זיך געדאַכט, די פֿעל וועט זיך אַ נעם־טאָן,
אַ שמייס־טאָן מיטן עק, אַ שטויס מיט הערנער,
און אומקערן דעם שווער קאָפּ אַראָפּ.
דערוויל איז דזשאָש נאָך אומגעגאַנגען אויף דער פֿעל,
מיט אַלע זיינע כּוחות אויסגעקערט
די לינקע זייט אַרויף, וואָס האָט געגלאַנצט
מיט ראָזע פֿאָסן בלוט און ווייסע פֿאָסן שניי,
פֿון פֿרישן נאָך ניט אָפּגעקילטן פֿעטס;
געשאָטן הויפֿנס גראָבן זאַלץ אין פֿעל
און ס׳האָבן זיך די קערנדלעך פֿאַרפֿאַרבט
אין שפּילעוודיקן ראָזיקן קאָליר.

דער פֿרעמדער איז געבליבן שטיין אין טיר:
די נאָז האָט זיך צעפּלאַטערט און צעקרימט —
עס האָבן איר די ריחות ניט פֿאַרשמעקט.
די וואָנסן האָבן זיך צעשפּילט, צעבלאָזן,
גלייך ווי זיי וואָלטן פֿליגן אָפּגעטריבן,
און ס׳האָט זיין קאָלט, שאַרף אויג אַריינגעשלונגען
דעם גאַנצן שווער ווי ער שטייט און גייט:
די גרויסע באַלן פֿון פֿאַרשטויבטער שמאַטע,
די לאַנגע גראָבע זעק געפּאַקט מיט וואָל,

די הורבעס טרוקענע פֿאַרגעלטע ביינער,
די אויסגעשפּרייטע בלוטנדיקע פֿעל
און די פֿאַרטיפֿט געבויגענע פֿיגור.
און ווי דער ייִד איז זיך אַזוי געשטאַנען
מיט קאָפּ אין פֿעל און רוקן צו דער טיר,
איז איבער אים דאָס פֿרעמדע קול געפֿאַלן,
וואָס איז אים פֿאָרגעקומען ווי באַקאַנט:
— אַ פֿײַנע פֿעל! — ער האָט זיך אויסגעגלײַכט
און האָסטיק זיך אַ קער געטאָן צום טיר
און באַלד דערויף געכאַפּט אַ קוק צום פֿעל,
ווי ער וואָלט מורא האָבן פֿאַר אַ בייזן אויג.
דער פֿרעמדער גאַסט האָט אויפֿגעכאַפּט דעם קוק
און באַלד האָבן די וואָנסן זיך צעשפּילט,
און אָנגעהויבן קריכן צו די אויערן.
נאָר דאָ האָט דזשאָש געכאַפּט זיך אין דער צײַט,
אַ הייב געטאָן אַ שמאַטע פֿון דער ערד,
זיך אויסגעווישט די הענט פֿון בלוט און זאַלץ,
און איז אַפּערגעקומען צונעם דײַטשל,
אַרײַנגעשטעקט אַ שמעקעדיקע האַנט.
און דאָ האָבן די נאָזפֿליגל צעשפּילט זיך,
די וואָנסן האָבן זיך צעפֿאָרשקעט, זיך צעבלאָזט,
דאָס מויל האָט זיך צעעפֿנט רויט און ברייט,
און ס׳האָט אַ פֿליוך געטאָן מיט צען מאָס רייד.

דאָס דײַטשל האָט גענומען שיטן ווי פֿון בוך
מיט האַלבן דײַטש, מיט האַלבן יענקי, אויסגעמישט,
געפֿעפֿערט און געווירצט מיט לשון קודש.
ס׳איז שווער געווען צו וויסן ווי אַזוי,
דאָס האָט זיך ביז צום מקום דאָ דערשלאָגן,
נאָר איין זאַך איז געווען קלאָר: דאָס דײַטשל

איז דאָ געקומען אויף צו האַלטן לאַגער.
דאָס פֿײַנסטע און טשיקאַווסטע איז געווען
וואָס ער האָט שוין געקענט אַ יעדן שכן,
געוווּסט פֿון אַלץ און אַלעמען אַרום,
און זיך געקאַטשעט בײַ די זײַטן לאַכנדיק.
געוווּסט דעם ייִדנס סחורות און מקחים,
ווי ס'וואָלט געווען זײַן אייגענער געשעפֿט
ווו ס'איז נישטאָ פֿאַרבאָרגנס און פֿאַרהוילנס.
געשאָטן עצות, ווי פֿון פֿאַס אַרויס,
און ס'מויל האָט זיך ניט צוגעמאַכט אַ רגע.
נאָר אַז אַ מוק פֿלעגט אָנפֿליִען פֿון ערגעץ,
פֿלעגט ער פֿאַרשטיינערט ווערן, אויפֿן פּלאַץ
זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פֿליסיק וואָרט.
די נאָז און וואָנצעס שטייען ווי פֿאַרפֿרירט,
די אויגן אויסגעפֿרוירן אויף דער וואַך.
און פּלוצעם — טראַסק! — אַ פּלעטשע מיט די הענט,
די נאָז און וואָנצעס הייבן־אָן צו גיין,
זיי הייבן־אָן צוריק פֿון רעכטן וואָרט,
ווו ער האָט מיט אַ רגע פֿריִער אויסגעלאָזט.
דאָס דײַטשל האָט דערנאָך מיט זיי געגעסן:
אַ לאַנדסמאַן איז אַ לאַנדסמאַן. נאָר די ייִדענע
האָט זיך אויף אים געחידושט זייער שטאַרק:
אַ פּרא אָדם! נאָר דאָס מאָלט און מאָלט...
ס'איז גאָר קיין מענטש ניט: נאָר אַ קוועקזילבער...
און אײדער אַזאַ ייִד איז בעסער גאָר נישט!
אַ הפֿקר־יונג, דאָס מײַלכל גייט אויף רעדלעך
און האָט קיין בושה ניט פֿאַר גאָט און לײַט.
זוי זי פֿאַרשטייט, וואָלט ער זיך ניט דערשראָקן
אַפֿילו פֿאַר דעם גוטן בשׂר קוויטש אַליין...
— פֿאַרקערט נאָך, זייער אָנגעלייגט, און ביטע שיין!

דאָס ברוכוואַרג אויפֿן הויף געפֿעלט אים ניט —
ס׳איז ניט זײַן גוסט. ער ליבט — זאָגט ער — געשעפֿט,
וואָס זאָל ניט אַזוי צופֿן בײַ דער נאָז,
און ווו מען זאָל זיך אָנזען מיטן מינץ
אַ יעדן טאָג פֿון גאָט. ער האָט — זאָגט ער —
פֿאַרטראַכט אַן אַנדער מין געשעפֿט, אַ פֿײַן געשעפֿט.
דער עסק איז פּשוטער: דער נעגער
וועט מוזן אָנהייבן צו קויפֿן הויזן,
ווײַל יענע הויזן, וואָס ער האָט אַמאָל
באַקומען פֿון זײַן רײַכן ווײַסן פּריץ,
זיי זײַנען שוין צעדריוולט און צעפֿאַלן.
דערצו איז בײַ די פּריצים דאָ אַ שלל
מיט אַלטע הויזן, שטאַנרעק און צילינדערס —
וועט ער עס אָפּקויפֿן אין רעכטן מחק
און וועט פֿאַרקויפֿן מיטן רעכטן מקח...
— וואָס, ניין? — געשטעקט די הענט אין קעשענעס,
געקלונגען דאָרט מיט הויפֿנס זילבערמינץ.

אַז ס׳האָט דער אורח שפּעטער זיך צעזעגנט,
איז פּלוצעם שטיל געוואָרן אינעם הויז —
עס איז אַזש אָפּגעגאַנגען אין די אויערן.
עס איז געוועזן, ווי אַ זלידנע שטאַרקע פּויק
וואָלט דרײַ שעה אויפֿן זייגער זיך צעקלאַפּט,
געבאַראַבאַנעט הויך און בייז פֿאַרביסן...
און פּלוצעם וואָלט די פּויק אַוועקגעפּלאַצט.
דער ייִד איז אַ פֿאַרמאַטערטער געבליבן.
די ייִדענע האָט דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן
און האָט צעעפֿנט ברייט און ווײַט די טיר — — —
ווי זי וואָלט וועלן לופֿטערן דאָס הויז.

# 4

## די שטאָט

דער ישובֿ האָט גענומען זיך צעוואַקסן
און טריט בײַ טריט פֿאַרוואַנדלען זיך אין שטאָט;
עס האָבן זיך גענומען הייבן אין דער הויך
די גאָרנדיקע מויערן פֿון רויטן ציגל;
עס האָבן אויף דער הויפּטגאַס זיך צעגלאַנצט
די בוכשטאַבן פֿון גאָלד אויף גרויסע שילדן
און פֿון די פֿענצטער פֿון געשליפֿן גראָבן גלאָז
האָט אָנגעהויבן גלימצערן מיט גאָלד און זילבער,
מיט פֿײַן לאַקירטן מעבל, פּאָרצעלאַן און גלאָז,
מיט שווערן סאַמעט און מיט דינעם זײַד.
דאָס הילצערן געריכטהויז איז פֿאַרשוווּנדן
און אויף זײַן פּלאַץ האָט שטאָלץ זיך אויפֿגעהויבן,
מאַסיוו און ברייט, דרײַ גאָרנדיק, אַ בנין
פֿון שווער געהאַקטע פּליטן גרויען שטיין,
מיט שטיגן צענדליגער געהאַקט פֿון מאַרמאָר,
אַרויפֿצושטייגן אויפֿן באַרג פֿון ריכט[23];
און אויפֿן בנין האָט שוין שטאָלץ געפֿלאַטערט
די ברייטע פּאָן פֿון שטערן און פֿון שטרײַפֿן[24].
דער ברייטער סקווער אַרום דעם הויז, באַדעקט
מיט פֿײַנעם גרינעם קורץ געשוירן גראָז,
מיט הויכע ביימלעך פֿרישע שנייקוגלען,
וואָס בליִען דורכן גאַנצן זומער לאַנג,
מיט ווײַסע, ראָזע, בלויע, גרויסע קעפּ.

---

[23] (פּאָעטישע ליצענץ, פֿאַרקירצט) געריכט. — [24] די פּאָן פֿון פֿאַראייניקטע שטאַטן, אַזוי פֿיל שטערן — וויפֿל שטאַטן.

דערנאָך האָט זיך די הויפּטגאַס איינגעדעקט
מיט גלאַטן, גרויען, אויסגעפּלאַסטערטן אַספאַלט.
און אַז די פריילעכע און קליינע פּאָניס [25]
צעלויפן זיך אויף אַלע קורצע פּיסלעך,
געשפּאַנט צו לייכטע קערבלעך אויף צוויי רעדלעך,
האָט נאָר געקלונגען אויפגעלייגט און הימלעך
דער פלינקער טענצלדיקער קלאַפּ פון קלאָען.
עס האָבן זילבערדיק און וואַרעם זיך געשטרעקט
אין ווייטע פּאַסן נייע ווייסע רעלסן —
דאָס האָט דער ישוב זיך באַהעפט מיט שטאָט.
עס האָט גענומען גרילצן הויך און ניי
מיט פרישע רויט און געל געפאַרבטע קאַרס [26]
מיט לעבעדיקע, גלאַנצנדיקע פענצטערלעך,
מיט נייגעריקע, אומבאַקאַנטע פּנימער.
און אויפן ברייטן גלאַטן פּלאַץ פון מאַרק
האָט שטאָלץ און ריטערלעך זיך אויפגעהויבן,
מאַסיוו און שווער געגאָסן, די סטאַטוע
פון בראַוון לי: עס זיצט דער גענעראַל,
אַ גרויער, אַ פאַרשטויבטער, אַ געלאַסענער,
און ס׳איז דאָס פערד פאַרקילט געבליבן אונטער אים
מיט שטייפע מוסקלען, צעיאָגטע נאַזלעכער,
אויף זיינע מעכטיק טאַנצנדיקע פיס.
ער זיצט און קוקט־אַרונטער אויפן מאַרק
פון הויכן, גרויען, שטיינערנעם געשטעל —
און מענטש און פערד ווי שפּילצייג אונטער אים.
און מחנות לופטיקע קאָלירטע פלעקן
פון פּורפּורנע און ווייסע, בלויע טויבן —

---

[25] שיינע, קליינע, געשיקטע פערדלעך. — [26] (ענגליש) אויטאָמאָבילן.

זיי הייבן זיך אַרויף און קרײַזן־אום
דעם מעכטיקן און שטאָלצן פֿערד און רײַטער .

האַלב שטאַט איז נאָך דערווײַל געווען פֿאַרטרונקען
אין שטרעקעס שיטערלעכן, גרינעם וואַלד:
עס האָבן נאָך געלעבט די אַלטע דעמבן
פֿון ריזיקן פֿאַרנעם אין ברייט און גרעב,
און דאָ און דאָרט האָט נאָך געלויכטן גרין
מיט היימישע צעלייגטע שנורן גערטנער,
מיט וויקלדיקע ברייטע הײַפּטלעך קרויט,
מיט רויטע שרײַענדיקע קעפּ פֿון מאָן,
מיט הויכע בלעטערדיקע קוקורוז,
מיט לאַנגע, שווערע, גרינלעך־שוואַרצע קאַוועז.
און אויף די פּלויטן האָבן זיך געפּרענדזלט
די זיסע אַרבעס און פֿאַרגעלטע שויטן.
אין סקווער, צי צוויי, פֿון דער באַפּוצטער הויפּטגאַס
איז מען פֿאַרקראָכן אין אַ לאַבירינט
פֿון ענגע, שמוציקע, געדיכטע געסלעך,
מיט ברעטלדיקע הײַזלעך ווי לאַמטערנעס,
אָן פֿענצטער און אָן קוימענס — בלויז מיט טירן.
די קעץ געגראָבן האָבן זיך אין מיסט
און קינדער נאַקעטע און שוואַרצע ווי די ערד
מיט קײַלעכדיקע קעפּ און רויטע אויגן —
זיי האָבן זיך מיט כּל המינים הינט געשפּילט.
נאָר אין די נעכט פֿלעגט ווערן יום־טובֿדיק:
ס'האָט איטלעך הויז געלויכט ווי אַ לאַמטערן,
און פֿײַערן זײַנען געווען צעלייגט אין גאַס.
די אָרעמקייט האָט זיך באַקליידט אין פּורפּור
און ס'האָט געקלימפּערט, און געקלינגלט, און געטאַנצט,
מיט אַ פֿאַרשמאַכטן זודיקן געלעכטער —

עס האָט געווייט מיט עפּעס ווײַטס און פרעמדס,
מיט הייסן זומפּ פון אַפריקאַנער ווילדוואַלד.

דאָס לעבן האָט געשלעפּט אין מאַרק אַרײַן:
די אַלטע שווײַגערדיקע, חלומדיקע ווענט
פון יחוסדיקע שעלביס און סיינט קליירס [27],
מיט שווײַגנדיקע קעלערן פון שטיין
זוו ס'האָבן אויף די ווענט געזשאַווערט יתומדיק
די קייטן און די צוואַנגען פון טאָרטורן;
זיי האָבן זיך גענומען שאָקלען אין דער לופט
פון גראָבע, פרעמדע, טרייסלדיקע ווינטן.
די אַלטע טאַטעס מיט די גרויע בערד
זיי האָבן נאָך געוואַרעמט זייער עלטער
אַרום די יונגע איידל־צאַרטע טעכטער,
וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך דעם דופט
פון ווײַטע פאַנסיאָנען און קאָנווענטן,
די ריחות פון פאַרגעלבטע פאָליאַנטן,
און בלומען אײַנגעפרעסטע אין אַלבאָמען.
און פון דעם בלאַסן שטראָם פון אַלטע דופטן
האָט מונטערדיק און העל זיך דורכגעריסן
דער נײַער דופט, פון יונגן, פרישן בלוט,
מיט ריחות פון קיל גלאַנצנדיקן קראָכמאַל
אויף די געפרעסטע ווײַסע לײַוונט־קליידער.
זיי פלעגן אין די ווײַסע טונקלע זאַלן
פאַרוויגן זיך אַריבערן קלאַוויר
מיט לאַנגע, ראָזיקע און פלינקע פינגער;
פאַרטיפן זיך אין די געשליפענע און פײַנע
עסייען פון קאַרלייל און עמערסאָן;

[27] אַריסטאָקראַטישע נעמען פון פאַמיליעס.

פֿאַרחלומען די צאַרטע, ווײַסע מיידלשאַפֿט
אין זינגענדיקע קלאָרע, טיפֿע פֿערזן
פֿון יונגן צאַרטן קיטס און אַלטן בראַונינג.
די זין זײַנען געווען שוין פֿרעמד פֿון זיי:
זיי האָבן אויסגעטאָן פֿון זיך די פֿרעק,
אַראָפּגעשוירן לאָקן, באַקנבערד,
פֿאַרוואָרפֿן די צעפֿלאָכטענע קראַוואַטן,
פֿאַרטראָגן מיט דעם נײַעם, גראָבן שטראָם —
אַוועק צום רויען האַנדל אויף דער וועלט,
און אָנגעבראַכט מיט זיך די גראָבע ריחות
פֿון סטאַדעס אָקסן, אויל און טאַבאַק־בלעטער.

און פּלוצעם האָט אין נײַער שווײַגערדיקער לופֿט
אַ הילך געטאָן מיט גרילציקן געפּײַף:
דאָס האָט די נײַע בראַזגעדיקע מיל
פֿון הויכע, גלאַטע, ווײַסע ווענט אַרויס
אַרויסגעשריִען פֿריידיק איר געשריי.
אַרום דער מיל האָט טאָג ווי נאַכט געברויזט,
געקלאַפּט מיט שווערע פֿלאַכע וועגענער,
באַלאָדענע מיט הויכע, ווײַסע בערג
פֿון רײַכן פֿעטן שמעקעדיקן ווייץ,
מיט געלבן אָנגערייטן[28] קוקורוז.
מען האָט געפֿירט, פּרובירט, געווויגן אויפֿן וואָג,
עס האָבן זיך געפּלאָנטערט פֿערד און אייזל,
און ווײַסע נעגערס האָבן זיך געבויגן,
געקרעכצט אונטער די שמעקעדיקע זעק.
די רעדער האָבן אינעווייניק געקלאַפּט
און אויף דעם גרויען גאַסיקן אַספֿאַלט

[28] אָנגעצויגן ווי פּערל אויף אַ פֿאָדעם.

האָט זיך געשפּרייט אַ הײַטל — ווײַס און דין —
פֿון פֿרישן קילן מעל ווי ווײַסער שניי.
און דרײַ מאָל דורכן טאָג: אין פֿרישן ליכט
פֿון נײַעם טויִיקן פֿרימאָרגן,
אין הייסן ברען פֿון מיטאָגדיקער שעה,
אין צאַרטער שײַן פֿון גליִיקע פֿאַרנאַכטן,
האָט מונטער, רייצנדיק, דער שאַרפֿער פֿײַף
געוואָרפֿן זיך אַריבער שטאָט און גאַסן
און זיך צעשלאָגן אין די ווײַטע בערג,
באַזוימט מיט גרינעם און געדיכטן וואַלד.

## משפחה

דער הויף האָט זיך צעוואַקסן אין דער ברייט —
און וויפֿל ברוכאײַזן ס'איז נאָר פֿאַראַן,
און וויפֿל אַלטע שמאַטעס, טויטע פֿערד,
געהאַלטן האָבן אין אײַן אָנקומען אַהין.
די אַלטע וואָג האָט קרעכצנדיק געאַרבעט,
מען האָט געפּאַקט, געוווויגן און געלאָדן,
און שווערע אײַזלען מיט די פֿעל פֿון וואַיליק
געגאַנגען זײַנען ווי צעפּאַסעוועט אין שטיק,
דער ייִד האָט שוין געקנעלט מיט נײַע נעגערס,
זיי אײַנגעבראָכן אין דער שווערער אַרבעט,
פֿון פֿרי ביז שפּעט האָט עס געקרעכצט, געבראַזגעט
מיט פֿורן און מיט ברוכוואַרג אויפֿן הויף.
די אַלטע חורבֿה האָט זיך פֿריש באַקלאַפּט
מיט נײַע, גלאַטע, שמעקעדיקע ברעטער;
מיט יעדן פֿרילינג, אַז די זון שײַנט־אויף
און טריקנט־אויס די פֿײַכטע ערד פֿון הויף,
צעעפֿנט זיך די אַלטע טיר פֿון הויז

און שיט־אַרויס אַ שפּאָגל־נײַעם נפֿש
מיט נײַע און טשיקאַווע פֿרישע אייגלעך
מיט הילכיק קוויטשעדיקע נײַע קולכלעך.
זיי פּלאָנטערן זיך אום צווישן פֿיס
און קלימפּערן מיט אײַזנס און מיט ביינער,
און קריכן, דראַפּען זיך אויף גלײַכע ווענט,
וואָס לאָזן פֿריִער זיך אָפּטרעטן אַ פֿוס
און נאָך דעם מאַכן זיי די גרויסע קולות.

דערנאָך האָבן גענומען זיך באַווײַזן
די קרובֿים און משפּחה פֿון דער היים
מיט אויסגעמאַכטע קעפּ און שאַרפֿע אויגן,
מיט פֿליישיקע און צוקנדיקע נעז,
מיט שווערע גופֿים, גוטמוטיקע בײַכער
און קלימפּערדיקע קייטלעך אויף די וועסטן.
די מענטשן זײַנען אויסגעווען אַ וועלט:
געשלעפּט זיך איבער דײַטשלאַנד, האָלאַנד, בעלגיע,
געלופּטערט זיך אין אַלע האַפֿנשטעט,
אין האַמבורג, ברעמען, אַמסטערדאַם און ראָטערדאַם,
געריטן אויפֿן ים מאָנאַטן לאַנג
אויף די באַרימטע גוטע זעגלשיפֿן
און אָנגעקוקט דעם מלאך־המות פֿאַרן לעבן.
און אַז דער גרינער ים פֿלעגט זיך צעשפּילן
און זיך צעגעגנעצן מיט ווײַסע מײַלער,
און שיף און זעגל אָפּקאָכן מיט שוים,
דאַן פֿלעגן זיי צוזאַמען מיט די מײַז
פֿאַרשטיקן זיך אין שוואַרצן און פֿאַרדעמפּטן לאָך
און אָפּזאָגן דעם לאַנגן ווידוי אויפֿן קול
מיט עכטע טרערן אויף די בלויע אויגן.
זיי האָבן דורך דער צײַט זיך אָפּגעהיט

פֿון עסן טרפֿות, אָפּגעמאַכט בײַ זיך
צו ווערן גוט און פֿרום צו גאָט און לײַטן.
נאָר ווי עס האָט נאָר זייער פּוס דערטאַפּט
דעם זיכערן ניט־וויגנדיקן באָדן —
באַלד האָבן זיי פֿון זיך אַליין געחוזקט
און אָנגענומען די געשיכטע פֿאַר אַ שפּאַס.
דערנאָכדעם האָבן זיי געמאָסטן שפּאַן בײַ שפּאַן
קאָלאָמבוסעס מדינה מיט די פּעק:
נײַ־ענגלאַנד האָט זיי אויפֿגענומען פֿײַן,
געקאָרמעט זיי מיט בולבעס און מיט חזיר,
געלאָזט זיי שלאָפֿן אין די שײַערן און שטאַלן,
געקויפֿט בײַ זיי אַ שפּילצײַג פֿאַר די קינדער.
אין פּענסילווייניע איז געווען ערגער:
דער ברודער־דײַטש האָט גאָר ניט זיך דערפֿרייט,
ווי נאָר ער פֿלעגט דערזען די נאָז און פּאַק —
באַקאַנטע נאָך פֿון אַלטער, ווײַטער היים —
האָט ער געלאָזט אויף זיי די גוטע הינט.
און אַז זיי האָבן זיך צום סוף דערשלעפּט
צום זוניקן און ווײַטן דרום־לאַנד,
דערזעגלט זיך צום ווײַטן גוטן ברודער,
האָט נאָך די זעגלשיף געשמעקט פֿון זיי
מיט טוכלער [29] סמאָלע און פֿאַרדומפּטע מײַז,
מיט אַ געמישעכץ פֿון די נײַע שטאַלן.
דערפֿאַר האָבן די אויגן פֿרײַ געשמייכלט
און בײַכער גוטמוטיק געשאָקלט זיך,
און ס'האָט דאָס מעש פֿון קייטלעך צוגעקלונגען
מיט יעדן טראָט פֿון שווערע, גראָבע פּיס.

---

[29] שימלדיק (פֿון פֿייכטקייט).

די אַלע האָבן שוין גערעדט אויף דײַטש
און ביר געטרונקען אויפֿן גרויסן שטייגער,
געראויכערט גראָבע, שטינקענדע ציגאַרן,
און אָנגעקוואָלן שטאַרק פֿון זיך אַליין
אויף אַ געלאַסענעם און גוטמוטיקן אופֿן.
געדענקט נאָך עפּעס פֿונעם ווײַטן הדר,
באַרימט געמאַכט דאָס וואָרט מאַזומאַ[30] בײַ די פֿעלקער.
נאָך זיי זײַנען געקומען שווערע ווײַבער
מיט גוידערדיקע און געפֿאַלדעוועטע מאָרדעס,
מיט שווערע, אָפּגעשטאָפּטע היפּט־און־ברוסטן,
ווי פֿעסער קײַלעכדיק אויף גראָבע פֿיס,
מיט טיכער טערקישע און ברייטע גראַטעס.
די האָבן פֿעט געבלינצלט מיט די ליפּן,
געגוידערט און געפּלוידערט ווי די גענדז,
און זייער שטאַרק געהאַלטן פֿון אַכילה.
זיי פֿלעגן קומען אויף אַ וואָך צי צוויי
בײַם ייִדן אויפֿן שמעקנדיקן ברוכוואַרג
און פֿול געמאַכט דאָס הויז מיט זייער גרעב.
גרויס נחת האָבן זיי דאָרט ניט געפֿונען
דעם ייִדנס קעסט האָט זיי ניט אָנגעשמעקט —
עס האָט געהערשט אַ טריקעניש אין הויז.
פֿלעגט מען זיך דורכגאָרגלען געהעריק, דורכשרײַען;
און אַז די דײַטשן פֿלעגן זיך צעפֿאָרן,
פֿלעגט ווערן פֿרייליכער, געראַמער אינעם הויז.

די דײַטשן האָבן זיך דערנאָך צעשפּרייט
אין לענג און ברייט פֿון גרויסן דרום־לאַנד;
אין דײַטש האָט טאַקע אויפֿן פּלאַץ געשטעלט זיך

---

[30] (פּאַרדרייט) מזומן („געלט אויפֿן טיש").

און אויפֿגעמאַכט אַ יאַטקע פֿון חזירים.
ער שטייט אין ווײַסן, שימערדיקן שירץ,
דער ווײַסער בויך פֿאַרשמירט אין ראָזן בלוט,
די אויגן שמייכלען אומשולדיק און ריין,
און שנײַדט דעם קערנדיקן ראָזן חזיר
מיט בלישטשענדיקן, ברייטן, שאַרפֿן מעסער.
אַ צווייטער האָט אין הויפּטגאַס אויפֿגעעפֿנט
אַ קליין געשעפֿט פֿון כּל המינים ווײַסצײַג,
מיט ריינע, שיינע קעסטעלעך אין רייען,
אויף וועלכע ס׳טאָר קיין שטויבעלע נישט פֿאַלן.
דאָס קרעמל האָט זיך אויסגעפּוצט די פֿענצטער,
זיך אויסגעפֿאָרבן שפּילנדיק די דילן,
און ער גייט־אום דאָרט מיטן קלאָרן טיכל,
אוןווישט דעם שטויב פֿון פּאָליצעס און קעסטלעך,
צי שטייט אַ שמייכלענדיקער אין דער טיר,
דאָס האָר אין שרונט, מיט בלײַפֿעדער אין אויער,
און גיט אָפּ דעם פֿאַרבײַגייער גוט מאָרגן...
אַ דריטער פֿירט געשעפֿטן אין די בערג
אַרום די שוואַרצע, קאַלטע קוילן־גריבער,
ווו ס׳האָבן זיך געגראָבן פּוילן
און דינע איטאַליענערס, און סלאָוואַנערס —
געגומען צעשטעלן אין ווײַטן העק
פֿון כּל המינים סחורה אויסצוצאָלן.
אַזוי האָבן די דײַטשן זיך פֿאַרשפּרייט.

דערווײַל איז זיך געלאָפֿן יאָר נאָך יאָר:
די שטאָט האָט זיך געהויבן און געשפּרייט,
דער אַלטער הויף איז שטילערהייט געוואַקסן,
די פּיצלעך קינדער האָבן זיך געהויבן
מיט שוואַרצע קעפּלעך און מיט בלאָנדע קעפּלעך

צווישן אײַזנס, פֿערדגעביין און קאָדער;
דערנאָך איז מען געגאַנגען אין די שולן
און אָנגעבראַכט אין הויז דעם נײַעם לשון
מיט נײַע לידער און מיט נײַ געזאַנג...
די שטילע ייִדענע האָט זיך אַרויסגעשלאָגן
פֿון אירע כּוחות, טוענדיק איר אַרבעט.
דער ייִד האָט ווי דער אייזל שווער געפּראַצעוועט,
ניט וויסנדיק פֿון טאָג און ניט פֿון נאַכט —
דער שבת איז געווען צו קורץ צום שלאָפֿן.
די אַלטע ספֿרים האָבן דורך דער צײַט
פֿאַרעלטערט זיך און זיך באַדעקט מיט שימל,
און רב בחיי אין דעם געלן אײַנבאַנד
האָט עלנט און פֿאַרשעמט געטוליעט זיך
צום אַלטן גאַנג פֿאַרגעניסע משניות.

## ליטוואַקעס

צום סוף האָבן גענומען זיך באַווײַזן
די לעבעדיקע, רירעוודיקע ליטוואַקעס,
וואָס האָבן בלויז גערעדט מיט הענט און אויגן.
פֿאַרמאָרעט, אויסגעצערט, מיט גרינע פּנימער,
מיט בײַכער אײַנגעפֿאַלענע, ווי כאָרטן[31],
מיט אומעטיקע, הונגעריקע אויגן.
די האָבן שוין געבראַכט די ניי־מאַשינדלעך,
די רעמלעך און דעם בלאָק[32] פֿון היטלמאַכער,
די קנײַלעכדיקע, אויסגעהוילטע בענקלעך
מיט נאָלן און מיט העמערלעך פֿון שוסטער —
די חבֿרה בעל־מלאָכות פֿון דער היים.
זיי האָבן זיך באַזעצט בײַ די קאַנאַלן,

[31] דאַרע, הויכע הינט מיט שפּיציקע מאָרדעס (יאַגדהינט). — [32] שטיק האָלץ.

אויף ווײַנגאַס און אויף וואַסערגאַס, און ליימגאַס,
די גאַסן ווו עס שנײַדן זיך אַדורך
די בלאַנקע רעלסן פֿון דער אײַזנבאַן,
און ווו עס קומען זיך אַהין פֿאַרברענגען
בײַם גלעזל ביר און שנאַפּס די ווילע שוואַרצע.
מען האָט זיך אויסגעזעצט אין אַלטע חורבֿות,
מיט קליינע, שטיביקע, צעזעצטע פֿענצטער.
דער שנײַדער האָט אַרויסגעהאַנגען דרויסן
אַ פּאָר פֿאַרלאַטעטע געפּרעסטע הויזן,
וואָס האָבן אין אַ ווינט געבלאָזן זיך
און אַנגעפּאַטשט פֿאַרבײַגייערס אין פּנים;
דער שוסטער האָט צעוואָרפֿן אין זײַן פֿענצטער,
אַ באַרג מיט אויסגעדרייטע קרומע שיך,
האָט צוגערוקט דאָס בענקעלע צום פֿענצטער,
די פּלייצעס אויפֿגעהויבן העכער פֿונעם קאָפּ,
מיט גרויס התמדה און מיט ברען גענומען
צו שלאָגן נעגל אין די אַלטע שטיוול.
דער היטלמאַכער האָט אַרײַנגעשטעלט אין שויב
דעם קײַלעכדיקן בלאָק — ווו אויפֿן שפּיץ
האָט אויסגעפּרעסט און יום־טובֿדיק געגלוט
אַן אַלטער קאַפּעליוש — אַ שפּאָגל נײַער.
מען האָט זיך אין די לעכער אויסגעזעצט — און שוין
מען האָט געגעסן אין געדיכטן שטויב,
מען האָט געטרונקען אין געדיכטן שטויב,
מען האָט געקליבן סענט צו סענט און אָפּגעשפּאָרט
אויף שיפֿקאַרטן אַהיים פֿאַר ווײַב און קינדער.

עס האָבן זיך אַראָפּגעשאָטן פֿון דער היים
די גרינע, דינע אויסגעצערטע ווײַבער
מיט ברייטע הענט, מיט בלויע, שווערע אָדערן,

מיט שימערדיקע אויגן, ווי ביי וועלפּיכעס,
מיט קינדערלעך, ווי גרינע אַרבעסלעך,
מיט רינענדיקע אויערלעך און נעזלעך,
איינס קלענער פֿון דעם אַנדערן — און גאָר.
מען איז פֿאַרפֿאָרן אין דעם מאַנס געשעפֿט
מיט גרויסע פּעק פֿון אַלטן בעטגעוואַנט,
מיט מעשענע צוויי לײַכטער, קוגלטעפּ,
מיט בײַכיקע און געלע סאַמאָוואַרן.
מען האָט צעפּאַקט די גרויסע שווערע פּעק,
אַוועקגעשטעלט אַ צוויי, דרײַ אַלטע בעטלעך,
פֿאַרצאַמט דעם הינטערשט חלק פֿון געשעפֿט
מיט רויטע און מיט גרינע פֿאַראַוואַנען[33] —
און פֿאַרטיק מיט דער באַלעבאַטישקייט.
און מאָרגנס, אַז די קינדער האָבן זיך צערירט,
האָט זיך עס אָנגעהויבן דאָס געשריי
מיט שאַרפֿע קניפּן, רײַסעניש פֿון האָר,
מיט פּײַקלדיקע בוכנצעס און דראַפּען.
די מאַמע פֿאַלט־אַרײַן אין לעבעדיקן קנויל
פֿון די צעקרעלטע און צעלאָפּענע ממזרים.
דאָס בלויע מײַלכל גייט געשמירט אויף שרײַפֿלעך,
און שיט מיט פּעך און שוועבלדיקע קללות,
און אײדער וואָס און ווען — אַהאַ, דער מאַן! —
זי האָט אים שוין גענומען אויפֿן צימבל
אין איין חבֿרותא מיט קאָלאָמבוסן,
און מאַכט פֿון ביידן נאָר אויף אויסצודרייען.
עס שטייט דער סוחר פֿון די אַלטע הויזן
און קראַצט זיך אין פּאַטילניצע[34] און גאַפֿט
אַ שאַרפֿע צונג, האָט גאָר נישט ניט פֿאַרגעסן.

[33] „טערקישע ווענטלעך", באַוועגלעכע, לייכטע — [34] הינטערשטער שאַרבנטייל.

דערנאָך האָבן די פּאַכן זיך צעמישט
דער שטיוולנייער האָט אַרײַנגענומען הויזן,
דער הויזנשטעפּער האָט אַרײַנגענומען שטיוול,
דער היטלמאַכער האָט אויףביידן זיך פאַרקוקט
און נאָך אַ קורצער איבערלייגעניש געגאַנגען,
אַרײַנגעשטעלט אי הויזן און אי שטיוול.
דאָ זײַנען שוין די אייבערשטע געווען גערעכט:
געגאַנגען, אָנגעשאָטן פּולע פּענצטער
מיט טוכלע און צעדרייטע קאַפּעליושן.
דערנאָך האָט מען זיך אָנגעברוגזט, זיך פאַרקרימט,
צעשטעלט זיך אין די טירן פון די קראָמען
מיט פּנימער פון קריגערישע הענדלער —
זיך אויסגעשטעלט צו וואַרטן אויפן נעגער.
די ווײַבער האָבן אויך אַ האַנט גענומען
און אָנגעגורט מיט מוט די בראַווע מענער.
און גאָט ווייס ווי, פון וואַן, און ווי אַזוי
זיי האָבן זיך דערוווּסט פון צווייטנס יחוס,
פון טאַטנס צד און מאַמעס צד, און מחותּנים
ביז צו די ווײַטסטע אָפּגערוקטע דורות...
האָט מען גענומען אויסרעכענען יחוס,
פאַרקראָכן אַזש אין יענעמס אינגעווייד,
געשמאַק, באַטעמט, מיט ניגון, מיט געזאַנג,
מיט ווײַסן שוים אויף דינע, בלויע ליפּן.
דערפאַר, אַז ס'איז געקומען צו אַ שׂמחה,
ווען ס'האָט זיך איינע פון די קריגערישע ווײַבער
געלייגט אין קימפּעט, צי חלילה בײַ אַ צער —
איז מען זיך בײַגעשטאַנען איינס דאָס אַנדערע,
מען איז געוואָרן צוגעקלעפּט און זיס,
כאָטש צוצולייגן צו אַ האַרטער מכּה;
מען האָט די קימפּעטאָרין אָפּגעהיט,

גענעסקט זיך, געבאַקן און געסאַרווערט,
געקאָכט די שאַרפֿע מאַנדלדיקע יאַיכלעך
און אויפֿגעפּאַסט די קינדער ווי די שׂררות.

דערווײַל איז שוין אין שטאָט אַרומגעגאַנגען
אַ דאַרער נפֿש מיט אַ הויכן גאָרגל,
אין גלאַנצנדיקן לאַנגן בגד, אויסגעשמירט
מיט בלוט פֿון עופֿות און מיט טראָפּן פֿעטס.
זײַן עבֿודה איז געווען: אַרומצוגיין
אַריבער אַלע קרעמלעך מיטן סידור —
און קלאַפּן, אָנדולן אַ פֿולן קאָפּ
די מעקסים מיט די היימיס מיט די סעמיס[35];
אַרײַנדרעלן אין זיי דעם טראָפּ[36] פֿון סדרה,
פֿון וואָס די נעגערס פֿלעגן אָנקוועלן,
פּרובירן נאָכמאַכן דאָס פֿײַן געזאַנג.
אויך פֿלעגט ער יעדן פֿרײַטיק פֿרי זיך מעלדן
אַ שפּראָץ אויף טאָג, די עופֿות קוילענען
און אָפּגעבן די ברייטע באַלעבאָסטעס
דעם ברייטן און דעם פֿײַנעם גוטן מאָרגן.
מיט זונפֿאַרגאַנג פֿלעגט מען דאָס בענטשן ליכט,
די מאַנסלײַט מאַכן קידוש אויפֿן קול
אויף די צוויי היימישע געבאַקטע חלות.
די ווײַבער ווערן גאָטספֿאָרכטיק און שטיל,
און קוקן מיט דרך־ארץ אויף די מאַנען.
און שבת פֿרי האָט מען זיך אויפֿגעהויבן,
און אָנגעטאָן דעם טלית ווי געהעריק,
אַוועקגעכאַפּט דאָס שבתדיקע דאַוונען,
אַרײַנגעכאַפּט דאָס ביסל קאַלטע עסן,

[35] אָפּשפּיגלענדיק פֿון פּאָפּולערע ענגליש־ייִדישע נעמען. — [36] נאָטן, נוסח, ווי צו מעביר זיין די סדרה, לייענען די תורה (אין שול).

אַרויפֿגעצויגן ס׳פֿאָרהאַנגל פֿון פֿענצטער,
צעעפֿנט ברייט די טיר אין גאַס אַרויס,
און שוין — ס׳איז אָפֿן דאָס געשעפֿט פֿאַר האַנדל.

און אייגנטלעך איז דאָס געווען נאַטירלעך:
אַ מענטש וואָס האָט געגרינט נאָך אין זײַן שטעטל
האָט דאָרטן נאָך געוווּסט, אַז בײַ קאָלאָמבוסן
איז אַרבעטן אין שבת ניט קיין זינד.
דעם שבת פֿאַרן זיך געזעגענען
האָט ער געלאָזט זיך געבן אַן עליה
און ער, ווי אויך דער גאַנצער שבתדיקער עולם,
האָט גוט געוווּסט: אַ מאָנאָט, צוויי, פֿון הײַנט,
וועט ער דאָרט אין דער נײַער, ווײַטער וועלט
אַרומשלעפֿן זיך ערגעץ מיט אַ פּאַק,
צי סטריגעווען תּחתּונים אין פֿאַבריק,
צי עפּעס טאָן אַזוינס וואָס איז ניט שבתדיק.
די חכמה איז געלעגן נאָר דערין:
מען האָט געאַרבעט שבתדיקן טאָג
נאָך שווערער ווי אין וואָכעדיקע טעג,
ווײַל שבת קריגן מענטשן זייער שׂכירות;
געמאָסטן שיך און הויזן אויף די נעגערס,
געשפּיגן מיטן גאַל און מיטן האַרצן —
נאָר האָבן זיך די שטערנדלעך באַוויזן,
פֿלעגט באַלד דער סוחר אָפּשטעלן זײַן האַנדל,
אַרײַנכאַפּן זיך הינטער פֿאַראַוואַן
און מאַכן די הבֿדלה אויפֿן קול.

דערפֿאַר האָט זיך אין זיי אַרײַנגעקריצט
אַן עלפּט געבאָט, וואָס מען האָט אָנגענומען
ווי ס׳שטייט און גייט, און היילִיק אָפּגעהיט —
דאָס נײַ געבאָט: זאָלסט העלפֿן זיך אַליין.

האָט מען געבראַכט אַ ברודער פֿון דער היים,
האָט ער עס נאָך דעם אָפּגעצאָלט ביי וואָך,
און דרײַסיק יאָר נאָך דעם דאָס ניט פֿאַרגעסן.
מען פֿלעגט דעם ברודער לייגן אויפֿן וואַרשטאַט
און מאַרגנס אים אַרויסבאַגלייטן מיטן פּאַק:
— קרענק אויך, ווי מיר, און דאַר און ווער געשוואָלן!
מען האָט גערעכנט זיך צום האַלבן סענט.
און האָט איין ווײַב געלײַען ביי דער צווייטער
אַ מעסטל זאַלץ, צי מעל, אַ שטיקל צוקער,
און האָט פֿאַרגעסן אָפּגעבן אין צײַט —
האָט מען געהאַט דערנאָך וואָס צו געדענקען:
און ביי דער ערשטער אָפּענער מחלוקה
געשרײַען וועגן דעם אין אַלע גאַסן.
און דאָס איז אויך געווען גאַנץ נאַטירלעך:
אַ מענטש, וואָס שלעפּט אויף זיך דעם שווערן פּאַק
און ס'שווילן אים די פֿיס אַזוי ווי קלעצער,
און האָט צו טאָן מיט הינט און בייזע גויִים —
צי איינער, וואָס ליגט אײַנגעשפּאַרט אין שטויב,
פֿון פֿרי פֿאַר טאָג און ביז אַ שטיק אין נאַכט,
און שלאָגט די נעגל אין די אַלטע זוילן —
אַזעלכע ווייסן וואָס דער סענט באַטײַט.
און אַז אַ מענטש פֿלעגט מאָנטיק פֿרי באַגינען,
אַוועקמאַרשירן מיטן פּאַק אין דאָרף —
פֿלעגט ער דער ווײַב זײַנער צו ערשט דערציילן,
אַז ער וועט שבת האַלטן אויפֿן דאָרף.
און פֿרײַטיק־נאַכטס, ניט פֿרײַער ווי נאָך ליכט בענטשן,
פֿלעגט דאָס דער מענטש אַרײַנפֿאַלן אין הויז.
און אַז די ווײַב פֿלעגט ווערן גרין און געל:
זי האָט זיך ניט געריכט לכּבֿוד שבת —
פֿלעגט ער, דער מאַן, זי טרייסטן אויפֿריכטיק:

— נישקשה, שאַ, ס'עט רעכט זײַן ווי עס איז,
גיס צו אַ שעפּער וואַסער, און גענוג!

אַזוי האָט די פּאַרדאַרטע, גרינע ליטע
אַרײַנגעקליבן זיך און זיך צעלייגט
אין פּעטן און געבענטשטן דרום־לאַנד.

## ווידער ליטוואַקעס

די ביימער האָבן זיך געבויגן פֿון דער לאַסט
פֿון רויטע גלאַנצנדיקע קילע עפּל
און דורכזיכטיקע ראָזע אַפּריקאָזן.
אַ וואַלד איז נאָך געווען אַ וואַלד: געפֿלאָכטן,
געצווײַגט, געקניפּט, געקנוילט, צונויפֿגעדרייט,
און פֿון גדיכטקייט האָט געשמעקט מיט פֿוילקייט,
מיט נאַסע שוואָמען, ווילדע קוסטן מאַלינעס,
מיט דורות אַלטע שיכטן וואַלד־געוויקס,
ווו אין פֿלאַנץ האָט דערשטיקט אַ צווייטע פֿלאַנץ
און איז פֿון צווייטערס בויך אַרויסגעקומען,
און אין די שאַרפֿע, ליכטיקע לבנה־נעכט
נאָך פֿלעגן ציִען זיך די קייטן הירשן
מיט וואַלדיקע גדיכט געצווײַגטע הערנער
צו זילבערן לבֿנהדיקע וואַסערן.
און קאַראַוואַנען ווילדע שטאַרקע ענדיקעס
מיט מעכטיקע געשפּריצט קאָלירטע פֿליגל,
מיט פּיס פֿון עכטן שטיינקאָליר און האַרטקייט —
זיי פֿלעגן אָנפֿליִען אין וואַלד צו האַלטן נאַכט,
באַזעצן זיך אין שוואַרצע, שטאַרקע צווײַגן,
און כאָלדערן [37] פֿון שלאָף בײַם מינדסטן שאָרך.

[37] ווי עס שרייט אַן ענדיק.

אין מיטאָג־שעה, פֿון ריינעם גאָלד געשמאָלצן,
פֿלעגט אינעם וואַלד אַ צי טאָן מיט געשמאַק
פֿון רײַכן, שווערן, פֿליסנדיקן האָניק,
מיט דעם געזשום פֿון גאָלדיק שווערע בינען.
די ווײַטע פֿלאַך האָט נאָך אין זיך פֿאַרהאַלטן
די ערשטע פֿרוכטבאַרקייט פֿון יונגער ערד,
וואָס האָט געשאָסן און געשפּריצט מיט זריעה.
דאָס גראָז איז פֿעט געוועזן און שווער, און שפּריצנדיק,
און שווערע סטאַדעס אָקסן זײַנען אַרומגעגאַנגען
מיט אומגעהייער ברייטע רוקנס, הערנער,
און קי האָבן געשלעפּט אין פֿעטן גראָז
די שווערע אָנגעקוועלטע אײַטערס מילך.
און אומגעציילטע סטאַדעס ווײַסע שאָף —
זיי האָבן זיך ווי ווײַסע רירעוודיקע פֿלעקן
געקײַקלט זיך אין לעבעדיקן גרין,
ווי ווײַסע כוואַליעס אין אַ גרינעם ים.
און אַז דער פֿאַרמער פֿלעגט אַראָפּברענגען אין שטאָט
זײַן רײַכן איבערפֿלוס פֿון פֿעלד און גאָרטן
און בלוטיק רויטע שפּריצנדיקע בוריקעס,
אין שווערע ווײַסע בולבעס, ווי די שטיינער,
אין גרין און פֿעסט געוויקלטע קעפּ קרויט —
האָט מען עס ניט געמאָסטן אויפֿן בושל,
נאָר אויסגעטיילט אין זעק פֿאַר קליינעם זילבער.
אַ שווערע פֿעטע הון פֿאַרקויפֿט צו פֿערטעלע
און הענער האָט מען צוגעלייגט אין צוגאָב.

אַז ליטע איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער שפּע,
אין לאַנד וואָס האָט געפֿלאָסן מילך און האָניק,
און אַז זי האָט זיך אויסגעלערנט עסן —
האָט זי זיך אויסגעזעצט אין שטויב פֿון קראָמען

און האָט געגומען שרײַבן פֿײַנע גרוסן
אין די פֿאַרשמאַכטע הונגעריקע שטעטלעך.
סע האָט דערציילט זיך ווי ס׳איז גוט און ווויל,
מען וואַרפֿט זיך אום מיט פֿלייש אין מיטן וואָך,
און וואָס פֿאַר אַ פֿלייש נאָך! — הינער, גענדז און קאַטשקעס.
און ברויט עסט מען פֿון פֿײַנעם ווייצנמעל,
און ס׳וואַלגערן זיך אום דאָרט אין די גאַסן
די גרויסע, רויטע, זיסע קאַוואַנעס,
וואָס שפּריצן מיט דעם האָניק־זיסן סאָק[38]...
און די פֿאַרדאַרטע צעטריקנטע משפּחה,
וואָס האָט געגערט זיך אויפֿן שוואַרצן ברויט
מיט וואַסערדיקע בולבעס אין די שאָלן,
האָט אָנגעהויבן חלומען פֿאַרשמאַכט
פֿון ווײַטע ימען און פֿון פֿעטן לאַנד,
פֿון וואַנען ס׳קומען אָן די פֿײַנע בילדער
פֿון טעכטער און פֿון זין מיט גלאַטע פּנימער,
פֿאַרפּוצט אין פֿײַנע גלאַנציקע צילינדערס,
מיט גראָבע שווערע קייטן אויף די בײַכער,
מיט קײַלעכדיקע אייניקלעך, ווי מאָפּסן.
נאָר אַז די מאָפּסן פֿון די פֿײַנע בילדער
האָט שוין דערעסן און געקראָכן פֿונעם האַלדז
די מוציא ברויט מיט אָנגעשמירטן האָניק;
און אַז די גרינע דינע באַלעבאָסטע
האָט אָנגעהויבן בענקען נאָכן הערינג —
פֿלעגט זי זיך נעמען צו דעם מאַנס געביין
און אויסלאָזן איר האַרץ צו דעם קאַלאָמבוס:
זײַן ברויט איז ניט קיין ברויט, זײַן פֿלייש איז ניט קיין פֿלייש,

[38] זיסע זאַפֿט.

**אַ הון איז דאָ קיין הון ניט און, להבדיל,**
**אַ ברודער איז קיין ברודער ניט — און גאָר.**

די מאַנען אָבער האָבן זיך דערווײַל
בשלימות אָנגעטריבן זייער מסחר:
מען האָט געשלעפּט זיך איבער וועג און שטעג
אין נײַעם פרעמדן מוראדיקן לאַנד
מיט שווערע נאַקנברעכנדיקע פּעק.
דער מאַן אין וועג איז אָפּגעקומען מיטן ברויט,
מיט אַ געבאַקטער בולבע, מיט אַן איי,
וואָס ס'האָט דער פּאַרמער אים געשאָנקען.
מען האָט געפינצטערט טאָג ווי נאַכט אין קראָם,
געבראָטן זיך בײַם ברענעדיקן אײַזן,
געבראַזגעט אויף די אַלטע ניי־מאַשינען,
אַרײַנגעטעגהט מיטן האַרץ אין נעגער.
און מערקווערדיק איז עס געווען: ווי שנעל
די מענטשן אָן אַ צונג האָבן באַגריפן —
און קלאָרער זאָגנדיק — דערשמעקט, דערטאַפּט,
דעם נאַקעטן מהות פון פרעמדן נעגער,
פון דער עקזאָטישער און ווײַטער ראַסע,
מיט יעדן זייער קנייטש און ריר און דריידל,
מיט זייער אויפריכטיקן קינדערישן לאַכן
און מיט דעם שפּעטער אײַנגעפּלאַנצטן אומעט,
מיט זייער גוסט און רײַכן טראָפּישן געשמאַק.
און ס'איז געווען נאַטירלעך, וואָס דער נעגער
האָט אויך פון זײַן צד באַלד דערשמעקט, אַז די —
זיי זײַנען עפּעס נענטערע מענטשן;
געהערן טאַקע צו דער ווײַסער ראַסע,
נאָר ווײַסע ראַסע פון אַן אַנדער מין...

די דײַטשע ברידער האָבן מיט די נעז

געקרימט זיך אויף די אויסגעדאַרטע ײדלעך
און האָבן זיי באַטיטלט: גרינע שנאָרערס!
און שפּאַס געמאַכט פון זייערע מנהגים.
נאָר צוויי מאָל דורכן יאָר: אין מוראדיקע טעג
פון ראש־השנה און יום־כּיפּור, פלעגט דער תּהום,
דער ברידערלעכער תּהום באַהעפטן זיך —
צונויפגעקומען דאַוונען מיט אַ מנין.
דערנאָך פלעגט מען זיך ווינטשן גוטן יאָר
און זיך פונאַנדערגיין ביז קומענדיקן יאָר.
די איינציקע, וואָס פלעגן ווי עס איז
אַריבערשפּרייזן יענעם תּהום, געוועזן איז
דער לאַנגער דאַרער שאָכטער מיטן חלף,
און דער בית־עולם צווישן פרעמדע צלמים:
און אַז אַ דאַר, אַ קרענקלעך ליטוויש קינד
האָט ניט געקענט פאַרטראָגן מער דעם שטויב
פון טאַטע־מאַמעס נעגערשן געשעפט
און האָט פאַרבענקט זיך נאָך אַ בעסער וועלט —
האָט מען זיי ברידערלעך געלייגט צוזאַמען
אין דעם קליין קבֿרימדיקן ײדישן בית־עולם.
ווײַל ערשטע צו באַנײַען דעם בית־עולם
געוועזן זײַנען די שוואַכע בלאַסע קינדער —
און ס'האָבן זיך געהויבן קליינע בערגלעך
מיט דינע ווײַסע ברעטלעך בײַ צוקאָפּנס,
און אויף די ברעטלעך אינעם פּײַנעם גראָז
האָט אויף דער דרומדיקער זון געלויכטן
פּירעקעדיק און נײַ די פרעמדע שריפט.

## 5

### דזשאָשואַ

אַז דזשאָש האָט אָפּגעקויפֿט דעם אַלטן טאָמפּקינס פּלאַץ,
האָט ער דערשפּירט זיך פּלוצעם, ווי ער וואָלט
געלאָזן טיפֿע וואָרצלען אין דער ערד.
זײַן בליק איז מיט אַ מאָל געוואָרן זיכער,
געוואָרן גוטמוטיק און קלאָר, און שמייכלענדיק.
זײַן פֿעסטער טראָט אין אַלטן ברייטן הויף
האָט אויסגעקלונגען זיכערקייט און מוט.
דאָס פּנים איז געוואָרן מונטער, אויפֿגעלייגט,
און אין די קנייטשן פֿון דער נאָז און ליפּן
האָט אָנגעהויבן שפּילן לײַכט אַ שמייכל.

עס האָט פֿאַר אים זיך אָנגעהויבן ציִען
אַ קייט פֿון רויִקע און אַרבעטזאַמע יאָרן.
מיט לײַב און זעל פֿאַרטיפֿט אין זײַן געשעפֿט
האָט ער אַליין גאָר נישט באַמערקט, ווי דורך דער צײַט
איז ער געוואָרן אײַנגעוואַקסן אין דער ערד,
ווי אַלץ איז אים געוואָרן נאָענט און אייגן.
זײַן ענגליש׳ צונג איז אים געוואָרן פֿרײַ
מיט איטלעך בויג און אויסדרוק פֿון די שכנים.
ער האָט געהאַט אַ וויץ פֿאַר יעדן איינעם,
אַ פֿרײַנדלעך וואָרט, אַ קלוגן, קורצן משל,
גענומען פֿון אַ שׂכלדיקן מדרש,
פֿון וואָס די בראַווע שכנים פֿלעגן אָנקוועלן.
האָט מען באַדאַרפֿט צו בויען אַ שפּיטאָל,
צי אויפֿשטעלן אַ נײַע קירך, איז מען
געקומען צו דעם דזשאָש נאָך אַ נדבֿה.

מען האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן צו אים —
אין אַ פֿאַרלעגנהייט וועט מען שוין קומען
צום אַלטן דזשאָש, צו האַלטן זיך אָן עצה.
און פֿלעגן שכנים קומען צו אַ סיכסוך,
פֿלעגט אָפֿט מאָל דזשאָש די צדדים אויסגלײַכן
און ברענגען זיי צו שלום דורך אַ פּשרה.
און נאָך דעם ווי די נײַע בעסטע פֿרײַנד —
זיי האָבן שוין באַנעצט דעם שלום מיט אַ טרונק,
דאָ פֿלעגן זיי אויף זיך אַליין זיך חידושן:
— למאַי מען האָט זיך גאָר באַדאַרפֿט צו קריגן?
דער עסק איז דאָך אַזוי קלאָר און פּשוט...
אַ קינד אין וויג קען דאָך אַזוינס באַנעמען.
און אַז די מאָס פֿלעגט ווערן איבער פֿול,
פֿלעגט מען שוין קושן זיך דורך הייסע טרערן
און האַלטן אין איין טענהן מיט התפּעלות:
— אײַ, דזשאָש!... ער טראָגט אַ קאָפּ אויף זײַנע פּלייצעס!
נאָך שפּעטער, אַז ס'האָט דזשאָש גענומען פֿירן
די פֿורן רויטע ציגל אויף זײַן פּלאַץ
און זיך געשטעלט צו מויערן זײַן בנין —
דאָ האָט מען שוין אין גאַנצן אויפֿגעהערט
דעם אַלטן דזשאָש צו קלאַפּן אויף דער פּלייצע.
עס האָט זיך אויסגעלייגט אַ דיקער פֿונדאַמענט
פֿון גרויסע סקווערן שווערן גרויען שטיין,
און נאָך דעם האָבן זיך צעוואַקסן ווענט
פֿון נײַעם רויטן ציגל, שנור און שנור,
מיט גראָדע ווײַסע רייען הויכע פֿענצטער.
און אַז דער רויטער דאַך פֿון שווערן בלעך
האָט זיך צו לעצט צעלייגט און זיך צעגלאַנצט —
האָט ער הרחבֿהדיק מיט זיך באַשיצט
אַ נײַעם גרויסן און געראַמען בנין.

פֿיר גאָרן הויך, פֿון אומגעהייער ברייט און לענג,
מיט ברייטע שווערע טויערן פֿון אײַזן
אויף ביידע זײַטן פֿון דער לענג פֿון בנין,
מיט גרויסע ליפֿטס [39] אַרויפֿצוציִען סחורה,
מיט ליכטיקע גערוימע קעלערן — געבויט
פֿון אײַזן און קאָנקריט [40] צו האַלטן פֿעל,
מיט פּרעסן און מאַשינען אויף צום פּאַקן,
און מיט אַ גרויסער ליכטיקער קאַנטאָר
ווו ס'איז אַ שטילער קרובֿ שוין געזעסן
און זיך געגריבלט אין די דיקע ביכער.

אַז דזשאָש האָט אויפֿגעבויט זײַן לעבנס־בנין,
איז שוין זײַן קאָפּ געווען דורכגעשטרײַפֿט
מיט אײַזן־גרויע פּאַסן האָר; זײַן פּנים,
פֿאַרבאַקן אין אַ העלער ציגל־רויטקייט,
מיט טיפֿע קנייטשן אַרום שטאַרקן מויל —
האָט מיט באַהאַלטן זיכערקייט געשמייכלט.
דאָס הויז און הויף געווען זײַנען פֿול
מיט שלאַנקע און אַטלעטיש שטאַרקע זין,
און יונגע דינע פּוריטאַנער טעכטער
אין ווײַסע קליידער און מיט לאַנגע צעפּ,
מיט רייך געשניצטע ברוינע פּנימער.
נאָר די זײַנען געווען שוין פֿרעמד און ווײַט
פֿון אַלטן שטאַם; אַפֿילו ער, דער טאַטע,
איז דורך דער צײַט געוואָרן פֿרעמד צו אַלעם,
געוואָרן גלײַכגילטיק און קאַלט צום גלויבן.
דעם שׂטן, אַז דו גיסט נאָר אָפּ איין פֿינגער,
פֿאַרלאַנגט ער באַלד די גאַנצע האַנט: צו ערשט

---

[39] ווינדעס, הייבערס. — [40] צעמענט (פֿאַר הייזערבוי).

האָט ער פֿאַרפֿעלט אַ דאַוונען, שפּעטער נאָך איינעם,
און באַלד איז אים אין גאַנצן שווער געוואָרן,
ביז ער האָט אויפֿגעהערט אין גאַנצן דאַוונען...
דעם שבת פֿלעגט ער האַלטן נאָך געשלאָסן —
נאָר אײַנגיין איז עס אים ניט אײַנגעגאַנגען.
אַנשטאָט צו רוען און אַרײַנקוקן אין ספֿר,
האָט אים דער קאָפּ געטראָגן אין געשעפֿט.
און וואָס מער דאָס געשעפֿט איז זיך צעוואַקסן,
איז אַלץ דער שבת מער צו לאַסט געפֿאַלן...
און אָפֿט מאָל פֿלעגט ער שבת, אומגעריכטערהייט,
זיך כאַפּן, אַז ער חשבונט מיט אַ בלײַפֿעדער —
ער פֿלעגט אַ ווײַל פֿאַר זיך אַליין זיך שעמען,
נאָר באַלד זיך ווידער אין געשעפֿט פֿאַרטיפֿן.
די איינציקע, וואָס האָט אויף דעם געזיפֿצט,
איז בלויז געווען די דינע הויכע ווײַב:
זי פֿלעגט נאָך מאַכן שבת־קודש ווי אַמאָל,
און בענטשן שבת־ליכט און זאָגן תּחינות,
און בענקען נאָך די אַלטע גוטע צײַטן.
דער שײַן פֿון די געבענטשטע ליכט האָט אָבער
פֿאַרטרײַבן ניט געקענט די פֿרעמדע וואָכיקייט,
און ס'האַרציקע געבעט פֿון אַלטע תּחינות
געפֿאַלן איז פֿאַרשעמט און איבעריק
אין ווײַטע אויערן פֿון פֿרעמדלאַנד־זין,
און אָפּגעפֿרעמדטן אייגן פֿלייש און בלוט
פֿון שלאַנקע טעכטער מיט אַ פֿרעמדן לשון,
וואָס קוקן בײַ די שבת־ליכט אַרײַן
אין אומפֿאַרשטענדלעכע און ווײַטע ספֿרים.

און דאַן האָט שוין דער נאָמען פֿון דעם ייִד
געקלונגען הויך און ווײַט איבערן לאַנד:

קענטאַקי, טענעסי, אָהייאָ און אינדיאַנאַ,
ביז אילינאָיז און קענזעס־שטאַט פֿון איין זײַט,
און ביז די ווײַטסטע צפֿונדיקע שטאַטן
פֿון צווייטער זײַט — די אַלע האָבן שוין
געשיקט אים זייער האַנדל און געגלויבט
אין יִדנס וואָרט און טאַט און פּינקטלעכקייט.
אַ וואָרט זײַנס איז געווען אַ וואָרט: באַרעכנט,
ראַיעל, און שטרענג צו זיך ווי צו דעם צווייטן.
זײַן שלאָגוואָרט: מײַנס איז מײַנס און דײַנס איז דײַנס.
און דאָס געשעפֿט האָט זיך צעשפּרייט, צעצווײַגט,
און גרעסער איז געוואָרן זײַן פֿאַרנעם,
און זײַנע מעגלעכקייטן. ס'איז געווען
אַ ווונדערבאַרער אויפֿרעגנדער שפּיל
אין שווערע טויזנטער, און מאַרך און נערוון,
און דזשאָש, דער קאָפּ, דער אויפֿטוער פֿון דעם,
איז שטיל געשטאַנען פֿון דעם אַלץ בײַם רודער
און האָט געטריבן צום געווונטשטן ציל.
און פּונקט ווי אַלע שטאַרק ענערגישע נאַטורן
האָט ער נישט ליב געהאַט זיך אָפּשטעלן און ריידן
פֿון ווײַטער עלנטער פֿאַרגאַנגענהייט.
און אַז אַ שכן, וואָס האָט אים געדענקט
פֿון יענע צײַטן מיטן שווערן פּאַק,
פֿלעגט אים אַ מאָל אַ זאָג טאָן: — דזשאָש, בײַ גאָט,
אַ בנין האָסטו זיך דאָס אויסגעבויט!
אײַ, אײַ, אַ שווערער פּאַק געווען דײַן פּאַק,
וואָס דו האָסט דאָ געבראַכט אין די מקומות...
פֿלעגט דזשאָש אים געבן ענטפֿער מיטן האַלבן מויל,
ביז וואַן דער גוי פֿלעגט זיך פֿאַרפּלוידערן
און איבערשפּרינגען אויף אַ צווייטן ענין.

געוווינט האָט מען נאָך אַלץ אין אַלטן הויז,
וואָס האָט זיך מיט זײַן אַלטקייט אויסגעטיילט
אַנטקעגן נײַעם שרײַענדיקן בנין.
די טעכטער זײַנען נישט געווען צופֿרידן
נאָר ריידן הויך אין אָנגעזיכט פֿון פֿאָטער
האָט זיי פֿאַרפֿעלט דער מוט. דערפֿאַר די מאַמע
איז מיט דעם אַלטן הויז געווען צופֿרידן:
עס איז איר ליב געווען אַ יעדעס ווינקל,
די אַלטע, אויסגעדרייטע, ביינערדיקע ווענט,
און יעדער שטיין פֿון הויף איז איר געווען נאָענט.
אַ מאָל פֿלעגט זי דערמאָנען זיך אין טויטן קינד,
וואָס איז געווען דער קרבן פֿאַר דעם אַלעם;
און דאַן פֿלעגט זי אַ גיפֿטיקע, פֿאַרביסענע,
מיט גרינע אויגן קוקן צונעם הויף
ווו ס'האָט זיך רויט און פֿעסט און שרײַענדיק
געהויבן דער פֿירגאָרנדיקער בנין.
און דזשאָש, דער קאָפּ, דער פֿירער און פֿאַרזאָרגער,
ער איז, דאַכט זיך, געווען ווײַט פֿון אַלעם,
האָט מיט זײַן שאַרפֿן אויג באַנומען אַלץ —
פֿאַרטאָן מיט לײַב און זעל אין די געשעפֿטן,
דאָך האָט ער מיט זײַן חוש דערטאַפּט און דורכגעפֿילט
די נויט און דעם פֿאַרלאַנג פֿון יעדן איינעם.
פֿלעגט צײַטנווײַז אַרײַנוואַרפֿן אַ וואָרט
צו איינעם פֿון די זין צי פֿון די טעכטער,
פֿון וואָס זיי פֿלעגן ווערן רויט פֿאַרשטוינט:
— פֿון וואַנען ווייס דער פֿאָטער גאָר אַזוינס,
וואָס מען האָט קיין מאָל אויף די ליפּן נישט געבראַכט?

די לעצטע צײַט פֿלעגט ער אַרומגיין שטיל,
פֿאַרשווינדן פֿונעם הויף אויף שטונדן לאַנג,

און אַז ער קומט צוריק אַהיים בײַ נאַכט,
פֿלעגט שפּילן אויפֿן מויל בײַ אים אַ שמייכל,
וואָס טוט זיך קוים פֿאַרבאָרגן אין די וואָנסן
און אין די גרויע יוגנטלעכע אויגן;
פֿלעגן נאָכקוקן דעם זילבער גרויען רויך
פֿון דיקן, שוואַרצן, שמעקנדן ציגאַר,
וואָס טוט זיך שפּרייטן איבער יונגע קעפּ
פֿון טעכטער אײַנגעבויגענע אויף דעם געניי,
און זין פֿאַרטועגע אַריבער ביכלעך —
און שווײַגן פֿלעגט ער היימלעך און פֿילזאָגנדיק.
דאָס האָט ער שטילערהייט געקויפֿט אַ היים,
געווען פֿאַרנומען יעדן טאָג מיטן רעמאַנט:
מען האָט געקאַלכט, געפֿאַרבט, געקלעפּט פּאַפּיר,
און ס'האָט געשמעקט מיט פֿרישן פֿאַרב און פּאַפּ.
און סאָסנע־ברעטער פֿריש און גלאַט פֿון הובל.
עס האָט געקלאַפּט דער האַמער און די זעג,
און ס'האָט דער הובל פֿריש און נײַ געזונגען.
און דורך די פֿענצטער פֿון באַנײַטן הויז
האָט זיך געשטרעקט די גרינע, פֿרישע פֿלאַך
פֿון ברייטע לאָנקעס און פֿון ווײַטן וואַלד;
און אויפֿן סאָסניקן און פֿרישן דיל,
באַגאָסן מיט אַ זוניק וואַרעם ליכט,
אין גאָלד און גרין האָבן זיך אומגעוויגט,
געצאַקטע[41] און געשפּיצטע בלעטער־שאָטנס
פֿון שווערע גראָבע און אַלטנײַע דעמבן,
און דזשאָשו פֿלעגט זײַן שווער זיך אָפּרײַסן
פֿון גרויסן סוד, וואָס האָט אים אָנגעפֿילט,
ווי מיט באַרוישנדיקן זיסן ווײַן,

---

[41] געציינדלטע.

און אָפּט באַקוקנדיק די ברייטע פֿלאַך,
פֿלעגט אויפֿן זינען אים אַרויסשווימען:
— דען גאָט האָט אונדז אויסגעברייט
און מיר'ן זיך צעשפּרייטן אינעם לאַנד.

## היים

אַז דזשאָש האָט ס'הויזגעזינד אַריינגעפֿירט
אין נײַעם, ברייטן און גראַמען הויז,
דאָ האָבן זיי צעעפֿנט ברייט די אויגן:
עס האָט אַ בלאַנק געטאָן דאָס פֿרישע מעבל
מיט ווייכע, טיפֿע שטולן, שווערן פּליוש,
מיט גלאַנצנדיקע טישן פֿון מאַהאַגאָני,
מיט זילבערדיקע, הויכע, שווערע שפּיגלען
און מיט אַ הויכער פּיאַנאָ פֿאַר די טעכטער.
די דילן אויסגעבעט מיט ווייכע טעפּיכער.
און אין דער קיך האָט שוין אַרומגעפּאַדיעט [42]
אַן אויפֿגעפּוצטע גלאַנצנדיקע נעגערטע,
געפֿילט זיך היימיש און געשטראַלט פֿאַר שׂמחה,
דאָס גלאַנציק פּנים ווײַט ביז צו די אויערן
פֿאַרריסן אין אַ ברייטן טרײַען שמייכל,
מיט שטראַלנדיקע גרויסע אויגן־ווײַסלעך
און שימערדיקע רייען ווײַסע ציין.

די קינדער האָבן דורכגעשטורעמט ס'הויז
מיט בליצן אין די אויגן, פֿלאַם אין פּנים;
אַרויפֿגעשטורעמט אויף די גלאַטע טרעפּ
אין זוניקע און פֿרישע אייבער־שטובן,
מיט פֿרישע אײַזנבעטן ווײַס געפֿאַרבן

---

[42] אַרומגעלאָפֿן (פֿאַלנדיק פֿון די פֿיס).

מיט נידעריקע לײַכטע וויגשטולן.
עס האָט געקלונגען און געזונגען אינעם הויז
פֿון אויבן ביז אַראָפּ מיט יונגע טריט,
און ס׳האָט געענטפֿערט פֿונעם ווײַסן באַלקאָן
דאָס הילכיקע געקלאַנג פֿון יונגע שטימען.
נאָר אַז דער יונגער קאָכעדיקער שטורעם
האָט זיך אַראָפּגעריסן פֿון די טרעפּ צוריק,
זיך פֿריידיק אויסצוגיסן אויפֿן פּאַטער —
דאָ זײַנען זיי געבליבן שטיין אַנטשוויגן:
די מוטער זיצט אין טיפֿן ווייכן שטול,
דעם אַלטן, גרויען קאָפּ אַראָפּגעלאָזט,
באַגיסט זיך שווײַגנדיק מיט גרויסע טרערן.
און ס׳שטייט דער פּאָטער איבער איר געבויגן,
און גלעט איר קאָפּ מיט טרייסטנדיקע הענט,
און רעדט מיט שטילע רייד, ווי צו אַ קינד.

דאָס לעבן האָט גענומען גיין אין הויז
מיט פֿריילעכע, מיט זיכערע און ברייטע טריט:
דאָס יונגוואַרג איז אַרײַנגעוואָקסן באַלד
אין נײַער פּריציש ברייטער אומגעבונג
און זיך געשפּירט אין זייערע באַוועגונגען,
אין זייער זינגענדיקער העלער שפּראַך.
און אין דעם חן האָט זיך אַ צווייטס געפֿלאָכטן:
דאָס אַלטע חן פֿון אַלטן ווײַטן מזרח,
וואָס האָט געלויכטן אין די יונגע אויגן
מיט עפּעס אומעטיקס און ברענענדיקס בײַנאַנד.
און אין די לאַנגע קאַלטע ווינטער־אָוונטן
האָט הייס און פֿריילעך שוין געקנאַקט דאָס פֿײַער
פֿון רויטע גליִענדיקע קוילן אין קאַמין,
געפֿלאָכטן זיך, געקושט מיט בליצן־פֿונקען

אין בלאָנדע און אין ברוינע ווייכע צעפּ,
געשפּילט מיט פּײַערלעך אויף ברוינע באַקן
און זיך געשפּיגלט אין די יונגע אויגן.
אין זונטיקדיקע שטילע נעכט פון רו
האָט דער קלאַוויר שוין אויסגעקלאַפּט ראָמאַנסן
און ס'איז דאָס פראָנטצימער געווען פול
בלאָנדהאָריקע, בלויאויגיקע פריינדינעס
און יונגע פּריצים נאָכלעסיק פאַרפּוצט
אין דרומשע אַלטמאָדישע קאָסטיומען,
מיט ווײַסע דינע הענט און ראָזע נעגל,
מיט ברייטע קינסטלערישע האַלדזטיכער
און ווייכגעלאָקטע האָר אין גרויסע רינגען.
זיי פלעגן זינגען אויף אַ צאַרטן קול
און אַלטע לידער און באַלאַדן רעציטירן
מיט אַדעליקן זשעסט און העפלעכקייט.
דערנאָך פלעגן די הערן זיך פאַרנויגן
און אײַנלאַדן די דאַמען צונעם טאַנץ,
און יונגע פּאָרלעך, מיט פאַרפלאַמטע פּנימער,
זיי פלעגן זיך באַגײַסטערטע פאַרטיפן
אין ריטמישע און ווייכע אַלטע טענץ.
און פון די ווענט האָבן אַראָפּגעקוקט
די בילדער פון די דרום־גענעראַלן,
באַרימט געוואָרענע אין בירגערקריג,
מיט לענגלעכע און שמאָלע פּנימער,
מיט קורצע בערד געשווירענע פראַנצייזיש,
אין שוואַרצע פראַק און גרוילעכע מונדירן,
און מיט געמאַכטער שטרענגקייט אין די אויגן.
און פון דעם ביכערשאַנק האָבן געגלאַנצט
אין גאָלד און רויט, אין שוואַרץ און ווײַס, די רוקנס
פון אומשטערבלעכן שעקספּיר, און פון מילטאָן,

און וואָלטער סקאָטס און טעקערייס ראָמאַנען.
(די באָבעס מיט די זיידעס פֿון די חורבֿה־ווענט —
זיי זײַנען ענדלעך צו דער רו געקומען
צוזאַמען מיטן אַלטן רב בחיי,
און מיטן רומל איבעריקן אַלטוואַרג,
העט, ערגעץ אין אַן אָפּגעלייגטן אַלקער,
אין שכנות מיטן דאַך).
אין פֿרײַע אָוונטן
איז תּמיד פֿול געווען דאָס הויז מיט מענטשן.
דאָ פֿלעגן שכנים קומען זיך פֿאַרברענגען,
אַ שמועס טאָן בײַם פֿײַפֿ[43] און רויטן טיי
מכּוח מסחר האַלטן זיך אַן עצה,
צי באָרגן גאָר אַ שטיקל גמילות־חסד.
אַ מאָל קומט־אָן דער גוטמוטיקער פּאַסטאָר —
אַצינד שוין גרוי, מיט קנייטשן אויפֿן פּנים,
נאָר לעבעדיקער, פֿרישער ווי געווען.
ער האָט נאָך ליב אַרײַנגיין אין וויכּוחים,
אַרגומענטירן וועגן זון און פֿאָטער —
נאָר איצטער ענטפֿערט שוין דער ייִד צוריק,
געלאַסן, פֿרײַ און קיל, און שמייכלענדיק,
לאָזט קנוילן רויך פֿון שמעקנדן ציגאַר
און מאַנעווורירט גאָר קונציק מיט די פּסוקים,
פֿון וואָס דער פּאַסטאָר ערגערט זיך צום טויט
און לויפֿט זיך אָפּריידן דאָס האַרץ צום יונגוואַרג...
די ייִדענע איז אומגעגאַנגען אָנגעטאָן
אין שוואַרצן זײַד, מיט פּערל אַרום האַלדז.
באַזעצט זיך אין דעם נײַעם גרויסן הויז —
האָט דזשאָש, דער מאַן, זי אָנגענומען בײַ דער האַנט.

---

[43] ציבעך, אַראָפּהענגענדיקע ליולקע.

בײַ רויטער, אויסגעאַרבעטער און האַרטער האַנט,
און האָט געזאָגט איר: — מוטער! פֿון הײַנט אָן
זאָלסט קיין האַנט אַרײַנטאָן אין קאַלט וואַסער,
דו האָסט אַ דינסט, און מעגסט זיך מיט איר שאַפֿן.
נאָר איצט, ווען מען האָט ניט געלאָזט זי אַרבעטן,
פֿלעגט זי נישט וויסן וואָס צו טאָן מיט אירע הענט.
זיי זײַנען איר געווען ווי איבעריק און פֿרעמד,
און בעטן עפּעס בײַ דער שוואַרצער דינסט
האָט זיך די צונג אין מויל ווי ניט געקערט.
זי פֿלעגט באַוווּנדערן די יונגע טעכטער,
וואָס שאַפֿן זיך אַזוי הרחבֿהדיק און פֿרײַ
און וואָס די שוואַרצע גלימצערדיקע דינסט
איז גליקלעך אויסצופֿאָלגן זייער וואָרט,
בעת איר דאַכט זיך, אַז די שוואַרצע מאַלפּע
מאַכט חוזק און לאַכט־אָפּ הינטער איר רוקן,
און שטשירעט מיטן מויל ביז צו די אויערן.
די אָרעמע, ס'איז שווער געווען פֿאַר איר
צו זיצן ליידיק נאָך אַ לעבן אַרבעט.
און אין אַ פֿרײַען טאָג בײַם מיטאָג־עסן,
ווען ס'זיצט דאָס הויזגעזינד אַרום דעם טיש
און עמעצן פֿעלט עפּעס אויס בײַם עסן —
פֿלעגט זי זיך האַסטיק אויפֿכאַפּן פֿון פּלאַץ
און מאַכן אַ באַוועגונג ווי צום לויפֿן...
אַמאָל פֿלעגט זי אַליין אין צײַט זיך כאַפּן,
פֿלעגט ווערן רויט און בלײַבן אַ פֿאַרשעמטע,
און אָפֿט מאָל פֿלעגט דער מאַן זי אָפּשטעלן
מיט זײַנס אַ זיכערער און ברייטער האַנט:
— וואָרט, מוטער, ס'וועט די דינסט דערלאַנגען.

פֿלעגט זי אַדורכזיצן די לאַנגע טעג,

דורך זומער אויף דער זוניקער וועראַנדע,
דורך ווינטער בײַ דעם ברענענדיקן קאַמין,
און ציילנדיק פֿאַרזאָרגט די אויגן שטריקן,
און ס׳האָט דאָס קנײַלכל וואָל געטאַנצט אין שויס,
פֿון רעכטס אויף לינקס, און ווידער אויף צוריק,
געשאָקלט מיטן גרויען קאָפּ אויף ניין.
זי האָט געהאַט אויף וואָס זיך צו פֿאַרטראַכטן:
אַז ער, דער מאַן, איז עפּעס נישט דער אייגענער,
פֿאַרהאַוועט טאָג ווי נאַכט אין די געשעפֿטן.
און אַז די זין, געבוירן דאָ אין לאַנד,
זיי זײַנען פֿרעמד צו איר און אומפֿאַרשטענדלעך.
נאָך ערגער שטייט עס מיט די יונגע טעכטער:
די זײַנען קאַלט און שטאָלץ און גאַווהדיק,
און פֿרעמדער נאָך ווי פֿרעמד. פֿאַרטאָן מיט זיך,
און ווײַט פֿון אַלץ וואָס שמעקט מיט ייִדישקייט.
און וואָס פֿאַר גוטס קען שוין אַרויסקומען?
אַז ס׳הויז איז תּמיד פֿול מיט יונגע פּריצים,
אַ גרעסערער מיוחס ווי די מאַמע...
אַז ווו אַ שׂמחה ערגעץ בײַ די גוייִם,
איז זײַנען זיי די ערשטע מחותּנים.
אַז ס׳איז בײַ זיי דער אַלטער גוי, דער פּאַסטאָר,
אַ טיי־פּאַרטי [44] אין קירך — איז גרייט מען זיך,
איז באַקט מען טאָרטן און מען עסקט זיך,
מען גרייט זיך ווי להבֿדיל צו אַ חתונה —
און שוין. מען פֿרעגט דען איר אַ דעה?
— די מיידלעך וועלן נאָך אַרײַנוואַקסן אין שמד!
און ער, דער מאַן, עס זאָל אים עפּעס אַרן,
ס׳איז נישט זײַן דאַגה... קלאָגט זי זיך אַ מאָל,

[44] אַן אויפנאַמע פאַר געסט ביי אַ גלעזל טיי.

איז שאָקלט ער זיך אָפּ גאָר מיט אַ שמייכל:
— נו, ווייס איך וואָס דו רעדסט דאָרט... יונגע קינדער...
זיי וועלן שפּעטער קומען צו אַ שׂכל...
און טראַכטנדיק, און שטריקנדיק אַזוי,
פֿאַרמערן זיך די זאָקן מיט די לײַבלעך
פֿון פֿאַרביקן און שווערן גראָבן וואָל,
ווײַל זיי, די פּריצטעס, שטייט ניט אָן צו טראָגן
דער מאַמעס וואַרעמע און שווערע זאָקן —
איז קלײַבט זיך עס אין קאַסטן פֿאָר נאָך פֿאָר.

נאָר איינער איז געווען, וואָס פֿלעגט אַ מאָל
זיך אָפּשטעלן בײַ איר, פֿאַרהאַלטן זיך,
איר קושן אויפֿן אַלטן גרויען קאָפּ
און ריידן מיט דעם טאָן און זיכערקייט,
ווי ס׳טוט אַ גרויסער ריידן צו אַ קינד.
ער פֿלעגט איר גלעטן אויף דער האַרטער האַנט,
ביז ס׳פֿלעגט צו מאָל איר אָפּגיין פֿונעם האַרצן —
דער איינער איז געווען: דזשייק.

### אַחדות

דערווײַל האָט ליטע זיך גענומען אויסגרינען,
גענומען צוקריגן אַ ביסל פֿלייש
אויף אירע שפּיציקע און דינע קנאָכן.
דאָס דאַרע פּנים האָט זיך אויסגעפּולט.
דאָס אויג איז פֿרײַער, ליכטיקער געוואָרן.
מען האָט נאָך אַלץ זיך אומגעריסן צווישן זיך,
נאָר אויף אַן אָנשטענדיקן פֿײַנעם אופֿן.
מען האָט שוין אָנגעהויבן זיך פֿאַרטראַכטן,
אַז ס׳שטיקל ברויט אַליין איז נאָך ניט אַלץ,
און אין די פֿרײַע זונטיקדיקע אָוונטן,

אַז די משפּחות קומען זיך צונויף,
פּלעגט מען בײַם גלעזל טיי און ציגאַרעט
מיט קינדער אויף די הענט צערײדן זיך,
אַז אײגנטלעך װאָלט גאָר געװען אַ יושר,
אַ טראַכט טאָן װעגן אױפֿבױען אַ שול.
די קהילה, אָן עין־הרע, איז געװאַקסן,
די קינדער װערן גרעסער, װאַקסן פֿרעמד
פֿון ייִדישקייט און ייִדיש װאָרט; און סתּם —
װי װאַרפֿט מען זיך דאָס אום װי די ציגײַנער
אַ יעדן פֿרײַטיק־נאַכטס און שבת־פֿרי,
צו זוכן איטלעך מאָל אַן אַנדער פּלאַץ,
אַװו מען זאָל מתפּלל זײַן בציבור?
דער הױפּט פּלעגט זיך דער שמועס װעגן שול
פֿאַרשטאַרקן ערבֿ מוראדיקע טעג,
װען ס׳נעמט אַ מענטש פֿאַרטראַכטן זיך פֿון תּכלית.
האָט מען גערעדט, גערעדט און אָפּגעלײגט,
פֿאַרגעסן אױף אַ שטיקל צײַט, און װידער
גענומען רײדן װעגן דעם פֿון ס׳נײַ,
און װידער נאָכגעלאָזן אױף אַ צײַט.

האָט זיך די זאַך אַזױ געצױגן און געשלעפּט,
ביז דזשאָש האָט זיך אין דעם אַרײַנגעלײגט.
די דײַטשע ברידער, װעלכע זײַנען שוין
בײַ יענער צײַט געשטאַנען אױף די פֿיס,
איז װײַט ניט אָנגעשטאַנען גײן צוזאַמען
אָט מיט די גרינע און צעדאַרטע שנאָרערס...
זײ האָבן אױך שױן אומגעטראָגן זיך
מיט דעם געדאַנק פֿון אױפֿבױען — אַ טעמפּל.
נאָר גײן אַלײן איז נאָך געװעזן פֿרי.
האָט דזשאָש גערעדט אַהער, גערעדט אַהין,

געצויגן דראָטן צווישן בײדע לאַגערן,
ביז ער האָט איין מאָל זיי צונויפֿגעפֿירט
בײַ זיך אין הויז. די דײַטשן האָבן זיך
צו ערשט געבלאָזן און געכמורעט שווײַגנדיק
גערויכערט שווערע בײַכיקע ציגאַרן
און זיך געקרימט. די לעבעדיקע ליטוואַקעס —
די האָבן זיך צו ערשט געהאַט פֿאַרלוירן,
נאָר שפּעטער זײַנען זיי צו זיך געקומען:
געדרייט די סיגאַרעטלעך פֿונעם טאַבאַק,
און אָנגעהויבן שמועסן געמיטלעך.
צו ערשט געלאַסן, אויפֿן האַלבן קול,
וואָס ווײַטער אָבער האָט מען זיך צעוואַרעמט,
נערוועז און פֿלינק געוואָרפֿן מיט די הענט.
ביז ס׳האָבן זיך די דײַטשן אָנגעשטעקט,
ווי אויפֿגעלעבט פֿון שווערן הינערפלעט.
און אַז מען האָט דערלאַנגט דעם טיי צום טיש,
איז שוין געווען היימיש אויפֿגעלעבט:
די דײַטשן האָבן מיטן פֿולן מויל
געלאַסן, ברייט און שווער גערעדט אויף ענגליש,
און ס׳האָבן זיך די ליטוואַקעס געפּלײַסט,
און פֿליסנדיק און פֿרײַ גערעדט אויף דײַטש.
דער דײַטש, וואָס האָט געשניטן ס׳ראָזע חזיר,
האָט זייער פֿיל געהאַט וואָס אויסצוזעצן,
און וועלנדיק אַ שטעכל־טאָן די שנאָרערס,
האָט ער זיך אָנגערופֿן: — יאָ, אָבער די שול,
די מוס זײַן היפּש מאַסיוו, געבויט פֿון שטיין,
ווען ניכט, וועט נאָך די שול אַוועקשווימען,
ווען עס וועט קומען — וואַרטן זי, ווי רופֿט מען עס —
יאָ, יאָ בײַ דעם עלינו... האָט זיך אויפֿגעהויבן
אַ גרויסער שטורעם אינעם גאַנצן הויז.

די ליטוואַקעס זײַנען געוואָרן פֿול רציחה,
קאַפּאַבל אים צערײַסן ווי אַ הערינג —
אַזוי אַז ס׳האָט דער דײַטש זיך אַזש דערשראָקן.
דאָ איז דער פֿלינקער מעקס אַרײַנגעשפּרונגען:
— זאָל אינענס קאָפּ — זאָגט ער —ניכט שמערצען, מחמת
דאַס קאַן, יאַ וואָהל, גאַנץ לײַכט געפּיקסט ווערדן,
ווען ס׳גאַטעסדינסט וועט האַלטן בײַ עלינו,
דאַן ברויכן זי צעעפּענען איר מונד[45]...
דאָ איז דער דײַטש געוואָרן רויט און טויט,
זיך אָנגעבלאָזן ווי דער רויטער אינדיק
און מער שוין ניט גערעדט. האָט מען זיך אײַנגעשטילט
און ווידער צוגעטראָטן צונעם ענין.
איז אויפֿגעקומען באַלד אַ צווייטער דײַטש,
דאָס וואָרט גענומען, אָנגעהויבן תּמימותדיק
צוריק פֿון אלף: — יאַ, אַבער ווי שיקט זיך דאַס,
אײַן טעמפּל אָן אַ מעדכן־כאָר און אָרגל?
און דאָ זײַנען די ליטוואַקעס אין גאַנצן
אַרויסגעשפּרונגען פֿון געדולד: מען האָט
דעם דײַטש נישט צוגעלאָזט צו עפֿענען דאָס מויל.
און דאָס מאָל אין אַ קלאָרן פֿײַנעם ייִדיש:
— איר הערט אַ ביסל ווערטער: אָרגל־גאָרגל...
—עט, ווייס איך וואָס ער פּלוידערט דאָרט דער קירע[46]...
מען האָט געאַמפּערט זיך, געשריִען און געליאַרעמט,
און ס׳איז אין גאַנצן הויז אַרומגעשוווּמען
אַ שטינקענדיקער וואָלקן טאַבאַקרויך.
די קינדער זײַנען אַזש פֿון הויז צעלאָפֿן
און מענטשן זײַנען הייזעריק געוואָרן.
דאָ האָבן זיך די דײַטשן שטאַרק באַליידיקט,

[45] (דייטש) מויל. — [46] עסטרייכער (נאָכגעמאַכטער דייטש).

זיך אויפֿגעהויבן גאָר צו גיין אַהיים;
און דאָ האָבן די ליטוואַקעס זיך אָנגעברוגזט.
און דזשאָש האָט שווער געאַרבעט זיי צו האַלטן,
און קונציק באַלאַנסירט מיט בײדע צדדים.
ערשט ווען ס'איז שוין געווען אַ שטיק אין נאַכט,
און אַז די שוויַיגנדיקע באַלעבאָסטע
האָט עפּעס שאַרפֿס און ליַיכטס דערלאַנגט צום טיש —
איז דאַן דער שטורעם שוין געווען אַריבער:
און פֿאַרן באַלעבאָס איז שוין געלעגן
אַ לאַנגער, בריַיטער בויגן וויַיס פּאַפּיר,
און ס'איז געשטאַנען גרייט דאָס טינט־און־פֿעדער.
מען האָט געמאַכט לחיים יידישלעך,
די רויטע פּנימער האָבן געשוויצט,
דאָס נאַסע האָר האָט זיך געקלעפּט צום קאָפּ,
און ס'האָבן זיך די אויגן איבערצויגן
מיט ליַיכטע וואָלקנדלעך פֿון צער און פֿרייד.
די גלעזלעך האָבן צוגעקלונגען ווייך
און עס איז ממש אָפּגעגאַנגען פֿון די הערצער.
דער דיַיטש, אַפֿילו פֿון דער חזיר־יאַטקע,
האָט מיט דעם פֿלינקן מעקס זיך צוגעקלונגען.
און אַז דער עולם איז צום סוף צעגאַנגען,
איז דזשאָש נאָך לאַנג געזעסן ביַי דעם טיש,
דעם קאָפּ געבויגן אויפֿן גרויסן בויגן
פֿאַרשריבן מיט די ציפֿערן און נעמען.

## די שול

עס איז געשטאַנען אויף אַ שטילער גאַס
אַ הויכע, אַלטע קירך פֿון רויטן ציגל,
מיט לאַנגע, שמאָלע פֿענצטער פֿון קאָלירטן גלאָז,

וואָס האָבן זיך געענדיקט קײַלעכדיק
גאָר נאָענט צום קאַרניז. אַרום דער קירך
האָט זיך געשטרעקט אַ ברייטע, פֿײַנע פֿלאַך
פֿון קורצגעשוירן גראָז, און ס'זײַנען ברייט
און שאָטנדיק געשטאַנען אַלטע ביימער,
מיט ברייטע, שווערע טיף געקאַרבטע קאָמבלען[47],
מיט צווייגן דיקע ווי די יונגע ביימער,
וואָס האָבן אָנגעשפּאַרט ביז צום געזימס
און אָנגעפֿולט דעם חלל פֿון די פֿענצטער.
די טירן הויך און שמאָל און קײַלעכדיק,
און איבער זיי אַ פּלאַט פֿון שוואַרצן מאַרמאָר
מיט אײַנגעקריצטע בוכשטאַבן פֿון גאָלד,
אין שריפֿט, אין גאָטישער: — דו ביסט פּעטער
און אויף דעם פֿעלדז וועל איך בויען מײַן קירך.
און איז מען אינעווייניק אַרײַן — האָט עס
אַ הויך געטאָן מיט קעלט און מיטן זומער,
ווי פֿון אַ קעלער. ס'האָבן זיך געצויגן טיף
די בענק די שוואַרץ פּאָלירטע ריי נאָך ריי,
ביז צו דער הויכער בימה פֿון דעם פּאַסטאָר;
און אין דער טיפֿער, אויסגעהוילטער נישע[48],
באַלויכטן מיט אַ רויטן לעמפּל אויל
האָט עלנט און געפּײַניקט זיך געבלייכט
די לײַדנדע פֿיגור פֿון בלאַסן ישו,
דער דערנער־קראַנץ אין קאָפּ אַרײַנגעשטאָכן,
מיט רויטע טראָפּן בלוט ווי די קאַרעלן[49].
די רעכטע זײַט פֿון וואַנט האָט בײַ דער הייליקייט
אין האַלבער טונקלקייט געכוואַליעט זיך

---

[47] אָפּגעזעגטע צווייגן. — [48] אָוואַלע אויסבייגן אויף אַריינשטעלן סקולפּ־טורן. — [49] שנירלעך פּאַטשערקעס, שטיינדלעך אויפֿן האַלדז.

מיט דיקע, שוואַרצע רערן פֿון אַן אָרגל.
אויף דעם סופֿיט, דעם קײַלעכדיקן, גלאַטן,
געפֿלויגן זײַנען קינדער און מלאָכים
מיט דורכזיכטיקע העמדער, ראָזע פֿליגל,
מיט געלע רייפֿלעך שײַן אַרום די קעפּ.

איז זיך די קירך געשטאַנען לאַנגע יאָר,
פֿאַרטיפֿט און דרימלענדיק אין זיך אַליין,
פֿון אייביקייט אין אייביקייט געחלומט.
ביז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו דערטראָגן
דער רעש פֿון פּילדערדיקער, שרײַענדיקער גאַס:
געשעפֿט האָט ביז אַהין פֿאַרקליבן זיך,
געשווּיבלט און געגריבלט דאָרט מיט שוואַרצע.
אַן אירלענדער האָט אויפֿן ראָג אַ שענק געעפֿנט
און אין די נעכט איז שוין געוואָרן הימלעך
פֿון לוסטיקע געשרייען און פֿון באַנדזשאָס[50].
דערנאָך זײַנען באַלד נאָכגעקומען קרעמלעך
פֿון פֿלאַטערדיקע הויזן און צילינדערס.
דערנאָך האָט זיך צעעפֿנט ראַשיק, טומלדיק,
אַ גרויסער, לעבעדיקער הינערמאַרק;
און אין די נעכט האָט עס געשרײַען און געקרייט
מיט גאָר די הינער פֿונעם גאַנצן לאַנד,
די גענדז און גאָנערס האָבן ביז געליאַרעמט,
און שווערע אינדיקעס האָבן געכאָלדערט.
אַ פֿלינקער גריך האָט אויפֿגעעפֿנט באַלד
אַ שמעקעדיקן רעסטאָראַן; אַן איטאַליענער
האָט אויסגעלייגט די פֿײַנסטע גרינס און פּרוכטן;
און ליי־הו־טשונג, מיט לאַנגע, האַרטע צעפּ,

[50] אַ מין גיטאַרע (אַ קײלעכדיקע) וואָס נעגערס ניצן פֿאַר **דזשעזמוזיק.**

האָט אין זײַן שוואַרצער בליוזע מיט די טראָלדן[51]
אַרײַנגעשטעלט זיך אין דעם ווײַסן פֿענצטער
און טאָג ווי נאַכט געשטאַנען בײַ דעם פּרעסל,
געגלעט דאָס ווײַסצײַג. אמת, ס'איז די קירך
דערווײַל געשטאַנען אָפּגערוקט פֿון אַלעם,
פֿאַרטיפֿט אין זיך, אין שאָטן פֿון די ביימער —
דאָך האָט זיך יעדע ווײַל אַן אַנדער קלאַנג
זיך אָפּגעריסן פֿון דער דרויסנדיקער וועלט
און ביז איר שטילן נעסט אַרײַנגעדרונגען,
און איר געשטערט צו טראַכטן.
האָבן די גבאים
פֿון קירך זיך איין מאָל און אַ צווייטן מאָל באראָטן,
געקלערט אַהער, געקלערט אַהין, פֿאַררופֿן
די רײַכע באַלעבאַטים זוכן מיטלען —
די מיטלען אָבער האָט מען נישט געפֿונען.
ווי שטייט געשריבן אינעם אַלטן פּסוק:
— אַז די צעשטערערס דײַנע און פֿאַרניכטערס
זיי נעמען זיך פֿון דיר אַליין. ווײַל פֿיל
פֿון יענע באַלעבאַטים פֿון דער שכונה
זײַנען די אייגנטימערס פֿון דער שכונה,
פֿון ליאַרעמדיקן, שרײַענדיקן מסחר,
וואָס האָט געשטערט די רויִקייט פֿון קירך,
זיך העלפֿן אָבער האָט מען נישט געקענט:
געשעפֿט איז געשעפֿט, און קירך איז קירך.
און דאָ איז דזשאָש געקומען אין דער צײַט
צו דער צופֿרידנקייט פֿוןביידע צדדים:
די קירך געקויפֿט צו מאַכן פֿאַר אַ שול.

---

[51] פּראַנדזון.

די שול האָט דווקא יאָ געהאַט חסרונות.
גענומען האָט זיך עס דערפֿון: וואָס בעת
מען האָט די קירך מיט יאָרן לאַנג צוריק
אַוועקגעשטעלט האָט מען זיך נישט געריכט,
זי זאָל מגולגל ווערן אין אַ שול.
דערפֿון איז זי אַרויס מיט דרײַ חסרונות:
דער ערשטער פֿעלער איז געווען — אַנשטאָט
דער אָרון־קודש זאָל אַרויסקומען צו מזרח,
ווי ס׳איז דער דין, איז גאָר געווען זײַן פּלאַץ
אין צפֿון־וואַנט... און העלפֿן האָט מען נישט געקאָנט:
ווײַל ס׳איז דער בנין שמאָל געווען און טיף.
אויך איז אין מיטן נישט געווען קיין בימה.
און ווען מען דאַרפֿן אויפֿגיין צו דער תּורה,
וועט מען באַדאַרפֿן קומען צו דער נישע,
וווּ ס׳פֿלעגט דער גײַסטלעכער טאָן פּריידיקן,
און צו הקפֿות וועט מען גיין אַרום די בענק...
דער דריטער פֿעלער איז געווען: — ס׳האָט אויסגעפֿעלט
אַן אָפּגעצאַמטער פּאָליש פֿאַר די ווײַבער...
בײַ זיי, די גויים, איז געווען רעכט אַזוי.

נאָר אַז די שול האָט זיך צו לעצט באַנײַט,
זיך אויסגעווײַסט פֿון אויבן ביז אַראָפּ
מיט פֿרישן, קלאָרן, שמעקעדיקן קאַלך,
און אין דער נישע פֿון נישט לאַנג געוועזענעם זון
האָט זיך געטוליעט פֿײַערלעך און שטיל
דעם פֿאָטערס תּורה אין אַ סאַמעט־מאַנטל,
מיט אַ פּרוכת פֿון דעם פֿײַנסטן סאַמעט,
מיט אויסגענייטן גאָלדענעם מגן־דוד;
און ס׳האָט זיך אויפֿגעשטעלט בײַם אָרון־קודש
אַ שווערע, גרויסע, זיבנרעריקע מנורה

פֿון שווערן מעש מיט לייבן און מיט הירשן —
דאַן האָט אין דער באַנײַטער שול צעגאָסן זיך
אַ שטילע וואַרעמקייט און צנועהדיקער חן.

געווען איז עס דאָס ערשטע ליכטל חנוכּה
ווען מען האָט פֿײַערלעך באַנײַט די שול:
די קליינע עדה ייִדן, יונג און אַלט,
די ווײַבער מיט די קינדער אויף די הענט,
איז זיך צונויפֿגעקומען אויף דער שׂמחה.
די שול האָט העל און יום־טובֿדיק געלויכטן
אויף אַלע בליצלאָמפּן און אַלע מנורות.
צו אַלעם ערשט האָט מען געדאַווענט מעריבֿ
און אויף די ווײַסע ווענט האָבן געוויגט זיך
די שאָטנס פֿון התלהבֿותדיקע דאַווענערס.
און אַז דער חזן פֿון דער גרויסער שטאָט
האָט זיך געשטעלט די חנוכּה־ליכט בענטשן,
באַגלייט פֿון פֿרישע, יונגע קינדער־שטימען,
האָט דאָס געזאַנג אַ שלאָג געטאָן צום באַלקן
און פֿײַערלעך, און הויך צעשאָטן זיך
אין קלאָרע, ווײַסע ווענט, אַ זילבער האָגל,
און אָנגעפֿולט דאָס הויז. ער האָט געזונגען
די פֿײַערלעכע חנוכּה־פּזמונות:
די ליכט די דאָזיקע און שטאַרקער פֿעלדז.
דערנאָך האָט מען געזונגען מזמור שיר חנוכּת,
און דאָ האָט מען געמאַכט שוין אַ הפֿסקה,
און באַלד האָט מען אַרײַנגעבראַכט אַ טיש
מיט אַלעם גוטס אויף אָפּצוכאַפּן ס׳האַרץ:
די ווײַבער האָבן זיך געגרייט צום יום־טובֿ
און אָנגעבאַקן שמעקעדיקע לעקעכער,
מיט כּל המינים צוקערדיקע קיכלעך,

מיט אײַנגעהאַקטן הערינג, אָנגעבראָקט
מיט געלב און ווײַס פֿון אָפּגעקאָכטע אייער,
און פֿרישע, שמעקנדיקע לעבערלעך.
און ס'האָבן פֿריילעך־פֿײַערדיק געגלאַנצט
די פֿלעשער בראָנפֿן אין די דינע כּוסות.
די ווײַבער האָבן באַלד גענומען סאַרווערן,
מען האָט געמאַכט דעם האַרציקן שהכּל
און מ'איז געוואָרן אויפֿגעראַמט אַ חיות.
דאָס קליינוואַרג האָט זיך האָפּערדיק געשפּילט,
די ווײַבער האָבן אויפֿן קול געפּלוידערט,
געטונקט דעם געלן לעקעך אינעם בראָנפֿן,
געטרונקען און פֿאַרביסן און געלויבט
די ליטווישע מאכלים. איבערגעכאַפּט ס'האַרץ
איז מען צוריק געוואָרן ערנסטער —
נאָר פּנימער האָבן געשטראַלט פֿון פֿרייד,
און אויגן האָבן בליצנדיק געלויכטן.

און אַז דער חזן איז אַרויף צוריק צום בימה
און אָנגעהויבן זינגען ווי צום אויסנעמען[52] —
איז ערשט געוואָרן שׂמחת־תּורהדיק אין שול.
מען האָט געמאַכט הקפֿות מיט דער תּורה
און ס'האָט דער חזן אײַנגעטיילט כּיבודים.
און יעדעס מאָל, ווען ס'איז די ספֿר־תּורה
פֿאַרבײַ די ווײַבער, האָבן זיי געבויגן זיך,
געקושט די ריינקייט מיט קינדער אויף די הענט.
די גלעקלעך פֿון דעם כּתר האָבן צוגעקלונגען
און ס'האָט זיך אויף דער גאַנצער שול געלייגט
אַ גרויסע פֿריילעכקייט און חן און גדולה.

---

[52] אַרויסנעמען די ספֿר־תּורה צום לייענען.

און נאָך דעם האָט דער חזן ווידער אָנגעהויבן:
— שומר ישׂראל, אוי, שומר ישׂראל! —
און דאָ איז שוין דער עולם מאַנסבילן
אַרײַנגעפֿאַלן מיטן חזן אין איין טאָן,
און ס׳האָט איבערן גאַנצן הויז געשטראָמט
דער פֿריילעך־אומעטיקער טראָצעדיקער[53] ניגון
מיט צובאָמקען און צוקנאַקן פֿון פֿינגער:
ואל יאבד ישׂראל — — —
און פּלוצעם איז דער מעקס אַרויסגעשפּרונגען
מיט גרויס באַגײַסטערונג און פֿלאַם אין שטים,
אַרויפֿגעשפּרונגען אויף דער נײַער בימה
און האָט פֿאַרצויגן דעם באַקאַנטן ניגון:

וואָס מיר זײַנען — זײַנען מיר,
אָבער ייִדן זײַנען מיר — — —

און באַלד האָט זיך דער גאַנצער עולם אָנגערופֿן
מיט אַלט און יונג, מיט ווײַבער און מיט קינדער,
די קאַלטע דײַטשן זײַנען אויך געוואָרן
פֿון גרויסן און התלהבֿותדיקן שטראָם פֿאַרשלעפּט.
און ס׳האָט געשטראָמט, עקשנותדיק און שטאַרק,
דאָס ייִדיש ליד מיט גלויבן און מיט כּוח,
עס האָבן זיך געוויגט די פֿלעמלעך פֿון די ליכט,
און איבער קעפּ האָט ווי אַ טיפֿער נעפּל
געקרײַזט זיך און געצויגן אין דער לופֿט,
און צו דעם הויך געוועלבטן, ביז איצט פֿרעמדן,
און איצטער נאָענטן, און פֿאַרטרויטן באַלקן —
האָט הויך און ברענענדיק, און שטאַרק געקלונגען:

---

[53] איינגעשפּאַרטער, פֿאַרעקשנטער.

וואָס מיר זײַנען — זײַנען מיר,
אָבער ייִדן זײַנען מיר;
וואָס מיר טוען — טוען מיר,
אָבער ליכטלעך בענטשן מיר!

6

## דזשייקאָב

ריין, פֿעסט געבויט, אַטלעטיש בויגעוודיק,
הויך, ברייט אין שולטערן און פֿעסט אין ברוסט.
די קליידער נעט און ריין ווי אויסגעגאָסן,
פֿון וועלכע ס׳צייכענען בולט זיך אַרויס
די שטאַרקע, שטײַפֿע, מוסקלדיקע גלידער,
מיט שוואַרצע, ווייכע, גלאַנצנדיקע האָר,
וואָס פֿאַלן אין די רינגען אויפֿן שטערן.
די ליפּן פֿעסט און שאַרף, און אָנגעשפּאַנט.
די אויגן גרויע, מיט זײַן פֿאָטערס שאַרפֿקייט —
נאָר יונג און לאַכעדיק, און פֿרײַ פֿון פּײַן.
שטאָלץ, פֿול מיט אינערלעכער זיכערקייט און ווערט.
די זײַנען שוין געוועזן פֿרײַע אויגן
פֿון הערשערישע, שטאַרקע כאַראַקטערן,
וואָס בייגן אַלצדינג צו דעם ווילן זייערן,
נישט דאַרפֿנדיק באַפֿעלן מיטן מויל.

ער איז שוין אויסגעוואַקסן אין דער נײַער לופֿט
און איז באַווייט געוואָרן פֿון אַן אַנדער ווינט.
דער אַלטער קרעכץ האָט אים שוין אויסגעווײַכט
און ס׳האָט דער אַלטער טרויער אים געמײַדט.
ער איז געוואַקסן פֿרײַ און פֿריש, און שלאַנק,
מיט אויגן אָפֿענע אין נײַעם לעבן,

און אויערן, וואָס האָבן גיריק אויפֿגעכאַפּט,
און אײַנגעזאַפּט אין זיך די נײַע קלאַנגען,
וואָס האָבן זיך געטראָגן שטראָמענווײַז,
קאָלירט און שטאַרק, און בונט, און קלינגענדיק —
אָט צאַרט, באַרויִקנד און גלעטנדיק ווי זײַד,
אָט שאַרף און רוי, ברוטאַל און שרײַענדיק.
דער יונג האָט אויג אויף אויג דערזען דאָס לעבן:
דערזען דאָס רויטע שפּיל פֿון ווילדער לײַדנשאַפֿט,
געזען די גרויזאַמע, די רויטע פֿײַערן —
דעם רויטן אויסדרוק פֿון דעם מענטשנס האַס —
געהערט דאָס טראַמפּלען פֿון צערייצטע פֿערד,
דעם מוראדיקן בראַזג פֿון ווײַטע ביקסן
און נאַכטיק אויסגעצויגענעם געיאָמער
פֿון פֿרויען־שטימען, וועלכע שטעכן זיך אַרײַן,
ווי שאַרפֿע, דינע שפּיזן אַינעם האַרצן.
געזען דעם אויסדרוק פֿון דעם ווילדן מאַב [54]
אויף דעם פֿאַרשולדיקטן, דעם שוואַרצן מאַן:
די ווײַסע שטריק אַרום דעם שוואַרצן האַלדז,
דאָס שוואַרצע פּנים — גרוי, דאָס מויל פֿאַרשטשירעט,
דער קערפּער קאָנוווּלסירט אין אַנגסט פֿון טויט,
עס זשיפּעט געלב אַ פֿײַערל צופֿוסנס,
עס שמעקט און טשאַדעט מיט געבראָטן פֿלייש
עס ראָלן זיך די געלע אויגן־ווײַסלעך;
די בלויע ליפּן יאָמערן: — אַ קויל, אַ קויל,
האָט מיטלייד, גוטע מענטשן, גיט אַ קויל!
און אויך האָט ער געזען די רו און שלווה
פֿון זיכערן און שטאַרקן יונגן פֿאָלק:
די גרויסע פּראַכט פֿון זומערדיקן מאַרק,

---

[54] מאַסע, המון.

וואָס טרינקט זיך אין אַ ים פֿון לעבעדיקע בלומען
און שפּריצט מיט שפּע פֿונעם פֿעלד און גאָרטן,
די הייסע פֿערד פֿון הייסן דרום־לאַנד,
און הייסע פֿרויען־בליקן, וועלכע עגבערן
אַדורך דעם דינעם דורכזיכטיקן שלייער
פֿון יונגשאַפֿטלעכער צניעות: — נעם מיך, נעם מיך!...
און דורכן אויער איז געגאַנגען דאָס גערויש,
ווי ס'גייט דאָס רויש פֿון וואַכן מעער־קאָפּ[55] —
פֿון קלאַנג און פֿון געזאַנג, און פֿון געלעכטער,
פֿון פֿריינדלעכן געשמועס און פֿון בייזן וואָרט,
דאָס וואָרקען פֿון די טויבן איבער קעפּ,
דאָס קלימפּערן פֿון ביכיקע באַנדורעס,
דאָס ציטערן פֿון צאַרטע מאַנדאָלינען,
עקסטאַטישן געזאַנג פֿון אַלטע נעגערס,
וואָס האָבן נאָך אויף זיך געהאַט סימנים
פֿון בייטשן און פֿון צוואַנג, מיט גרויע חתימות
אַריינגעברענט אין שוואַרצע לייבער, ווי אויף פֿערד,
מיט לויב און רום צו דזשיזוס־לינקאָלן.
דער יונג האָט איינגעזאַפּט אין זיך די קלאַנגען ,
קאָליר און ריח פֿון דעם ברייטן דרום־לאַנד
מיט זיינע חיות, מענטשן, פֿעלד און וואַלד:
דעם זיסן, ווייניקן, געשמאַקן ריח
פֿון וווּנדערבאַרן, פֿעטן, בלויען גראָז,
דעם שווייסיקן געשמאַק פֿון שעפּסנוואָל,
געפּאַקט אין שווערע באַלן נאָכן שערן,
דעם הייסן ברען פֿון זומערדיקע טעג,
די נאַכטיקע פֿון טוי באַשפּריצטע קילקייט;
דאָס איבעררופֿן זיך פֿון פֿיל, פֿיל פֿויגלען,

---

[55] טייך־קאָפּ (קוואַל).

און די ראָז־פֿלאַמיקע פּרימאָרגן־שטילקייט
אויף ווײַטע, אויסגעשנורטע, פֿעלדער טאַבאַק.
די ווינטערדיקע פּראָסטיקע פּרימאָרגנס
מיט צוגעפּרירטע גרודעס גראָבן אײַז,
מיט גרויסע, פֿלאַכע, וועגענער באַלאָדן שווער,
מיט געלבלעך גרינעם, ברוינלעכן טאָבעקאָ [56],
ווען ס׳שטייט די גאַנצע שטאָט ווי אײַנגעטונקט
אין זיסלעך־ביטערלעכן שאַרפֿן ריח.

אָט די און טויזנט אַנדערע קאָלירן
מיט קלאַנג, מיט ריח פֿון דעם נײַעם פֿעלד —
זיי האָבן אין דעם יינגלס האַרץ און זעל
אַרײַנגעדרונגען מיט באַצויבערנדער מאַכט.
פֿאַרשוועכט די אײַנדרוקן פֿון פֿריסטער קינדהייט.
און פּלוצעם, איבער נאַכט, איז אַלץ געוואָרן נײַ,
ווי ס׳וואָלט דאָס אַלטע קיין מאָל נישט געווען.
די פֿרישע אײַנדרוקן זײַנען געוואַקסן.
די שול האָט זיי פֿאַרוואָרצלט און פֿאַרשטאַרקט.
און ס׳האָט דער נײַער באָדן זיי באַפֿעסטיקט.
די שטוב האָט באַלד פֿאַרלוירן איר השפּעה.
צו ערשט האָט נאָך דער פֿאָטער שטיל געקעמפּט,
זיך אײַנגעשטעלט אַנטקעגן נײַעם ווינט.
נאָר שפּעטער האָט דער פֿאָטער נאָכגעלאָזט, אַליין
געוואָרן גלײַכגילטיק צו אַלץ, חוץ דעם געשעפֿט —
איז דזשייק געוואַקסן פֿרײַ און אָפּגעגעבן
צום אייגענעם אינסטינקט פֿון יונגן האַרצן.
האָט זייער ווייל זיך אויסגעצייכנט אין דער שול,
אַרויסגעצײַגט אַ שאַרפֿן, קלאָרן שׂכל,

[56] טאַבאַק.

גערוועזן לײַב און זעל מיט די חבֿרים,
פֿאַרקאָכט אין שפּיל פֿון קערפּערלעכער איבונג,
געהאַט הנאה פֿון אַ קלוגן שפּיצל.
נאָר ווײַטער פֿון דער שול איז ניט געגאַנגען —
די ביכער האָבן אים שוין ניט געצויגן,
ס'איז עפּעס דאָרט געווען צו טויט און גליוועדיק.
אים האָט געצויגן פֿיבעריש די הייסע לײַדנשאַפֿטן
און קאָכיקער באַגער נאָך טעטיקייט און קראַפֿט.
און ווען די יונגע בלוטן פֿון חבֿרים,
זיי האָבן אָנגעהויבן פֿײַנלעך זיס צו קאָכן,
זיך אָנהיצן פֿון הייסער דרומדיקער זון,
מיט פֿײַנלעכע און גלײַכע באַגערן,
גענומען טרעפֿן זיך פֿאַרשמאַכטע אין געהיים,
מיט ציטערדיקע זוניק האָרעדיקע שיקסלעך —
האָט דזשייקן פֿון דעריין וואָס אָפּגעהאַלטן.
עס איז געווען דאָס אײַנגעוואָרצלטע געפֿיל
פֿון דורות לאַנגע ריינע קייטן בלוט,
וואָס האָט דעם ברען פֿון יונגן בלוט געצאַמט
און אים געקערעוועט זיך אויסצוגיסן
אויף אַנדערע געביטן.
אַז ער איז
באַלד פֿון דער שול אַרײַן אין טאַטנס הויף,
איז עס געווען מיטן פֿולן אימפּעט
פֿון קאָכעדיקן יונגן לײַב־און־זעל.
געוואַקסן און דערצויגן אויפֿן הויף —
האָט ער געוווּסט דעם ווערט פֿון יעדן פּיצל
פֿון רויען לעדערוואַרג, און וואָרצלען און מעטאַל.
די פּען האָט אים געדינט, און ס'איז דער קאָפּ
געווען פֿלינק און שאַרף, און אָפֿן פֿאַר געשעפֿט.
און דער רעספּעקט, וואָס ס'האָט זײַן פֿאָטער זיך דערוואָרבן

נאָך לאַנגע, שווערע, אַנגעשטרענגטע יאָרן,
איז אים, דעם זון, געקומען גרינג און לײַכט,
אַזוי נאַטירלעך, גלײַך ווי אײַנגעבוירן.
די שכנים האָבן שוין פֿון אים געהאַלטן,
גערופֿן אים בײַם ערשטן נאָמען. אויפֿמערקזאַם
זיך צוגעהערט צום יונגן דזשייקאָבס וואָרט
און שטילערהייט געמאַכט פֿאַרגלײַכונגען
צווישן אים און זייערע יונגע זין...
און עפּעס איז געווען זיי פֿאַדראָסיק —
עס איז געווען דאָס טונקעלע געפֿיל,
דאָס שווער און נעבלדיק געפֿיל פֿון איינעם,
וואָס ווייסט אַליין נישט, ווו און ווי אַזוי
ער האָט זיך אָפּגענאַרט, און האָט פֿאַרדראָס,
און קען דאָך נישט צו קיינעם האָבן טענות.
די נעגערס ווידער, סעם און טאָם, און האַמפֿערי,
און אַלע אַנדערע, וואָס האָבן אויפֿן הויף
געאַרבעט, שלעפּנדיק און פּאַקנדיק,
סאָרטירנדיק פֿון פֿרי ביז שפּעט אין נאַכט —
זיי האָבן אָנגענומען דזשייקס ממשלה
אָן קשיות און אָן פֿאַרגעפֿילן. נאָר
זיי האָבן שוין אין אים דערקאָנט דעם מײַסטער.
און ס'איז געווען געווען דזשייקאָבס איין קוק,
איין וואָרט, געלאַסן, קיל אַרויסגערעדט,
אַז זיי זאָלן צופֿאַלן אין די ווינקלען,
אין סאַמע מיט פֿון קוויטשיקן געלעכטער;
און סעם, אַ מזיק אויף צו גיין אַ דזשיג [57],
פֿלעגט בלײַבן שטיין פֿאַרגליווערט אין דער מיט
פֿון ברענענדיקן דזשיג, פֿלעגט שמייכלען שולדיק,

---

[57] אַמעריקאַנער פֿאָלקלאָרישער טאַנץ (שטאַמט פֿון אירלאַנד).

מיט גרויסע אויסגעפּרוּוירענע און ווײַסע אויגן,
ווען דזשייק פֿלעגט אים דערטאַפּן דזשיגנדיק
אין מיטן אַרבעט.
אין דער היים, האָט מען
אויף דזשייקאָבן געקוקט ווי אויפֿן פֿירער:
אַ שטילער, קאַרג אויף איבעריקע ווערטער,
נאָר מיט אַ פֿרײַנדלעך פֿאָטערלעכן שמייכל —
אַזוי פֿיל עלטער פֿון די איבעריקע קינדער.
האָבן די קינדער צונעם ברודער זיך געבויגן,
געהאַט פֿאַר אים גרויס בושה און געפֿאָלגט
זײַן איטלעך וואָרט, און זיך געפֿילט געשמייכלט,
ווען זיי האָבן בײַם ברודער אויסגענומען.
אין זונטיקדיקע אָוונטן, ווען ס׳פֿלעגט
דאָס יונגוואַרג זיך צונויפֿקומען אין הויז,
פֿלעגט דזשייקאָב גוטמוטיק און פֿרײַנדלעך אויפֿנעמען
די שוועסטערס חבֿרטעס און זײַנע פֿרײַנד.
זײַן צונג פֿלעגט ווערן פֿרײַ און בליציק,
און ס׳ברוינע פּנים האָט געברענט מיט פֿײַער,
ווען ער פֿלעגט וואַרעם־היימיש צוטוליען צו זיך
אַ שוועסטערס חבֿרטע, צעפֿלאַמט און בויגיק.
דער פֿאָטער, מיטן שוואַרצן דופּטנדן ציגאַר,
פֿלעגט נאָכפֿאָלגן דעם זון פֿון ווינקלאויג,
דורך שמעקעדיקע, רינגענדיקע נעבלען,
מיט שטאָלץ און גאווה אויפֿן יונגן זון.
אַ מאָל פֿלעגט ער פֿאַרטראַכטן זיך: ס׳איז צײַט
פֿאַר אים, דעם זון, צו בויען זיך אַ היים;
פֿלעגט דורכוואַרפֿן אין זין די אַלע דײַטשן,
וואָס וואָלטן גליקלעך זײַן צו האָבן דזשייקאָבן.
אַנומלט מאַכט צו אים דער רײַכער הימאַן:
— איין טיכטיק בראַווער קערל איז דער דזשייק!

און האָט דערבײַ אים צוגעווונקען מיטן אויג.
און ווען דער טאַטע האָט מיט פּאָטערלעכן שטאָלץ
אויף דעם פֿאַרשוויגן, האָט דער גראָבער היימאַן
אַ שטורך געגעבן דזשאָשן מיטן עלנבויגן,
און לאַכנדיק, מיט ממזרישע אויגן,
ניט נאָכגעלאָזט: — נו, יאַ, אַבער וואָס דענקען זי
פֿאָן פּלאָסין מײַנער? זי איזט היבש געוואַקסן.
איזט יאָ איין גראָסע וירטין אונד פֿערנינפֿטיג,
הע־הע... וואָס דענקען זי צומאַל־...
אַזוי
איז דזשייקאָב אויסגעוואַקסן, און געוואָרן רײַף,
נאָר ס׳איז זײַן האַרץ נאָך אַלץ געוועזן פֿרײַ
און נישט באַרירט פֿון פֿרויענטלעכן פֿײַער —
ביז וויוויאַן איז אויפֿגעקומען אין זײַן לעבן.

## וויוויאַן

די ערשטע פּיאָנערן, וועלכע האָבן
אַדורכגעשניטן זייער שוידערלעכן וועג
דורך מערבֿ־זײַט ווירדזשיניאַ און דערגרייכט
דעם פֿרוכטבאַרן רעגיאָן פֿון בלויען גראָז —
די זײַנען אמתדיק געוועזן העלדן.
עס איז געווען דער דראַנג פֿון מענטשלעכער נאַטור,
די נײַגער צו אַנטפּלעקן נײַעס לאַנד,
וואָס האָט די פּיאָנערן אָנגעטריבן
צו דורכשנײַדן די ריזיקע ספּיראַלע בערג,
וואָס ציִען זיך אויף מײַלן הונדערטער, באַדעקט
מיט טרוקענע, צעדאַרטע ביימלעך־קאַרליקעס.
די פּיאָנערן האָבן נישט געוווּסט
אויף וואָס פֿאַר רײַכטימער עס טרעטן זייערע פֿיס.

אַז אין די נירן פֿון די געלע בערג
באַהאַלטן זיך אַזוי פֿיל רײַכע אוצרות
פֿון שווערן, האַרטן, גלאַנצנדיקן קויל
און רײַכע אָדערן פֿון שוואַרצן אײַזן;
זיי האָבן גראָז געזוכט פֿאַר זייערע בהמות,
און פֿלאַכלאַנד אויף צו אַקערן און זייען.

אַז דעניעל בון, דער מעכטיקער, געוואָגטער יעגער,
דער ערשטער צו דערזען פֿאַר זיך דאָס לאַנד
פֿון בלויען גראָז — אַז בון האָט אויסגעפֿונען
דעם פֿעטן באָדן פֿון קענטאָקי־לאַנד,
האָט ער געשיקט באַלד אַ שליח צו זײַן ברודער
און אַלע זײַנע קרובֿים מיט די ווערטער:
— כ׳האָב לאַנד אַנטדעקט. דאָס גראָז איז גרין און פֿעט.
די פֿלאַך איז ברייט און ווײַט. דאָס וואַסער זיס.
קומט, לאָמיר דאָ באַזעצן דעם גן־עדן!
און ס׳האָבן זיך גענומען ציִען קאַראַוואַנען,
מיט אָקסן אײַנגעשפּאַנט צו בײַדלעך־וועגענער;
און אין די בײַדלעך האָבן זיך געהוידעט
די קינדער מיט צעדאַרטע דינע פּנימער,
מיט אָפֿענע און נײַגעריקע אייגעלעך;
מיט מוסקלדיקע מרה־שחורהדיקע ווײַבער,
פֿאַרהאַרטעוועט אין קאַמף, ווי האַלבע מאַנסביל.
זיי האָבן זיך געשניטן דורך די בערג,
מאָנאַטן לאַנג געשלעפּט זיך, אויסגעזעצט
צום ווינט און קעלט, צו הונגער און צו דאָרשט.
און ערגער נאָך פֿון אַלץ, צום ווילדן צאָרן
פֿון קריגערישע שבֿטים אינדיאַנער,
וואָס האָבן ווי די וועלף אויף זיי געלויערט.
דער רויטער מאַן האָט זיך געשטעלט אין וועג,

דערשפּירט דעם אָנהייב פֿון זײַן אונטערגאַנג,
האָט ער, אין צאָרן, קיינעם ניט געשוינט:
זיך אויסגעפּוצט מיט סקאַלפּן[58] פֿון די מענער,
פֿון פֿרוי און קינד. די גליקלעכע, וואָס האָבן
צום סוף דערשלעפּט זיך צו דעם גוטן לאַנד,
די האָבן אויסגעטראָגן אויף די פּלייצעס
די בויט און די געפֿאַר פֿון נײַעם ישובֿ,
ניט אײַנגעגעבענע גערעטענישן,
די אָפּטע איבערפֿאַלן פֿונעם שׂונא
מיט פֿײַלנבויגן, טאָמאַהאָק און פֿײַער.

דער צווייטער דור האָט אָפּגעאָטעמט פֿרײַער.
עס האָבן אויפֿגעהערט די בלוטיקע מלחמות
און מענטשן האָבן פֿרידלעך, פֿרײַ געאַרבעט.
עס האָבן זיך געמערט די סטאַדעס שאָף
און ס'האָט געגלאַנצט דער אַקער אויף דער זון.
די ווײַבער האָבן נאָך געאַרבעט ווי די מענער,
אַרומגעגאַנגען אַרום פֿעלד און שאָף,
געטראָגן, און געזויגן און באַגראָבן,
און אויף די פֿיס געשטעלט אַ נײַעם דור.
זיי האָבן אַלץ נאָך אויסגעזען ווי מאַנסביל
מיט ברייטע הענט און פֿיס און רויטע פּנימער,
נאָר די עקשנותדיקע מרה־שחורה
איז שוין געווען אַוועק; און ס'פֿלעגט צו מאָל
אַ שמייכל אויפֿשפּאַלטן די ברייטע מײַלער.
די פֿרויען פֿון די שפּעטערדיקע דורות —
די זײַנען שוין געווען פֿאַרצערטלט, ווייך,
מיט פֿײַערן פֿון ווײַבלעכקייט און לוסט אין בלוט,

[58] הויט אַראָפּגעשונדן פֿון אייבערשטן קאָפּשיידל.

און אין די קלאָרע, אויסגערוטע אויגן,
מיט זאָרגלאָזן געלעכטער אויף די ליפּן.
ווײַל אויף די פעלדער פון די מאַנען־האַרן
האָט שוין דער שוואַרצער מאַן פון הייסער אַפריקע,
געטריבן מיט דער בײַטש פון ווײַסן הערשער,
געגאָסן מיט זײַן שווייס אין פעטער ערד.
עס האָט זיך אויפגעבויט אַ נײַער אַדל
פון מעכטיקע און רײַכע גוטבאַזיצערס,
אין וווּנדערבאַרע שלעסער און פּאַלאַצן,
מיט צענדליגגער און הונדערטער באַדינערס,
און אין די וווּנדערבאַרע שלעסער און פּאַלאַצן
האָט עס געהאַלטן אין איין שטראָמען
מיט גאָר דעם לוקסוס פון דער גאַנצער וועלט:
אַלאַסקאַ און סיביר מיט פוטערוואַרג,
פּאַריז מיט זעלטענע און וווּנדערלעכע קליידער
פון סאַמעט און פון זײַד; די פײַנסטע צירונג,
געהאַמערט און געפּײַלט פון קינסטלער־שמידן,
מיט אַלטן פּערלדיקן ווײַן, שאַמפּאַניער;
האַוואַנאַ — מיט די טײַערסטע ציגאַרן,
און אַפריקע — מיט ווײַסע פעדערן פון שטרויסן.
די מענער זײַנען דורך דער צײַט געוואָרן
פאַראיידלט און פאַרצערטלט ווי די ווײַבער,
די הענט און פּנימער — פאַרבלאַסט און אידל,
די ליפּן אויסגעעכאַליעט [59] בלויז צום קושן,
פאַרקליידט אין קינסטלערישע אָנצוגן,
מיט פּלאַטערדיקע האַלדזטיכער און הילעס,
און ווי פּאַטריציער פון געבורט זיך אָפּגעגעבן
צו קונסט, געזאַנג, צו באַקכוס [60] און אַמאָר.

---

[59] קרענקלעך, צוגעוווינט. — [60] (גריכ׳) גאָט פון וויין, שיכרות.

אַז דער פּלעבייער לינקאָלן איז אויפגעשטאַנען,
צעפּאָכעט זיך מיט זײַן ברייטער, שאַרפער האַק,
מיט וועלכער ער האָט יינגלווײַז געשפּאָלטן האָלץ
אין די געצווײַגטע וועלדער פון קענטאָקי־היים;
און אַז זײַן שאַרפע האַק האָט אָפּגעשניטן
די וואָרצלען פון דעם בוים פון זייער לעבן;
און אַז די ווילדע און צעיאָגטע שקלאַפן,
זיי האָבן זיך באַזויפט מיטן שאַמפּאַניער
פון זייער הערשערס קאַלטע קעלערן
און פאַראַדירט מיט באָרוועסע און שוואַרצע פיס
אין זייער באַלעבאָסטעס סייבל־פוטער,
מיט ווײַסע שטרויספעדער אויף שוואַרצע קעפּ —
האָבן די יינגערע, די שטאַרקערע, דערוואַכט
און זיך גענומען צופּאַסן צום נײַעם לעבן
און נײַע אומשטענדן. די שוואַכערע —
זיי האָבן אין דער היץ די קעפּ פאַרלוירן
און אויספאַרקויפט די שלעסער און די גיטער,
פאַרשאָנקען רײַכע פרוכטבאַרע פלאַנטאַציעס,
פאַר וויפל נאָר מען האָט געגעבן, זיך געלאָזט
וווהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן.
נאָר אַ סך האָבן צוגעמאַכט די אויגן
אין אָרעמע און שמוציקע קוואַרטאַלן
פון לאָנדאָן און פּאַריז; געשטאָרבן בעטלענדיק,
פאַרשיכּורט מיטן ביליקן אַבסינט [61].
פיל האָבן זיך דערשלעפּט מיט יאָרן שפּעטער
צוריק אַהיים, די אויסגעשעפּטע גלידער
צו לייגן אין דער היימישער און טרײַער ערד.
פון איינער פון די דאָזיקע משפחות

---

[61] (פראַנצ׳) שנאַפּס.

איז וויוויאַן געקומען אויף דער ערד:
די עלטערן האָט זי שוין קוים געדענקט,
ווי אין אַ ווײַטן אויסגעוועפּטן חלום.
נאָר עפּעס איז אַ ליכטיקייט געבליבן,
ווי פֿון אַ גאָלדיק בלאָסן שטראַל אין מוח.
דאָס קינד איז אויסגעוואַקסן בײַ איר אָנקל,
אַ יחוסדיקן קליינעם באַלעבאָס,
האָט זי געהויבן זיך, אַ יונגע שפּראָצלינג,
מיט אויגן ליכטיקע ווי קאָרנבלומען,
מיט גאָלדיק רויטע רינגען ווייכע האָר,
מיט לײַכטע, בויגיקע, גראַציעזע גלידער.
און עפּעס איז געווען אין דעם מיידל
אַן אויסמיש און סינטעז פֿון אַלע דורות:
די קראַפֿט און ווילן פֿון די פּיאָנערן
און זוניקייט און צערטלעכקייט און לוסט
פֿון דורות אײַנגעוואָרצלטע אין שלווה.
און אַז דאָס מיידל האָט גענומען אײַנגיין
בײַם ייִדן אינעם הויז, באַפֿרײַנדעט זיך
מיט זײַנע מיידלעך, איז דאָס גאַנצע הויז
געוואָרן פֿול און פֿול מיט וויוויאַן.
די מיידלעך זײַנען ווי געוואָרן באַצויבערט.
דער אַלטער דזשאָש פֿלעגט שטאַרק הנאה האָבן
און ווערן ייִנגער פֿון דעם פֿרישן שטראָם
פֿון זילבערדיקן שפּריציקן געלעכטער.
די אַלטע פֿלעגט אַפֿילו זיך צעשמייכלען,
די קנייטשן אויף איר פּנים פֿלעגן גוטמוטיק
זיך אויסגלעטן. און דזשייקאָב פֿלעגט באַהאַלטן,
די אויגן ניט אַראָפּנעמען פֿון מיידל.
ער האָט צום ערשטן ניט געוואַגט, זיך נענטער
מיט וויוויאַן צונויפֿצוגיין; נאָר שפּעטער

איז ער געוואָרן היימישער מיט איר:
זי אײַנגעלאַדן צו די זונטיק־אָוונט־טענץ.
און ס׳האַרץ האָט פֿײַנלעך־זיס געקלאַפּט, געקלאַפּט,
ווען ער פֿלעגט ציטערלעך זי צוטוליען צו זיך,
און אונטער דער פֿאַרברוינטער הויט פֿון פּנים
האָט הייס און לעכצנדיק געברויזט דאָס בלוט.

וואָס ווײַטער איז די פֿרײַנדשאַפֿט זיך צעוואַקסן:
די פֿרעמדקייט פֿון די ראַסן האָט געצויגן,
געוועזן עפּעס נײַ און פֿריש און אַנרעגנד,
און ווי די פֿרישע פֿרילינגדיקע ערד זאַפּט־אײַן
דעם ערשטן שמעקעדיקן פֿרילינג־רעגן,
אַזוי האָבן די יונגע לעכצנדיקע הערצער
אַרײַנגעזאַפּט אין זיך דעם פֿרישן שטראָם
פֿון קאָכיקן, באַרוישנדן געפֿיל.
און אײדער נאָך דער אימפּולס פֿון די הערצער
האָט קלאָר געפֿילט וווהין ער וועט געשטויסן —
איז האָבן שוין די צוויי פֿאַר זיך געחלומט,
געטראָגן אויף אַ פֿלוס פֿון ראָזע כוואַליעס,
פֿאַרוויגט, אַנטציקט פֿון ליכטיקן געפֿיל,
וואָס האָט פֿאַרנומען און פֿאַרשפּונען זייער לעבן.

אַזוי האָט זיך אַ שטיקל צײַט געצויגן —
ביז ס׳איז דאָס פּאָרל אין אַ פֿײַנעם טאָג
אַוועק צום אַלטן גוטמוטיקן פּאַסטאָר
און זיך פֿאַרהייראַט.

## מחותּנים

דער אַלטער דזשאָש מיטן ציגאַר אין מויל
איז זיך געזעסן שטיל און אײַנגעהאַלטן,

די אויגן שטאַרק פֿאַרזשמורעט פֿונעם רויך,
דער גרויער קאָפּ פֿאַרזונקען אין די פּלייצעס:
געהערט און ניט געהערט דעם אַלטן שכן
מיטן פֿאַרשפּיצטן טרייסלדיקן בערדל
און קליינע שפּיציקע און בלויע אויגן.
דער שכן האָט גערעדט געלאַסן, שטיל,
געבלאָזן קנוילן רויך פֿון שוואַרצער ליולקע,
געפּרוּווט אַרײַנקוקן אין ייִדנס אויגן.
נאָר ס׳האָט דער ייִד געזשמורעט זיי פֿון רויך
און ס׳איז געווען אוממעגלעך פֿאַרן שכן
צו זען און צו פֿאַרשטיין דעם ייִדנס מיין,
פֿון וואָס דער שכן האָט זיך שטאַרק געערגערט:
די אַנקל סעם־באָרד האָט נערוועז געטרייסלט זיך,
און ס׳האָבן זיך די שיטערע און גרויע האָר
פֿון אַלטן קאָפּ געבלאָזן און געפֿלאַטערט:
די אַלטע, אינעם קלייד פֿון שוואַרצן זײַד,
איז שטײַף און גראָד געזעסן אין איר שטול,
אין איין און זעלבער פּאָזע, ווי פֿאַרשטאַרט,
מיט מוטנע, לעבלאָזע און שווערע אויגן.
דער לאָמפּ איבערן טיש האָט העל געברענט,
געשפּיגלט זיך מיט קלאָרע דינע פֿײַערלעך
אין גלעזער שטאַרקן טיי, וואָס קיינער האָט
צו מאָל אַפֿילו זיך ניט צוגערירט צו זיי.
און ס׳האָט דער טיי פֿאַרשעמט געקילט זיך,
געבלאָזט מיט דינע קרײַזלדיקע רויכלעך.
און ס׳האָט דער וואַנטזייגער געקלאַפּט, געקלאַפּט,
און אָנגעיאָגט אַן אומעט אינעם הויז.

ביז ס׳איז דער שכן פֿון געדולד אַרויס
און פֿון דעם ווייכן, פֿאַרמאַסקירטן טאָן

איז ער אַרויס מיט ביטערניש און גאַל:
דער האַס האָט אים געבלעזלט אין די אויגן
און ס׳ביסל אַלט דין בלוט האָט אָנגעשפּאַרט
צום אַלטן שאַרבן מיט די דינע האָר,
און זיך געגאָסן מיט אַ טריבער רויטקייט
פֿון אונטער דער צעקנייטשטער פּאַרמעטהויט.
אַ פּאַטש געטאָן אין טיש מיט אַלע כּוחות,
און ס׳האָט די אַלטע אַזש אַ שפּרונג געטאָן.
דאָס קול איז אים געוואָרן שאַרף און שנײַדנדיק,
און קוקנדיק דעם ייִדן האַרט אין פּנים
געערדט פֿאַרביסן: — דזשאָש! — האָט ער געערדט —
אַז ס׳מיידל איז געקומען און געזאָגט,
אַז זי האָט זיך פֿאַרהייראַט מיט דײַן זון,
האָב איך גאָר גלייבן ניט געקענט מײַנע אויערן.
מײַן ברודערס טאָכטער — און דער ייִד? אַ פֿײַנע פּאָר.
ווען ס׳וואָלט מײַן ברודער האָוואַרד איצט געלעבט,
וואָלט עס מסתּמא ניט דערצו געקומען.
איך גיי־אַרום די לעצטע פּאָר מאָנאַטן דול,
איך שעם זיך אויפֿצוהייבן מײַנע אויגן.
דערוויס איך זיך, אַז דו ביסט גאָר פּלאַם־פֿײַער...
אַרויסגעטריבן פֿון געשעפֿט דעם זון...
און גיי, האָב טענות! נו, דערלעבט זיך צײַטן...
— און איך האָב גאָר יחוס ניט געזוכט... —
האָט שטיל און קיל דער ייִד אַרײַנגעשטעלט.
— אַזוי? — האָט זיך דער שכן מער נאָך אָנגעצונדן —
איך האָב אַפֿילו נישט געוואָלט דאָ קומען.
קיין כּבֿוד האָב איך ניט פֿון דיר צו וואַרטן.
נאָר מיר געפֿעלט, ווי דו, דזשאָש, ברעקלסט זיך...
איך וואָלט נאָר, דזשאָש, געוואָלט דערגיין דעם סוד
פֿון דײַן געוואַלדיקן און גרויסן יחוס...

צי שטעקט׳ס אין דעם, וואָס דײַנע אַלטע אָבֿות —
זיי האָבן נײַנצן הונדערט יאָר צוריק
געקרייציקט דזשיזוסן?...
דער ייִד האָט ניט געענטפֿערט.
ס׳איז דער ציגאַר אין האַנט געווען טויט.
האָט מיט דער צווייטער האַנט זיך צוגעדעקט
די מידע אויגן, ווי ער וואָלט געשלאָפֿן.
די אויפֿגערעגטע האַרבע שווערע רייד
זיי האָבן אים געשלאָגן ווי מיט שטיינער.
און ס׳האָט זײַן לײַב געקאָרטשעט זיך פֿון פּײַן —
האָט ער פֿאַרלוירן און געפּײַניקט זיך געדריקט
אין טיפֿן גרויסן שטול און שטיל געשוויגן.

דער שכן האָט געוואַרט צו הערן ענטפֿער,
געריבן שוועבעלעך צו אָנצינדן די ליולקע,
נאָר ס׳האָבן זיך די שוועבעלעך געבראָכן,
האָט ער מיט כּעס די ליולקע אָפּגעלייגט.
נאָר אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן,
האָט ער גענומען ריידן פֿון דאָס נײַ:
— נו, דזשאָש! — האָט ער געזאָגט — אַ וועלט, אַ וועלט...
געדענקסט כאָטש ווי דו ביסט אַהער געקומען?
אַ בעטלער, אַ ציגײַנער, אָפּגעריסן,
וואָס האָט זיך אומגעשלעפּט אויף אַלע וועגן
צעדאַרט, צעקוואַרט, מיט משׂא אויף די פּלייצעס...
איצט ביסטו פֿעט געוואָרן, דזשאָש, און גלאַט,
מיט הײַזער און מיט ברײַזער און מזומן...
(באַטראַכט דאָס הויז מיט שטעכעדיקע בליקן,
צעפֿירט די הענט, און האָגלט פֿון דאָס נײַ)
אַ ביסל זיך פֿאַרפֿונדעוועט, מיט זײַד און סאַמעט,
מיט זילבער און מיט גאָלד, מיט אַלעם גוטן.

אַ האַלבע שטאָט געהערט דאָך שוין צו דיר.
איך וואָלט געזאָגט כאָטש, אַז דו שאַצסט עס אָפּ,
אַז דו ביסט דאַנקבאַר פֿאַר דײַן גוטן מזל...
איז ניין! דו ברעקלסט זיך און שלײַדערסט זיך.
און דיר שטייט נאָך ניט אָן מײַן ברודערס טאָכטער.
ווי שטייט דאָרט אין דײַן אַלטן טעסטאַמענט?
אַז ס׳וועגט ישורון פֿעט, איז בריקעט ער.

די אַלטע איז געזעסן דורך דער צײַט,
געזעסן שטײַף און שטיל און ווי פֿאַרשטאַרט,
נאָר פֿון די רויטע אויגן האָט געפֿלאָסן
מיט ווײַסע, שטומע, שווײַגנדיקע טרערן.
עס האָט געפֿלאָסן אויפֿן בלאַסן פּנים,
אַרומגעקרײַזט די נאָז און טויטע ליפּן,
און פֿון די ליפּן אויף איר האַרץ געפֿאַלן.
און זי האָט דורך דער צײַט זיך ניט באַוועגט,
ניט אָפּגעווישט די רינעדיקע אויגן.
האָט ניט גערעדט, האָט ניט געשליוכצט, זיך ניט באַוועגט,
האָט בלויז באַגאָסן זיך מיט טויטע טרערן.
נאָר אַז דער שכן האָט צום סוף געענדיקט,
האָט דזשאָש אַראָפּגענומען זײַן האַנט פֿון פּנים,
(זײַן פּנים איז געווען צעקרימט פֿאַר צער
און זײַנע אויגן האָבן בייז געלויכטן),
זיך אויסגעגלײַכט אין שטול, און האָט געזאָגט:
— האָסט אַלץ אַרויסגערעדט, וואָס ס׳דריקט דיך, שכן?
ווען דו וואָלסט ניט געווען מײַן שנורס אַן אָנקל,
וואָלט איך פֿון דיר דײַן גראָבקייט ניט גענומען.
דאָס האָב איך פֿון איר כּבֿוד וועגן דיך געשווינט.
דו וואַרפֿסט מיר פֿאַר מײַן עלנט פֿון אַמאָל
און האָסט פֿון מיר קיין נחת ניט אויך הײַנט —

מסתמא איז עס גרויס דיר אין די אויגן.
נאָר אָרעמקייט, זאָגט מען, איז ניט קיין שאַנד.
און אויב אַצינד געהערט אַ האַלבע שטאָט צו מיר,
ווי דו ווילסט האָבן, איז האָב איך אויף דעם
געוויייטיקט און געאַרבעט יאָרן לאַנג.
ניט דאָס אָבער וויל איך דאָ אויסבּרענגען:
האָסט פריִער דאָ פאַרבײַגייענד דערמאָנט
דעם אַלטן חטא פון מײַנע עלטער־אָבות,
וואָס זיי האָבן דײַן גאָט געקרײַציקט — דאָס
איז אפשר גאָר געווען די ערשטע סיבה
פאַר וואָס כ׳האָב נישט געוואָלט דײַן ברודערס טאָכטער.
קען זײַן, מיט יאָרן שפּעטער, אַז עס וועט
דער פלאַם פון יונגן בלוט זיך אָפּקילן,
וועט ער, מײַן זון, דאָס אייגענע דערהערן
פון מויל פון אייגן ווײַב, זײַן פלייש און בלוט,
און דאָס וואָלט זײַן צו שרעקלעך. ווײַטער אָבער
זאָלסטו זיך וועגן דזשייקאָבן ניט זאָרגן:
ער וועט שוין, דזשייק, אַליין באַשטיין זײַן שטעטל.
אַ גוטע נאַכט דיר, שכן!

## 7

### קינדער

און דאָס זײַנען די נעמען פון די קינדער
פון אַלטן דזשאָש און סערע, זײַן ווײַב:
דזשייקאָב, לייאָנעל, עדווין און ווילאַרד — די זין;
דאָראָטי, דייאַנאַ און עטעל — די טעכטער.
די אַלע, אויסער דזשייקאָבן, דעם פרעמד־געבוירענעם,
זיי האָבן שוין אין גאַנצן נישט באַדאַרפט
זיך אויסגרינען: זיי זײַנען שוין געקומען

אין נײַער וועלט ווי שטאָלצע, פֿרײַע בירגערס,
און ווי אַזעלכע האָבן זיי געווירקט:

לייאָנעל — איז אויסגעוואַקסן אַ געזונט־ליבענדער מאַן,
אַ שווערער, אַ געלאַסענער, אַ רויקער,
מיט שוועריקייט אַדורכגעשטופּט די שול —
האָט אים דער טאַטע באַלד אַוועקגעשטעלט
אין גרויסן, רויטן הויז, בײַ דער אַלטער וואָג:
איז ער געשטאַנען און געהיט ס׳געוויכט,
דאָס צינגל זאָל נישט ציִען נישט אַהער
און נישט אַהין; האָט ער געוויגן קאָדער
און באַלן וואָל, און פֿעדערן, און פֿערדנביין,
און זשאַווערדיקן, אַלטן, גרויען אײַזן,
און פֿרישע הייסע בלוטנדיקע פֿעלן.
דער לייאָנעל האָט זיך געמאָגט באַרימען,
אַז ער האָט קיין מאָל נישט געמאַכט קיין טעות.
איז ער אַזוי געשטאַנען בײַ דער וואָג
ביז ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ יונגן מאַן
מיט ברייטע עפּעס אײַנגעבויגענע פּלייצעס
פֿון פֿילן בייגן זיך און נייגן זיך צום וואָג.
דערנאָך, אַז דזשייקאָב האָט בײַ קיינעם ניט געפֿרעגט
און האָט אַליין פֿאַרשדכנט זיך מיט וויוויאַן —
איז דזשאָש געגאַנגען און צונויפֿגעפֿירט
דעם לייאָנעל מיט פֿלאָסין, היימאַנס מיידל.
דאָס פּאָרל איז אַ ביסל אויסגעגאַנגען [62],
דערנאָך האָט מען געמאַכט אַ גרויסע האָכצײַט
מיט גרויס פּאַראַד: דער רײַכער קאַרגער היימאַן
האָט, נעבעך, שטאַרק געקרעכצט, געדונגען זיך,

---

[62] זיך אַרומגעפֿירט, געגאַנגען צוזאַמען שפּאַצירן.

נאָר ס׳האָבן אים קיין קונצן ניט געהאָלפֿן:
האָט אויסגעשטאַט אַ הויז כּיד המלך,
מיט מעבל און מיט טעפּיכער און מיט אַ פּיאַנאָ.
צו מאָרגנס, נאָך דער חתונה, באַגינען,
איז לייאָנעל געקומען אויפֿן הויף
און זיך אַוועקגעשטעלט צוריק בײַם וואָג.

עדווין — נאָך לייאָנעלן קומט דער ברודער עדווין.
דער עדווין איז געווען אַ יונג אַ ברען:
אַ שיינער, אַ געראָטענער, נערוועז און פֿלינק.
נאָר עפּעס איז געלעגן אין נאַטור זײַנער,
וואָס ער האָט ניט געקענט זיך צופּאַסן
צו עפּעס ניצלעכעס. דאָס איז געווען אַ מזיק,
פֿלעגט אָנפֿירן דעם באָלשפּיל פֿײַערדיק,
מיט הויכער האַנט; אַ יונגל נאָך, און שוין
זיך אומגעפֿירט מיט לעבעדיקע שיקסלעך
דורך גאַנצע נעכט. דער טאַטע האָט געשטראָפֿט,
די מאַמע האָט געבעטן און געוויינט,
נאָר ס׳האָבן אַלע טענות נישט געהאָלפֿן:
דער מזיק האָט געברענט אַ וועלט — דאָס גאַר.
ער איז געוואָרן אַ פּאַרקאָכטער שפּילער:
געשפּילט אין קאָרטן, און געשפּילט אין ווערפֿלעך,
געשפּילט אויף פֿערדלעך אין די קאָכעדיקע רײַסעס [63],
און אַז די פֿערדלעך פֿלעגן אָפּפֿאָרן פֿון שטאָט,
פֿלעגט עדווין זיך ניט פֿוילן נאָכפֿאָרן,
ווו נאָר דאָס גרויסע, פֿײַנע שפּיל פֿלעגט אָנגיין,
נאָך לויִסוויל, אַטלאַנטאַ, ניו־אָרלינס.
האָט אים די מאַמע אָנגערופֿן: קוועקזילבער.

---

[63] פערד־געיעגן.

און ס'האָט דער אַלטער אים גערופֿן: נאָך ערגער.
ביז איין מאָל, זײַענדיק ניט פֿאָרזיכטיק גענוג,
האָט עדווין זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט,
צו לייגן אויף אַ היבשער סומע געלט זײַן האַנט —
און מער האָט מען שוין עדווינען ניט אָנגעזען.
נאָר זעלטן ווען פֿלעגט צוקומען אַ גרוס,
אַ ווײַטער גרוס פֿון גרינע שפּילטישן,
פֿון זוניקער, פֿאַרבליטער פֿלאָרידאַ,
נאָך שפּעטער — פֿון דעם ווײַטן סאַן פֿראַנציסקאָ.
דאָס לעצטע, וואָס מען האָט פֿון אים געהערט,
געקומען איז פֿון ווײַסער, שנייִקער אַלאַסקאַ,
ווו עדווין האָט געלאָזט זיך מיטן שטראָם פֿון זוכערס
צו זוכן גאָלד צווישן אײַז און שניי.

ווילאַרד — דעם ברודער ווילאַרד האָט שוין ניט געצויגן
צום ברוכוואַרג און צום האַנדל. ווילאַרד איז געווען
צוריקגעצויגן, שטיל פֿון דער נאַטור.
האָט פֿלײַסיק דורכגעמאַכט די שול און הויכשול.
דערנאָך האָט אים דער אַלטער פֿאָטער דזשאָש
געלאָזט שטודירן אין דער גרויסער שטאָט.
האָט ווילאַרד אויסגעשטודירט מעדיצין
און איז צוריקגעקומען אין דער היים.
האָט ער געהאַט גרויס אָנזען בײַ די שכנים,
זיי פֿלעגן שוין דעם גוטן מאָרגן, דאַנק
אים טראָגן פֿון דער ווײַטן. קראַנקע זײַנען
צו אים געקומען גערן זיך קורירן.
די שכנים האָבן זיך געהאַט אַ ווערטל:
— אַזוי ווי ס'איז דער פֿאָטער מזלדיק,
אַזוי איז אויך דער זון. דערנאָך האָט ער
אַראָפּגעבראַכט פֿון ווײַטער שטאָט אַ ווײַב.

האָט זי געלעבט מיט אַלעמען פֿון ווײַטן,
מיט קיינעם ניט געפֿרײַנדלט זיך צו שטאַרק,
ווי ס׳פּאַסט זיך פֿאַר אַ יונגן דאָקטערס ווײַב.
איין מאָל איז זי געקומען אויפֿן ברוכוואַרג:
האָט זי דער אַלטער אומגעפֿירט אין הויף,
געפּרוּווט איר ווײַזן און דערקלערן זאַכן —
נאָר זי האָט זיך געקרימט, געהאַלטן פֿעסט צום נאָז
אַ פּאַרפֿומירטן טיכל. מער וואָלט מען
דאָס ווײַבל נישט געקאָנט אַהין פֿאַרנאַרן.

דאָראָטי — די עלטסטע פֿון די טעכטער: הויך און שלאַנק,
האָט גוט געלערנט זיך, ווי אַלע טעכטער,
האָט פֿיל געלייענט און געשפּילט די פּיאַנאָ.
באַזעסן מוט און פֿלינקייט פֿון געדאַנק,
געווען די נשמה פֿון איר קרײַז.
ווען ס׳האָט מיט דזשייקאָבן געמאַכט זיך די געשיכטע,
האָט זי דער אַלטער דזשאָש אַוועקגעשיקט
צו זײַנעם אַ פֿאַרוואַנדטן אין שיקאַגאָ:
דאָס מיידל זאָל פֿאַרקערן דאָרט מיט ייִדן.
האָט זי געהייראַט אין שיקאַגאָ מיט אַ מאַן,
און ווי מען האָט דערציילט בײַ אונדז אין שטאַט,
האָט זיך געלעבט איר דאָרט ווי אַ פּרינצעסין.
מיט אייניקע יאָר שפּעטער האָט זיך דאָראָטי
צוריקגעקערט צום טאַטן אינעם הויז
אין שוואַרצן און געדיכטן טרויער, הויך און שלאַנק,
דאָס פּנים בלאַס און דורכזיכטיק, ווי בײַ מאַדאָנעס,
מיט רינגען בלויע אַרום די טיפֿע אויגן.
געבראַכט האָט זי מיט זיך דעם קליינעם דייוויד,
מיט דינע און געשניצטע הענט און פֿיס,
מיט שטראַלנדיקן בליק פֿון גרויסע אויגן.

אין שטאָט האָט מען גערעדט, דערציילט זיך מעשׂיות
פֿון גרויסע שפּעקולאַציעס אין דעם גרויסן כּרך
און פֿון דעם ענדלעכן געטרײַען קויל אין קאָפּ —
נאָר קלאָר איז מען עס קיין מאָל ניט דערגאַנגען.
נאָר זי האָט אָפּגעהיט אַלמנהשאַפֿט געטרײַ,
פֿאַר יאָרן זיך נישט צוגערירט צום פּיאַנאָ;
געוואָרן רעליגיעז געשטימט און פּריוואַט-נאַכטס
פֿלעגט ברענען איר פֿאַר ליכט אַנטקעגן מאַמעס.
עס האָבן אינעם הויז פֿון אַלטן דזשאָש
אַרײַנקומען געגומען נײַע ביכער
פֿון ייִדישער געשיכטע און רעליגיע —
די לידער פֿון דער צאַרטער עמאַ לאַזאַרוס
און אַנדערע. אין שטאָט האָט מען גערעדט,
אַז דאָראָטין האָט זיך פֿאַרגלוסט צו זײַן אַ רבֿ:
זי לערנט לשון-קודש פֿון דעם חומש.

דייאַנאַ — ווען דאָראָטי האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים,
איז זי, דייאַנאַ, פֿון דער היים אַוועק:
האָט זיך פֿאַרהייראָט צו אַ רײַכן סוחר
פֿון אַ דערנעבנדיקן נײַעם ישובֿ.
האָט זיך געלעבט איר זאַט און שטיל און רויִק,
און איטלעך מאָל, ווען זי פֿלעגט קומען אין דער היים,
האָט זי געהאַט וואָס נײַעס צו באַווײַזן:
אַ דימענטרינג, אַ לאָוועליר צי אוירינגען.
דאָס פּנים האָט געלאַנצירט פֿון פֿעטס און ווױלטיק
און איז ניט מיד געוואָרן צו דערציילן
פֿון הערמאַנס גוטסקייט און זײַן איידלקייט,
און ווי אַזוי איר הערמאַן וואָלט פֿאַר איר
דאָס לעבן אײַנגעשטעלט.

עטעל — קאַפּריזנע, ווי אַ קליין פֿאַרצערטלט קינד,
מיט לאַנגע, דינע און נערוועזע פֿינגער,
פֿלעגט זי פֿאַרחלומען איר טאָג בײַם פּיאַנאָ.
אַז ס'רויע לעבן האָט זי איין מאָל אָנגערירט,
האָט זיך איר יונגעס וועזן אײַנגעשרומפּט,
ווי ס'שליסט זיך אײַן די שלאָפֿנדיקע בלום,
ווען ס'פֿאַלט אויף איר די אָנקומענדע נאַכט.
אין שטאָט האָט מען גערעדט פֿון אומגליקלעכער ליבע.
דאָס גאַנצע הויז איז אומגעגאַנגען אַרום איר,
ווי מען גייט־אום אַ צערטלעך קרענקלעך קינד:
דערפֿילט איר קלענסטן ווונטש, איר מינדסט באַגער.
זי פֿלעגט אַרויספֿאָרן אין ראָזיקע פֿאַרנאַכטן
שפּאַצירן אויסער שטאָט אין קערבל־וועגל,
געשפּאַנט צום טאַנצנדיקן פּאָני־פֿערדל.
און אַז זי פֿלעגט צוריקקומען אַהיים,
פֿלעגט שמעקן פֿון דעם גאַנצן יונגן וועזן
מיט ווילדע פֿעלדבלומען און טוי און זומערנאַכט,
און אינעם פֿײַכטן בלאָנדזשעדיקן בליק
איז עפּעס אומגעשווומען פֿרעמדס און ווײַטס,
און אומפֿאַרשטענדלעכס, פֿון אַן אַנדער וועלט.
ווען דאָראָטי האָט זיך צוריקגעקערט
און מיטגעבראַכט איר זון, דעם קליינעם דייוויד,
האָט עטעל ווי פֿון שלאָף זיך אויפֿגעכאַפּט:
ס'האָט אָנגעהויבן קלינגען אינעם הויז
מעלאָדיש, שיין און שטאַרק איר יונגע שטים.
זי האָט שוין מער פֿון קינד נישט אָפּגעטראָטן
און איז צו אים געוואָרן ווי אַ מאַמע.
און בײדע שוועסטערס, הויך און דין און שלאַנק,
אין שוואַרצן טרויער — די, אין ווײַס — די שווייטע,
זײ פֿלעגן אומגיין ווי צוויי מאַמעס אַרום קינד.

## טויט

דאָס לעבן איז דערוויַיל געגאַנגען פֿאָרויס
ווי ס׳גייט דער אַלטער זייגער אויף דער וואַנט.
און יעדער איז געווען מיט זיך פֿאַרנומען,
מיט זייַנע דאַגות, איבערלעבונגען, חלומות.
עס האָבן זיך געהויבן יונגע אייניקלעך
און אין אַ יום־טובֿדיקן טאָג פֿון רו
איז פֿול געווען דאָס הויז מיט זין און טעכטער,
מיט אויסגעפּוצטע ייִנגלעך און מיט מיידלעך,
מיט ברוינע און מיט בלאָנדע און מיט שוואַרצע קעפּלעך,
מיט אָנגעכמורעטע און שווערע פּנימלעך,
מיט לוסטיקע און ממזרישע פּנימלעך.
די אַלטע פֿלעגט שוין אָפֿט אַליין נישט וויסן,
ווער וועמעס קינד סע פּלאָנטערט זיך אַרום
צווישן אירע פֿיס און וואָס זייַן נאָמען איז.
דאָס האָט די עלטער זי גענומען בייגן:
זי פֿלעגט זיי טיילן צוקערלעך און קיכלעך,
און זעלטן ווען אַ פֿיר טאָן מיט דער האַנט
אַריבער ווייכן האָר פֿון יונגע קעפּלעך.

זי איז געשטאָרבן ווי זי האָט געלעבט:
אַ שטילע, אַ באַרויִקטע, זיך נישט געקלאָגט.
עס האָבן זי אַרומגערינגלט זין און טעכטער,
נאָר אין דעם לעצטן ציטער פֿון איר גסיסה
האָט זי איר טריבן בליק אַוועקגעשטעלט
אויף אים, דעם מאַן, און מער נישט אָפּגעווענדט.
און לאַנג נאָך דעם ווי זי האָט אויסגעהויכט איר אָטעם
איז ער נאָך אַלץ געווען אונטער דער משׂא
פֿון שווערן טריבן און פֿאַרגלאָזטן בליק.

דערנאָך איז פֿול געוואָרן ס׳הויז מיט שטילקייט,
מיט ריחות פֿונעם טויט און געלע ליכט,
און שווערע איבערפֿליסיקע בוקעטן־בלומען.
די אַלטע איז געלעגן אין דעם אָרון,
פֿאַרפּוצט אין שוואַרצן ברייטן זײַדנקלייד:
פֿון אונטער דעם געדיכטן שוואַרצן שלייער
האָט זיך דאָס גרויע האָר פֿון קאָפּ געזילבערט
און אויף דער געלער, דינער, טויטער האַנט
האָט זיך דאָס געלבע טויטנליכט געשפּיגלט
אין גאָלדענעם און אַלטן חופּה־רינג.
די גאַנצע שטאָט האָט זיך אין הויז געקערט:
די אַלטע גרויע שכנים, וועלכע האָבן נאָך
געקענט דעם דזשאָש פֿון יענע אַלטע צײַטן;
די ייִנגערע, וואָס האָבן שוין פֿאַרקערט
מיט אים אין די געשעפֿטן און די באַנקן,
די שוועסטערס, חבֿרטעס און די באַקאַנטע,
דער אַלטער פּאַסטאָר מיטן מילדן פּנים.
די אײַלנדיקע און צעיאָגטע ליטוואַקעס
מיט ווײַב און קינד, וואָס האָבן נישט געוווּסט,
ווי צו באַגיין זיך מיט די היטלען זייערע:
אַראָפּנעמען דאָס היטל אָדער ניט?
און ס׳איז זיי אויסגעקומען מאָדנע פֿרעמד
די גאַנצע צערעמאָניע פֿון דער גאָטעסדינסט:
דער יונגער דינער ראַבײַ, שוואַרץ געקליידט,
פֿאַרשפּיליעט שטײַף אויף אַלע קנעפּ צום האַלדז,
דאָס פּנים גלאַט ראַזירט, מיט בלויזן קאָפּ,
מיט גלימצערדיקע גלעזער אויף די אויגן.
ער האָט געלייענט אין אַ דיקן טאָן,
געצויגן די געשליפֿענע, געפֿײַלטע ווערטער
אַרויס פֿון דינעם שוואַרץ־געבונדענעם תּהילים.

עס זײַנען פּערלדיק געפֿאַלן ווערטער,
באַקאַנטע ווערטער, נאָר אין נײַעם לשון,
וואָס האָבן אָנגעשלאָגן אַלע הערצער:
— גאָט, אונדזער האַר, ווי גרויס איז דײַן נאָמען
איבער דער וועלט!
וואָס דו האָסט געטאָן דײַן פּראַכט
אויף די הימלען.
ווען איך זע דײַנע הימלען,
די אַרבעט פֿון דײַנע פֿינגער,
לבֿנה און שטערן וואָס דו האָסט פֿעסטגעזעצט.
...וואָס איז דער מענטש, דו זאָלסט אים דערמאָנען,
און דער זון פֿון דער ערד, דו זאָלסט אים געדענקען?...
זיך אָפּגעשטעלט אויף אייניקע מינוטן שטיל —
אין שטילן, אָנגעשטרענגטן הויז האָט זיך געהערט
דאָס איבערמישן פֿון די דינע בלעטלעך —
און אָנגעהויבן זאָגן פֿון דאָס נײַ
דאָס געבעט פֿון משה, דעם געטלעכן מאַן:
— נאָך איידער די בערג זײַנען געווען געבוירן
און איידער דו האָסט באַשאַפֿן ערד און וועלט,
ביסטו פֿון אייביק און פֿון אייביק שוין געוועזן גאָט.
און ווײַטער:
— ווי וועלקעס גראָז... וואָס שפּראָצט־אויס באַגינען
און ווערט צעטריקנט און פֿאַרוועלקט אין אָוונט.
דען אַלע אונדזערע טעג שווינדן אין דײַן צאָרן...

דער אַלטער האָט געהערט און נישט געהערט:
עס האָט זיך אָפּגעשטעלט די צײַט און די באַוועגונג,
ווי אין אַ נעבלדיקן, פּלאָנטערדיקן חלום,
און אַלץ האָט זיך געמישט אין טריבן בליק:
די זין און טעכטער און דאָס טויטע פּנים

דער ניט־רעאַלער שײַן פֿון געלע ליכט,
דער שווערער ריח פֿון די בלומענקרענץ,
דאָס פּנים פֿון דעם פֿרעמדן יונגן ראַבײַ
וואָס האָט געצויגן מאָנאָטאָן אין אייביקייטן,
און ס׳גאַנצע לעבן האָט געדויערט איין מינוט.
אין צווייטער רגע איז דאָס פֿריִערדיקע
פֿאַרשוווּנדן און צערונען ווי אַ רויך.
האָט ער געפּרוּווט זיך צוהערן צום קול,
האָט ער יאָ אויפֿגעכאַפּט באַקאַנטע ווערטער,
באַקאַנטע אָבער דאָך פֿאַרפֿרעמדטע ווערטער.
איז ער אַריבער צו דעם פֿריִערדיקן,
צו דעם געדאַנק וואָס האָט נישט נאָכגעלאָזט,
וואָס איז שוין אַלט, דאָך נײַ, זינט וועלט איז וועלט,
און זינט דער ערשטער מענטש האָט אָנגעהויבן טראַכטן:
— וווּ איז דער תּכלית און דער זין פֿון אַלצדינג?

דערנאָך האָט ווידער זיך געצויגן דער קאַשמאַר:
די גאַסן, די באַקאַנטע, פֿון דער שטאָט —
זיי זײַנען דאָס מאָל אומבאַקאַנט און פֿרעמד,
דאָס פֿרײַע פֿעלד, דאָס גראָז, דערנאָך מצבֿות
און פֿרישע קבֿרים צוגעדעקט מיט בלומען.
אַזוי פֿיל ווײַסע מאַרמאָרנע פֿיגורן —
און צלמים, צלמים, צלמים אומעטום.
עס איז געשטאַנען אינעם הימל אומבאַוועגלעך
אַ גרויסע, רויטע, פֿײַערדיקע זון.
ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט בײַם ראַנד פֿון גרוב,
וואָס האָט געשמעקט מיט פֿרישער, קילער ערד
און האָט זיך אויסגעניכטערט ווי פֿון חלום:
דער אָרון איז געווען אַראָפּגעלאָזט אין גרוב
און ס׳האָט דער ראַבײַ זיך געבויגן אויפֿן גרוב,

געלייענט ווידער פֿונעם שוואַרצן ביכל,
נאָר דאָ, אין אָפֿענעם און פֿרײַען פֿעלד,
האָט ס׳קול געקלונגען לײַדנדיק, פֿאַרלוירן,
אין אָנגעזיכט פֿון אייביק שטילן לעבן.
ער האָט געשאָטן ווײַסע בלומען אין דעם גרוב,
געבויגן זיך דאַריבער און גערעדט:
— דען ערד ביסטו און צו דער ערד קערסטו זיך צוריק
און אַז די ערד האָט אָנגעהויבן פֿאַלן
מיט דומפּן, שווערן קלאַנג אין דעק פֿון אָרון,
האָט ער דערמאָנט זיך יענעם טאָג אין ווינטער:
ווען ער און זי, די איצט פֿאַרשאָטענע אין גרוב,
זיי האָבן אויפֿגעהאַקט דעם אַלטן קבֿר
פֿאַר זייער קליין און אומגעקומען קינד.
האָט ער אַ פֿאַל געטאָן צום קליינעם בערגל,
וואָס האָט גערוט איצט אַזוי גרין און פֿרידלעך,
באַדעקט מיט גראָז און ווילדע פֿעלדבלומען.
ער האָט געוואָלט אַרײַנשרײַען צום קינד,
אַז זי, די מאַמע, איז צו אים געקומען...
נאָר רײדן האָט ער נישט געקאָנט — האָט ער
געבויגן זיך צום קבֿר און דער קוואַל
פֿון הייסע טרערן האָט זיך אים געעפֿנט.
האָט ער געכליפּעט אויפֿן הויכן קול,
ווי ס׳וויינט אַ קליין און אומבאַהאָלפֿן קינד.

## אָוונט־שאָטנס

בײַם מוטערס קראַנקנבעט זײַנען דער פֿאָטער
און זון געוואָרן שלום. ס׳האָרץ האָט אים
געצויגן צונעם זון פֿון ערשטן טאָג —
צו שטאָלץ אָבער צו ווײַזן זײַן געפֿיל,

האָט ער געשוויגן. ס׳איגענע דער זון,
ביים מוטערס בעט — דערנאָך, ביי דער לוויה,
איז לייכט געווען צו ריידן גוטע רייד,
וואָס זיינען אמתדיק געקומען פונעם האַרצן.

ס׳געשעפט האָט שוין געפאָדערט יונגע בלוט:
ס׳איז אויסגעוואַקסן שטאַרקע קאָנקורענץ
און ס׳האָט דער אַלטער דזשאָש געשפּירט, אַז ס׳איז
צו שווער פאַר אים, און ניט פאַר זיינע כּוחות
אַליין, אויף זיך, די משׂא אויסצוטראָגן.
מיט לייאָנעלן, האָט ער גוט געוווּסט,
אַז ווייט וועט ער ניט גיין: איז גוט צום וואָג
און ווייטער איז ניטאָ זיך צו פאַרלאָזן.
האָט ער איין טאָג, אָן זייטיקע הקדמות,
געבעטן דזשייקאָבן צוריקקומען אין פּלאַץ,
און דזשייקאָב האָט זיך אויך נישט לאַנג געקנייטשט
און אָנגענומען באַלד דעם טאַטנס פאָרשלאָג.
און אויפן שילד פון אַלטן, גרויסן הויז
איז צוגעקומען נאָך איין וואָרט: און זון.

דאָס לעבן האָט גענומען ווידער גיין
זיין אָנגעצייכנטן טאָג־טעגלעכן מאַרשרוט,
פאַרנומען פון דער פרי ביז שפּעט אין נאַכט,
מיט האַנדל און מיט סחורה, און מיט לאָדענישׂ,
פאַרדינסטן און פאַרלוסטן — און דעם אַלטן
איז אָפט מאָל שוין די זאַך געפאַלן שווער,
און איבערדריסיק. ער האָט שטיל געגאַרט
צוריק זיך ציִען פון דער גאַנצער משׂא
און חלומען ווי ערגעץ שטילערהייט.
ער האָט געפּרוּווט צו אויסנבלייבן אין דער היים,
נאָר ס׳איז די רו פון היים נישט איינגעגאַנגען.

ער האָט אַפּילו איין מאָל אויסגעזוכט
דעם אַלטן רב בחיי פֿון זײַן שטויב —
נאָר רב בחיי האָט אים שוין געלאָזן קאַלט:
— נישט דאָס... האָט ער זיך אומגעקערט צום פּלאַץ
און האָט זיך אײַנגעשפּאַנט צוריק אין יאָך,
הגם ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז נישט נייטיק,
אַז דזשייקאָב וועט גאַנץ גוט באַגיין זיך אָן אים.
נאָר זײַן אָן איבעריקער אויף גאָטס וועלט
איז נישט געווען אין זײַן נאַטור. האָט ער
זיך ווידער מיטן לײַב און זעל אַרײַנגעטאָן
אין זײַן געשעפֿט, און איז אַזוי פֿאַרבליבן
פֿאַרטאָן, פֿאַרדאַגהט. נאָר איינאיינציק׳ שטראַל
האָט איצט באַלויכטן אים זײַן שווערן אומעט:
דאָס איז געווען וויוויאַן, זײַן שנור,
די אומעטיקע טעכטער אין דער היים,
און דער פֿאַרצערטלטער, דער קליינער דייוויד.

די וויוויאַן פֿלעגט אָפֿט אַראָפּקומען אין פּלאַץ
און מיטפֿירן מיט זיך איר קליינע טאָכטער:
אַ הויכע און אַ שלאַנקע און אַ צערטלעכע,
מיט לאַכעדיקע חן־גריבלעך אין פּנים,
פֿלעגט זי אַרײַנטראָגן אַ נײַעם דופֿט אין פּלאַץ
און אים באַשטראַלן מיט איר פֿרישער יוגנט.
זי פֿלעגט דעם אַלטן קושן אויפֿן שטערן
און זאָרגלאָז־קינדערש גלעטן זיך צו אים.
ער האָט געליבט זי אומפֿירן אין פּלאַץ,
באַווײַזן איר און אויסדערציילן זאַכן —
און זי פֿלעגט ערנסט צוהערן צו אים,
און פֿלוידערן און ריידן ווי אַ קינד,
און נאָך דעם ווי זי פֿלעגט פֿון פּלאַץ אַוועקגיין,

פֿלעגט לאַנג נאָך בלײַבן עפּעס פֿון איר פֿרישקייט:
אַ בינטל פֿרישן בלוי פֿיאָלעטן, לײַלאַקס,
צי שטײַפֿע, ווילדע רויזן אין סוף זומער.

זײַן טאָג האָט דאַן געניגט זיך שוין צום אָוונט:
ס׳איז נאָך געווען קראַפֿט אין זײַנע לענדן,
זײַן אויג איז נאָך געווען שאַרף און בליציק,
און ס׳פֿלעגט צו מאָל אַ לוסטיק פֿײַערל
אין זיי זיך צינדן. נאָר די אָוונט־שאָטנס —
זיי האָבן שוין אַרומגעכאַפּט זײַן האַרץ.
נאָך שפּעטער, אַז דער אַלטערס קבֿר האָט גענומען
באַוואַקסן ווערן מיט אַ טיפֿן גראָז,
פֿלעגט ער אין זוניקע און פֿרײַע טעג
איר קומען צו באַזוך: עס האָט זיך העל
און פֿרידלעך־זוניק זיך געשפּילט דאָס פֿעלד.
עס האָבן צלמים און מצבֿות העל געגלאַנצט,
געגלימערט פֿרידלעך אין דער הייסער זון.
און ס׳איז די שטילקייט גרויס געווען און טיף,
אַזוי אַז ס׳האָט די שטילקייט אַזש גערעדט,
געטריפֿט מיט שטילער פֿרייד אין מידן האַרצן.
איין האַלבער שטיין פֿון אַלטער בײַם צוקאָפּנס
איז שוין געווען פֿאַרשריבן, אויסגעהאַקט
מיט אותיות גאָלדענע; די צווייטע העלפֿט
איז גלאַט געווען און גלאַנציק און פּאָלירט,
און פֿריילעך זיך געביטן מיט קאָליר
פֿון גראָז און בוים, און זונענליכט, און שאָטן,
און האָט געוואַרט אויף יענעם אומבאַוווסטן טאָג,
ווען ס׳וועלן די מצבֿה־קריצערס קומען
און אויסהאַקן אין שטיין אַ נײַעם נאָמען.
און ס׳איז געווען מאָדנע ליב און טרויעריק

צו זעלבער צײַט, צו וויסן זיכער און באַשטימט,
אַז ווײַטער פֿון דעם קען מען ניט אַוועקגיין,
אַז דאָ, פּונקט דאָ, אונטערן בערגל, איז:
די ענד פֿון יעדן אָנהייב, סוף פֿון אַלע סופֿן.

## לעבן

**די יוגנט האָט געלעבט איר פֿולן לעבן:**
עס האָבן זיך געביטן טעג און וואָכן,
מאָנאַטן האָבן זיך געקייטלט אין די יאָרן;
און טאָג און וואָך און מאָנאַט זײַנען געווען פֿול
מיט סודותדיקע צוזאָגן אויף שפּעטער;
און איטלעך יאָר האָט מיטגעבראַכט אַ נײַעס,
אַ נײַ' דערוואַרטונג און אַ נײַע פֿרייד,
אין ערשטן ציטער פֿון דער מוטערס לײַב,
אין ערשטן אומבאַהאָלפֿענעם געשריי פֿון קינד,
אין ערשטן אומשולדיקן זיסן שמייכל,
און אין דעם ערשטן שטעל זיך אויף די פֿיס
פֿון יונגע עופֿהלעך.

צו ערשט זײַנען אַוועק
די יאָרן שלעכט און מאָגער. ס'האָט געפֿעלט אין הויז
און דזשייק האָט נישט געקאָנט זיך צופּאַסן צו עפּעס:
ס'איז שווער געווען פֿאַר אים, מיט זײַן נאַטור,
זיך צופּאַסן אין אַרבעט פֿאַר אַ צווייטן.
נאָר נויט ברעכט אײַזן. שפּעטער, מיט דער צײַט,
האָט ער זיך ווי ניט איז צו דעם געוווינט
און האָט געשלאָסן שלום מיט זײַן צושטאַנד.
נאָר וויוויאַן האָט מיט איר חוש פֿאַרשטאַנען
ווי נאָך די אָרעמקייט צו מאַכן ליב,
ווי צו פֿאַרשיינען איטלעך ווינקל פֿונעם הויז.

און ס׳איז דאָס קליינע הויז געווען פֿול
מיט וואַרעמקייט פֿון יוגנטלעכער ליבע.
אַ מאָל פֿלעגן די מיידלעך, דזשייקאָבס שוועסטערס,
זיי קומען צו באַזוך, און ס׳פֿלעגט דאָס הויז
פֿאַרקלונגען ווערן פֿון דער פֿרישער פֿריילעכקייט,
פֿון יונגן שטראָם פֿון האַרציקן געלעכטער.
אַז ס׳ערשטע קינד איז אינעם הויז געקומען,
איז פֿול געוואָרן ס׳הויז מיט נייַעם גליק,
מיט קינדערשן געוויין און זאַטן ברומען,
און מיטן יונגן מוטערלעכן קול,
וואָס פֿלעגט דאָס קינד פֿאַרשלעפֿערן אין רו.
אין זומער האָט דאָס קליינע הויז געגרינט
צווישן אַלטעביימער הונדערטיעריקע,
געשמעקט מיט ווילדע פֿעלדבלומען און ליילאַקס [64]
אין פֿריִען פֿרילינג. שפּעטער האָבן זיך צעבליט
די ווילדע שמעקעדיקע יוני־רויזן,
געקלעטערט אויף די ווענט, אויף דער וועראַנדע,
און ביז צום אַלטן דאַך אַרויף. די זונבלומען
אויף גראָבע, גרינע שטאָקן האָבן העל געבליט,
געטרייסלט פֿון די קעפּ די געלע בליִונג,
און אָפּגעדעקט געדיכטע, שוואַרצע רייען
פֿון צייַטיק ווערנדיקע קערנער. ווינטער
האָט יעדער אויוון אינעם הויז געברענט
און דורך די קליינע פֿענצטער האָט געשטרעקט זיך
דאָס גרויסע ברייטע פֿעלד פֿאַרדעקט מיט שניי,
מיט ביימער בליִענדע אין מאַטן זילבער.
ס׳איז ליב געווען צו הערן אין די נעכט
דאָס אומעטיקע קלינגען פֿון די צווייַגן

---

[64] קולטיווירטע בלומען אַרום הויז.

און דאָס בײַנאַכטיקע געשריי פֿון ווינט,
ווען אינעם הויז איז ליב געווען און וואַרעם
און פֿונעם ווינקל, פֿון דער ווייכער וויג,
האָט אַ צופֿרידענע, איין וואַרעמקייט און זעט,
דאָס קליינע עופֿהלע געפּלאַפּלט און גערעדט.

זי איז געווען רעליגיעז געשטימט
און יעדן זונטיק פֿרי פֿלעגט זי אַוועק
אין קירך אַרײַן, און קומענדיק צוריק
מיט פֿײַכטע, גרויסע, גלאַנצנדיקע אויגן,
פֿלעגט זי אים איבערגעבן שנעל, באַגײַסטערט,
דעם פּאַסטאָרס פֿרישע רעדע אין דער קירך
און ווי זי איז גערירט געווען פֿון אַ געדאַנק.
זי פֿלעגט אים מוסרן גאַנץ אָפֿט, למאַי
ער איז צום גלויבן אַזוי גלײַכגילטיק:
— ווי קען אַ מענטש דען לעבן אָן אַ גאָט?
נאָך שפּעטער האָט זי ערגעץ ווו געקראָגן
צוויי אַלטע לײַכטערס מעשענע און פֿרײַטיק,
ווען דזשייקאָב פֿלעגט צוריקקומען אַהיים,
פֿלעגט ער געפֿינען ברענענדיק צוויי ליכט,
מיט פֿרישע חלות און מיט רויטן ווײַן.
אַליין פֿלעגט זי אַרומגיין אָנגעטאָן אין ווײַס
און ס'האָט דער שבת זיך געשפּירט אין הויז.
זי האָט געבעטן, אַז ער זאָל זי אויסלערנען
די ברכות, וואָס מען זאָגט בײַם צינדן ליכט,
נאָר דזשייקאָב האָט געמוזט זיך מודה זײַן,
אַז ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט. זינט דאַן
איז זי אים ליבער נאָך געווען ווי פֿריִער.

דערנאָך, אַז דזשייקאָב איז צוריקגעגאַנגען
צום אַלטן פֿאָטער, זײַנען אָנגעקומען

די זאַטע יאָרן. ניט פֿאַרשוווּנדעריש,
צוריקגעהאַלטן, אָבער פֿול דאָס הויז,
און ס׳איז דער קאָפּ געווען פֿריי פֿון זאָרגן.
די וויוויאַן האָט זיך געגלעט צום אַלטן
און איז צו אים געוואָרן ווי אַ טאָכטער.
און אָפֿט מאָל פֿלעגט דער אַלטער וויצלען זיך,
אַז זי, די וויוויאַן, איז מערער ייִדיש קינד
פֿון זײַנע טעכטער, אַז איר ציט צו ייִדישקייט.
זי פֿלעגט טאַקע קיין זונטיק נישט פֿאַרפֿעלן
צו גיין אין קירך, האָט אָפּגעהיט דאָס קינד
זאָל זונטיק גיין אין שול צום אַלטן פּאַסטאָר —
נאָר פֿרײַטיק־נאַכטס האָט זי געצונדן ליכט,
און ראש־השנה און יום־כּיפּור פֿלעגט זי קומען
צוזאַמען מיטן אַלטן דזשאָש און מאַן
און יונגן קינד אין סינאַגאָג אַרײַן.
און ס׳האָבן זיך די ליטוואַקעס געחידושט,
מען האָט זיך שטיל געסודעט אויפֿן אויער:
ס׳איז שווער געווען אַזוינס גאָר צו באַנעמען.
ביז ס׳האָט אים, דזשייקאָבן, די זאַך דערעסן
און האָט גענומען פּלאַנעווען: אַ טעמפּל —
אַ טעמפּל, מיט אַן אָרגל, מיט אַ ראַבײַ.
די דײַטשן האָבן באַלד זיך אָפּגערופֿן.
דער אַלטער דזשאָש איז מיטגעשלעפּט געוואָרן
און ס׳האָט זיך די געמיינדע דאַן צעשפּאָלטן.
עס האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ נײַער טעמפּל
און יעדן פֿרײַטיק מיטן זונפֿאַרגאַנג
האָט ערנסט פֿײַערלעך געברומט דער אָרגל
און ס׳האָט דער כאָר פֿון יונגע מיידל־קולכלעך
געפֿלאָסן אין באַלויכטענעם און הויכן חלל,

און ביז אין פֿרײַער, ווײַטער גאַס אַרויס,
דער פֿײַערלעכער שפּרוך: — שמאַ־ייִס־ראַ־על!

8

## יאָרן שפּעטער

אַז דייוו איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן גרויס,
איז שוין דער זיידע דזשאָש געווען אַלט,
איז שוין דער אַלטער דזשאָש געוואַקסן אויף צוריק.
איז קליין געוואָרן, שטיל און אײַנגעשרומפּן.
צעקנייטשט און געל איז שוין געווען זײַן פּנים.
די אויגן — מוטנע, לעבלאָזע און קאַלטע.
דאָס האָר פֿון קאָפּ און באָרד פֿאַרגעלט פֿון אַלטקייט.
דער נעגער אין דעם גוטן לימוזין
פֿלעגט טעגלעך, אין די מאָרגנס און די אָוונטס,
דעם אַלטן ברענגען און אָוועקפֿירן פֿון פּלאַץ.
און ס׳איז געווען אַ צער און אַ רחמנות
צו זען דעם קליינעם אײַנגעשרומפּטן אַלטן
זיך טוליענדיק, אַ שטילער, אַ פֿאַרלוירענער,
אין טיפֿן זיץ פֿון גרויסן לימוזין.

דער אַלטער פֿלעגט נאָך, האַלב אין ערנסט, האַלב אין וויץ,
אַזוי זאָגן: — דער טאָג, וואָס כ׳וועל זיך נישט באַווײַזן
אין פּלאַץ אַרײַן, וועט זײַן פֿאַר מיר דער לעצטער.
פֿלעגט ער נאָך קומען אין די שטורעמדיקע טעג
פֿון קאַלטן ווינטער, ווען די ערד און הימל
זיי מישן זיך און דרייען זיך בײַנאַנד;
אין גרויסע היצן פֿון דעם ליבן זומער,
ווען ס׳שטייט און ברענט אין גלי׳ענדיקן הימל
אַ פֿײַערדיקע זון און באַקט די ערד;

אין ליכטיקע און קלאָרע טעג פֿון פֿרילינג,
און אין פֿאַרשוואַרצטע וויינענדיקע האַרבסטטעג.
עס האָט געהייסן, אַז ער קומט נאָך אַרבעטן;
פֿלעגט ער אין ווינטער אָפּשלאָפֿן דעם טאָג
בײַם וואַרעמען פֿון קויל צעגליטן אויוון
און זומערלעב, ווען ס'ברענט די דרומדיקע זון,
פֿלעגט ער זיך באָקן בײַ דער דרום־וואַנט
פֿון גרויסן, רויטן בנין, קרעכצן אויפֿן קול
און פּיפּקען פֿון אַ שוואַרצער אַלטער ליולקע.
דער אַלטער האָט אין האַרצן גוט געוווּסט,
אַז אייגנטלעך באַדאַרף ער מער ניט קומען;
ניט מער — ער פּלאָנטערט זיך צווישן די פֿיס,
און גלײַכער וואָלט געווען צו גיין אַהיים,
זיך אויסשלאָפֿן, זיך אויסרוען און אפֿשר
אַרײַנקוקן אַ מאָל גאָר אין אַ ספֿר...
נאָר ס'האָט דער רויטער בנין אים געשלעפּט,
געהאַט די פֿולע שליטה איבער אים.
און ווי דער אַלטער אויסגעדינטער הונט
קומט לייגן זיך בײַם שוועל פֿון באַלעבאָס,
אַזוי האָט ער די צווייטע קינדעריאָרן
געצויגן אין דעם שאָטן פֿון זײַן בנין.

די צײַט איז זיך געלאָפֿן איינטאָניק און שטיל.
ס'איז אייגנטלעך קיין חילוק נישט געווען,
ווי נאָך דאָס שטיקל צײַט צו פּטרן;
אַז זומער איז אים וואַרעם אויף דער זון,
און ווינטער גליט דער ברענענדיקער אויוון.
וואָס דען? אין זומער איז אַ מענטש דאָך פֿרײַער:
אַ מענטש קאָן זיך באַהאַלטן אויסן שטוב
און רויכערן זײַן ליולקע ביחידות.

דאָרט אינעווייניק, אין גרויסן, רויטן הויז,
האָט ער זיך אויפֿגעהערט צו שפּירן פֿרײַ:
איז עפּעס איבעריק. אין דרויסן טרעפֿט אַ מאָל,
קומט צו אַ מאָל אַן אַלטער אויסגעדינטער שכן,
צעזעצט מען זיך באַקוועם אין הייסער זון,
צערעדט מען זיך פֿון גוטע אַלטע צײַטן,
ווען ס'איז די וועלט געווען אַ בעסערע,
די זון האָט עפּעס וואַרעמער געלויכטן,
דאָס לעבן האָט געהאַט אַן אַנדער טעם.
און קומט קיין שכן נישט — איז אויכעט רעכט:
איז אַלע מאָל פֿאַראַן דער אַלטער סעם,
דער ערשטער נעגער וואָס האָט אָנגעהויבן
מיט אים צו אַרבעטן אין יענע יאָרן.
איז סעם שוין אויסגעדינט. נאָר הייסן הייסט עס,
אַז אַנקל סעם פֿאַרדינט נאָך אַלץ זײַן ברויט.
דער אַנקל סעם איז רירעוודיק און ביינִיק,
דאָס פּנים שוואַרץ, מיט לעבעדיקן גלאַנץ,
און אײַנגעפֿאַלן ווי אין אַ ווײַסער ראַם,
מיט אַ געדיכטער, גרייזלדיקער, ווײַסער באָרד,
פֿון וואָס דאָס שוואַרצע פּנים זעט־אויס יינגער,
ווי סעם וואָלט אָפּגעטאָן אַ קונדס־שפּיצל,
געגאַנגען און זיך אָפּגעקאַלכט די באָרד,
צי ווי ער וואָלט אַרויסגעקראָכן פֿון אַ זאַק
מיט פֿרישע, ווײַסע מעל. — איז זיצט מען טעג
און מען דערציילט זיך מעשׂיות פֿון דער וועלט.
אַז סעם איז אויפֿגעלייגט, צעזינגט ער זיך,
די פֿײַערדיקע לידער פֿון דער קירך.
פֿאַרציילט אים מעשׂיות פֿון דער שקלאַפֿערײַ
און בבֿא־מעשׂיות, טויזנט און איין נאַכט.
דער אַלטער שאָקלט נאָך אומצוטרוילעך דעם קאָפּ,

ער פֿילט נאָך, אַז ניט אַלץ וואָס סעם דערציילט
באַדאַרף מען אָננעמען פֿאַר ריינעם אמת.
ער שפּירט בחוש, אַז דאָ האָט נעגער סעם
מיט ברייטער האַנט געזאַלצן און געפּעפּערט —
צעשמייכלט ער זיך ברייט און האָט הנאה,
און פֿאַלט אַליין אַרײַן אין טאָן פֿון אָנקל סעם:
פֿאַרזשמורעט כיטרע מיט איין אויג, דאָס צווייטע גלאַנצט
מיט עלטערלעכן שׂכל, אויפֿגעלייגט,
און גלעט די אַלטע געלבלעך־ווײַסע באָרד,
און נעמט הנאהדיק אַליין דערציילן.
נאָר אָנקל סעמען קען מען אויך ניט נאַרן.
אויך סעם פֿאַרשטייט, דער אַלטער דזשאָש פֿאַרציילט
אים מעשׂיות, ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן:
די שדים זײַנען ניט קיין שדים,
די רוחות זײַנען ניט קיין רוחות —
נאָר סתּם אַזוי זיך, ס׳וויל דער אַלטער באַלעבאָס
הנאה האָבן פֿון אַ פֿײַנער מעשׂה...
איז — זאָל ער! ווער מען גייט עס אָן? פֿאַרשטעלט זיך סעם,
אַז ער איז טויט צעשראָקן פֿון דער מעשׂה,
און שטשירעט־אויס די יונגע, גרויסע אויגן
און צלמט זיך אין אַ געמאַכטער שרעק —
ביז ס׳פּלאַצט דער אַלטער דזשאָש צו לעצט אַרויס
אין אַ צופֿרידענעם און עלטערלעכן לאַכן,
און סעם פֿאַרשטעלט זיך, אַז ער איז באַליידיקט.

אַ מאָל וואַכט אויף אין אים דער אַלטער באַלעבאָס:
צעבייזערט ער זיך פּלוצעם אויפֿן נעגער
און טרײַבט דעם אַלטן סעמען צו דער אַרבעט.
פֿון העלער הויט דערוויסט ער זיך, אַז דאָס געשעפֿט
לויפֿט קאָפּ־אַראָפּ אָן עמעצנס השגחה:

און ווייס דאָס גוטע יאָר, ווו נעמען זיך
צום אײַנגעדרייטן, קליינעם, דאַרן זקן
אַזוי פֿיל כּוחות? לויפֿט מיט שנעלע קליינע טריט
פֿון איין ברעג גרויסן הויז און ביז צום צווייטן.
איז פֿול אין איטלעך ווינקל, גריבלט זיך אין וואָל
און קלימפּערט צווישן געלע ביינער אייזנס,
און קײַט אַ שטיקל דזשינסענג [65] מיט די ליפּן,
דערזעט ער פֿעדערן צעפֿלויגענע אין גאַס,
וואָס האָבן זיך צעשאָטן פֿון אַ זאַק,
צעלויפֿט ער זיך אַרום זיי ווי אַ הון,
צעלאָזט זיך אויף אַ דין און קוויטשיק קולכל,
און קלײַבט די פֿעדערן, די איינצלנע, צונויף.
די נעגערס גייען אים אַרויס צו הילף,
פֿאַרוואַרפֿן אַלע אַרבעטן, גייען אויף געיעג
און האָבן מורא לאַכן אויפֿן קול.
און לייאָנעל, וואָס איז שוין גראָב און גרוי,
לויפֿט אין קאַנטאָר אַרײַן דערציילן דזשייקאָבן,
וואָס ס'טוט זיך אויפֿן הויף. אַז דזשייקאָב קומט,
געפֿינט ער אויפֿן הויף אַן איבערקערעניש:
די נעגערס דרייען זיך ווי אין אַ טאַנץ,
דער פֿאָטער בייזערט זיך אין דינעם קוויטש.
און דזשייקאָב שמייכלט, רעדט צום פֿאָטער שטיל,
באַרויִקט אים און פֿירט אים אין קאַנטאָר.
דער אַלטער אָבער לאָזט זיך לאַנג ניט שטילן:
ער שלײַדערט זיך און וואַרפֿט זיך ווי אַ קינד,
פֿאַרעקשנט זיך, ביז דזשייקאָב מוז אַנטלויפֿן.
ער זעצט זיך צו דיקטירן בריוו צו קונדן,
דאָס מיידל נעמט דאָס ביכל מיטן בלײַשטיפֿט

[65] קייגומע, קייטאַבאַק.

און קוקט אים אָן פֿאַרחידושט מיט אַ שמייכל.
דער אַלטער קוקט אויף איר מיט בייזע אויגן,
פֿאַרגינט זיך איר אַרײַנוואַרפֿן אַ שטאָכוואָרט,
אַז מעל, איר פּודער, הייסט עס, איז מסתּם
געפֿאַלן פֿונעם פּרײַז אין לאַנד. דאָס מיידל
פֿאַרבײַסט די רויטע אָנגעפֿאַרבטע ליפּן.
דער אַלטער נעמט דיקטירן, הייבט־אָן שטיל.
דערשפּירט זיך באַלעבאָס, נעמט ריידן העכער.
באַגײַסטערט זיך און קלאַפּט אין טיש זײַן פֿויסט.
אַ רגע שפּעטער ווערט ער אויסגעלאָשן,
פֿאַרגעסט זיך ווו ער האַלט. זײַן בליק ווערט שטאַר.
דאָס מיידל גענעצט וואַרטנדיק געדולדיק
און ווינקט זיך איבער מיט אַ חבֿרטע געשײַט.
דער אַלטער כאַפּט זיך אויף פֿון פּוסטן חלום
און קוים וואָס ס׳קלעקט געדולד צו ענדיקן.
און שפּעטער, אַז דאָס מיידל טראָגט אים אונטער
דעם בריוו, אָן אָפּגעקלאַפּטן אויף דער שרײַבמאַשין,
איז זאָטלט ער די ברילן אויף דער נאָז
און צייכנט מיט אַ שוואַכער האַנט זײַן נאָמען.
נאָך שפּעטער ווערט דער בריוו געבראַכט צום זון
און דזשייקאָב וואַרפֿט דעם אַלטנס בריוו אַרײַן
אין קאָרב אונטערן טיש. דער אַלטער סעם,
וואָס זעט עס צו פֿון אָנהייב ביזן סוף,
באַווײַזט־אַרויס זײַן ערגערניש דערפֿון
און שאָקלט מיטן אַלטן ווײַסן קאָפּ,
און בלינצלט מיט די טרײַע אַלטע אויגן:
— ניט שיין אַזוי צו טאָן אַן אַלטן באַלעבאָס.

דאָס לעבן זײַנס איז אייגנטלעך באַשטאַנען
פֿון אַ קייט, אַ לאַנגע קייט געוווינהייטן,

און פּיצל קלייניקייטן. עס איז ניט געווען
פֿאַרויס, אין צוקונפֿט, עפּעס וואָס זאָל ציִען,
קיין ליכטיקער מיראַזש וואָס זאָל פֿאַרבלענדן
און כּישופֿן די אָפּגעלעבטע אויגן.
ער האָט געלעבט מיט דער מינוט. געקומען
אין אַלטן פּלאַץ טאָגטעגלעך, דורכגעשטופּט דעם טאָג;
צוריקגעקומען אין זײַן שטילן ווינקל,
ווו ער האָט זיך געפֿילט אַ גרויסער חשובֿ.
האָט אָנגענומען גלײַכגילטיק, פּאַסיוו,
די אויפֿפּאַסונג און קליינע צערטלעכקייטן
פֿון זײַנע בײדע שוין פֿאַרוועלקטע טעכטער.
און ס'איז געווען אַ צער, ווי זײַן נשמה
האָט זיך ווי אויסגעטריקנט מיט זײַן גוף:
פֿון פֿריִערדיקן סוחר מיטן קלאָרן קוק
און ברייטער אומפּאַסונג פֿון זאַכן און ענינים,
איז איצט געווען אַ גײַציק קאַרגער זקן,
וואָס האָט געטרייסלט זיך אויף יעדן סענט.
און גאָט ווייס, ווו ער האָט צוריק דערטאַפּט
דאָס אָפּגעקראָכענע און שימלדיקע בײַטל,
וואָס איז געהאָנגען אַרום האַלדז אויף שטריקלעך.
און פֿלעגט ער אין אַ מאַרקטאָג זיך אַרויסלאָזן
צו אײַנהאַנדלען פּראָוויזיע פֿאַרן הויז,
האָט אים דער מאַרק געקענט: — דער בייזער שילינגער [66].
ער פֿלעגט זיך אומדרייען צווישן פֿורן,
זיך דינגען מיט די פּויערים פֿאַרצווייפֿלט,
דערנאָך פֿלעגט ער מיט ציטערדיקע הענט
די אומגעהאָרכזאַמע מטבעות ציילן
צום ערשטן און צום צווייטן און צום דריטן מאָל.

---

[66] די פֿאַלשע מטבע, פֿאַר וועלכער מ'האָט מורא.

און ס׳האָט די גײַציקייט און אומצוטרוי געשפּראָצט
פֿון קליינע, שאַרפֿע, אויפֿגעלעבטע אויגן.

אַזוי האָט אויסגעזען דער אַלטער דזשאָש,
ווען ער איז שוין געשטאַנען מיט איין פֿוס
אין וואַרטנדיקן קבֿר בײַ זײַן ווײַב.

## קינדס־קינדער

אַ בוים — פֿילאָסאָפֿירט דער אָנקל סעם —
פֿאַרמאָגט מיליאָנען בלעטער: איטלעך בלאַט
איז אַנדערש און פֿאַרשײדן פֿונעם צווייטן.
און אויב מען וועט אים אויפֿווײַזן פֿאַרקערט
איז ער, סעם, מוכן זיי צו עסן.
אַזוי זאָגט סעם. און ריידן רעדט ער עס
אַנטקעגן קינדער. און דערצו ברענגט סעם
אַ ראַיה פֿון אַ פּסוק אין דער ביבל:
דער מענטש איז ווי דער בוים אין פֿעלד.
דער אַלטער דזשאָש מיינט אָבער אַנדערש:
ער מיינט, אַז אַלע האָבן זיי איין פּנים
און אַלע זײַנען אויסן די מאַזומאַ.
ער האָט שוין אײַגנטלעך די צאָל פֿאַרגעסן
פֿון זײַנע אייניקלעך. אַז דזשייקאָב האָט
אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל... לייאָנעל אַזוי פֿיל...
דער דאָקטאָר און די גלאַטע פֿעטע טאָכטער —
זיי שטייען אויך ניט אָפּ... און נעמט ער ציילן,
איז קלעקן ניט קיין פֿינגער אויף די הענט,
און בלײַבט אין מיט. דערצו נאָך, דאַכט זיך אים,
אַז אָט די אַלע האַזנפּרעסער האָבן בלויז
איין זאַך אין זינען: ספּאָרט און אויטאָמאָביל.
און עפּעס וואַקסן זיי גאָר ווי אויף הייוון

און יעדע רגע איז אַ נײַע שׂמחה:
אַן אייניקל פֿאַרקנסט זיך און האָט חתונה,
און שוין האָט זיך אויף אים פֿאַרקוקט אַ צווייטער.
און אים קומט אויס גאָר, אַז דער גאַנצער צוועק
פֿון אָט די אָפּטע שׂמחות, איז כּדי
צו בלוטן אים, דעם כּלומרשט רײַכן זיידן.
מען מאַכט עס מיט אַ כּיוון: זאָל דער גרויספּאָטער
אַרויסקומען מיט טײַערע פּרעזענטן.
פּרעזענטן — טענהט ער, דער אַלטער דזשאָש —
איז גאָר אַן איבעריקע זאַך. אין זײַנע צײַטן
ווער האָט זיך אומגעקוקט אויף גאָלד און זילבער?
וואָס פּיאַנע און ווער פּיאַנע? ס׳ווילט זיך הייראַטן —
גיי, קויף אַ הילצערנע, אַ פּראָסטע בעט,
אַ צוויי, דרײַ שטולן, מיט אַ טישל, מיט אַ פּענדל,
און פֿאַרטיק מיט אַן עסק, נאָר אַז ס׳קומט צו וואָס,
איז העלפֿן ניט די טענות און די מענות,
איז קרעכצט ער, נעבעך, און ער גיט — ווי דען?
דערפֿאַר האָט ער הנאה אויף אַ שׂמחה:
אַ וועלט, אַ וועלט, אַן אויסגעפּוצטע וועלט
פֿון זין און טעכטער, שניר און איידעמער,
און אייניקלעך פֿון כּל המינים עלטער,
מיט בײַעם, וואַקסנדיקן, צאַנקענדיקן קליינוואַרג.
עס שעמערירט און שאָרכט מיט זײַד און סאַמעט.
עס בלישטשען אוירינגען און פּערל אויף די העלדזער.
דימאַנטן שפּילן אויף די פֿינגער און אויף האָר.
אַ יום־טובֿדיקע וועלט! און דזשאָש פֿאַרגעסט זיך.
ער זיצט אַוועקגעזעצט גאָר אויבן אָן בײַם טיש
און אַלע פּאַדיען[67]־אום און גרויסן זיך מיט אים.

---

[67] שטיין צו דינסט, לויפֿן־אַרום, פֿאַלן צו די פֿיס, טראָגן אויף די הענט.

דער בעסטער חלק ווערט געבראַכט צו אים.
און אַז דער ראַביי הייבט זיך אויף צום וואָרט,
האָט נישט פּאַסירט נאָך ער זאָל ניט אַריינפאַלן
אין גרויס התפּעלות פאַרן אַלטן דזשאָש,
דעם הויף פאַרנינפטיקן און קלוגן פּאַטריאַרך.
דער אַלטער ווערט גערירט ביז אַלטע טרערן,
באַרוישט פון ביסל וויין און לויבגעזאַנג.
נאָר מאָרגנס וועפּט זיך אויס דער ווייַן און לויבגעזאַנג,
און ס'קערט זיך אום זיין אומצוטרוי צו אים.
ער שרייבט־אַריין מיט ציטערדיקע הענט
אין אַ געוויסן ביכל, וואָס ער האָט דערפאַר,
וויפל די נייע שמחה האָט אים אָפּגעקאָסט.

דער נעגער אָבער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע:
ער זאָגט, אַז זיכער ווי ס'האָט גאָט געמאַכט
די קליינע גרינע עפּעלעך, אַזוי איז זיכער,
אַז יעדער איינער איז אַ וועלט פאַר זיך,
מיט זיינע מעלות און חסרונות און נטיות.
און אויב דער משל מיטן בוים איז ווייניק,
איז ברענגט ער נאָך אַ ראַיה פון די הינט:
(דער אַלטער סעם איז, ווי זיין גאַנצע ראַסע,
אַ גרויסער קענער, ליבהאָבער פון הינט).
ער טענהט: — מה דאָך הונט איז אַנדערש
און שיידט זיך אונטער אין נאַטור פון צווייטן,
אַ פּשיטאָ מענטש, וואָס גייט־אום אויף צוויי פיס...
און אַז דער אַלטער דזשאָש פאַרטראַכט זיך טיפער,
איז ער זיך מודה, אַז דער נעגער איז גערעכט,
(פאַרשטייט זיך, אַז ער זאָגט דאָס אים ניט אויס),
און קומען קומט ער צו דעם קענגזאַץ,

װען ער פֿאַרטראַכט זיך מיט אַ קלאָרן קאָפּ
מכּוח זײַנע צװײ באַליבטע אײניקלעך.

די ערשטע איז זײַן דזשײקאָבס טאָכטער פֿלאָראַ:
דער בעסטער סימן איז, אַז װי דער אַלטער
זאָל ניט געװען זײַן אומעטיק געשטימט,
פֿלעגט ער זי נאָר דערזען, האָט באַלד זײַן פּנים
באַקומען גאָר אַן אַנדער לעבעדיקן אױסזען
און ס׳פֿלעגן זײַנע אױגן אױפֿלײַכטן.
זי האָט פֿאַרמאָגט אַ סך איר פֿאָטערס שטאַרקײט,
און פֿיל גאָר פֿון איר מוטערס װײַבלעכקײט און חן.
געװאַקסן איז זי רעליגיעז און שטיל,
װי ס׳איז דער שטײגער בײַ באַהאַרצטע קינדער
פֿון ייִדיש־קריסטלעכע געמישטע הײראַטן.
פֿלעגט רעגלמעסיק גײן אין קירך אַרײַן,
פֿלעגט אָבער אױך די סינאַגאָג באַזוכן
אין פּרײַטיקס און אין ייִדישע יום־טובֿים.
און בײדע רעליגיאָנען [68] זײַנען גוט געװען
און אײנע האָט דער צװײטער ניט געשטערט.
געװיס האָט די לעגענדע גאָר צו ערשט
געהאַט אַ גרעסערע השפּעה אױף דעם מײדל,
נאָר שפּעטער איז דעם אַלטן גאָט דזשעהאָװאַ
דער יונגער ראַבײַ שטאַרק צו הילף געקומען.
דער יונגער ראַבײַ מיטן בלאַסן פּנים
האָט אמתדיק און פֿײַערדיק געגלױבט
אין איזראַעלס מיסיאָן צװישן פֿעלקער.
האָט איר געלערנט ייִדישע געשיכטע
און רײנע עיקרים פֿון דעם אַלטן גלױבן:

[68] י. י. ש. באַניצט דײטשמעריזמען מיט אַ כּיװן, צוליב הומאָר.

ער האָט אַרײַנגעלייגט נשמה אין זײַן גלויבן,
געלייענט איר די מיסטיש רעליגיעזע לידער
פֿון פֿלאַמענדן און לעכצנדן בן־גבֿירול,
און ס׳האָבן זײַנע פֿײַערדיקע ווערטער
געמאַכט איר יונגן האַרצן ציטערן.
יעהאָוואַ האָט געזיגט, מיט אים דער ראַבײַ:
די פֿרײַנדשאַפֿט איז צעוואַקסן אין אַ ליבע,
וואָס האָט פֿאַרענדיקט זיך דערנאָך מיט הייראַט.
דער אַלטער, ווי ער איז געווען שוין גלײַכגילטיק,
האָט זיך געפֿרייט און זיך באַגײַסטערט ווי אַ קינד.
און אויף דער חתונה איז דזשאָש געווען
דער גליקלעכסטער פֿון אַלע מחותּנים.
די אַלטע אויגן האָבן אויפֿגעלויכטן
מיט אמת יוגנטלעכן, קלאָרן ליכט.
די צונג האָט זיך באַוועגט מיט שאַרפֿן וויץ.
ער האָט גערעדט פֿון גרויסן גליק פֿון בלוט,
וואָס ווערט ניט אָפּגעפֿרעמדט פֿון אייגן שורש.
געפּרווּוט צו ברענגען ראַיות פֿון אַ פּסוק —
געגלעט די וויוויאַן און דזשייקאָבן דעם זון,
און עלטערלעכע שטילע גוטע טרערן
געפֿאַלן זײַנען פֿון די אַלטע אויגן.
זי, פֿלאָראַ מעי, איז דאָס געווען איינע
פֿון זײַנע צוויי באַליבטע אייניקלעך.
דער צווייטער איז געווען דער יונגער דייוויד,
דער זון פֿון דאָראָטין. נאָר וועגן אים באַזונדער.

### דייוויד

דאָס צערטלעך ייִנגל מיט די ברוינע אויגן,
מיט דעם געלאָקטן, פֿײַנעם קאָפּ קאַשטאַנען־האָר,

האָט ניט געלאָזן זיך פֿאַרוויַיבערן
אונטער די וואַרעמע און ווייכע פֿליגל
פֿון זייַנע צוויי אין אים פֿאַרליבטע מאַמעס.
די מאַמעס האָבן זיך פֿון דעם געערגערט,
געפֿאָדערט פֿון אים פֿול געהאָרכזאַמקייט,
אַ טריט ניט שטעלן אָן דעם וויסן זייערן —
און ווי אויף צו להכעיס פֿלעגט דאָס יינגל
זיך אויסגליטשן פֿון אונטער זייערע הענט,
פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף אַ טאָג און שפּעט
צוריקקומען אַהיים. און ווען די מאַמעס,
צעשראָקענע און וויינענדיקע, פֿלעגן
דאָס קינד מיט שטראָף און צערטלעכקייט באַפֿאַלן,
פֿלעגט ער זיך מיט געלעכטער אָפּווערן.
און שטאָלץ און פֿריַי, מיט זעלבשטענדיקן ווערט,
דערציילן זיי ווו ער איז אויסגעווען
און וואָס ער האָט געזען, און וואָס ער טראַכט.
אַ מאָל פֿלעגט ער פֿאַרשווינדן אויסן שטאָט
אין פֿרייַען פֿעלד און וואַלד, צוריקקומען
אַן אויסגעשמירטער, אַ צעקרעלטער, אַ צעריסענער
פֿון צוויַיג און דאָרן, מיטן וויַיסן שפּינוועבס
אַריַינגעפֿלאָכטן אין די ברוינע לאָקן.
נאָר מער האָט אים געצויגן צווישן מענטשן,
אין די געדיכטע גאַסן פֿון דער שטאָט.
עס איז געווען אַן אויסטערלישע פֿלאַנץ,
וואָס האָט מיט אַלע אירע פֿיַינע חושים
געשמעקט די לופֿט און ביז פֿאַרגעסנקייט זיך אָנגעשטעקט
מיט איטלעך מינדסטן ווינטל. אינסטינקטיוו
געשפּירט דעם ווייטיק און דעם פּיַין פֿון שוואַכן,
און הילפֿלאָזיקע אָנמאַכט פֿון באַליידיקטן.
איין טאָג האָט ער זיך אומגעקערט צוריק פֿון גאַס

און ס'האָט זײַן פּנים קאָנוואולסירט פֿון פּײַן.
די ברוינע אויגן זײַנען גרויס געווען
און פֿיבערדיק געברענט מיט בײזן גלאַנץ.
ס'איז שווער געווען צו ערשט דערגיין פֿון ייִנגל,
וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. נאָר שפּעטער,
אַז ער איז ווי עס איז צו זיך געקומען,
האָט ס'גאַנצע הויז פֿאַר זיך דערזען דעם מאַרק,
דעם שענק, דאָרט אויפֿן ראָג, דעם שיכּורלעכן נעגער,
וואָס האָט זיך אומגערן פֿאַרטשעפּעט מיטן ווײַסן.
דאָס מערדערלעכע פּנים פֿונעם ווײַסן,
מיט דער פֿאַרהויבענער פֿלאַש בראָנפֿן אין דער לופֿט:
עס האָט געבראַזגעט אין די אויערן דאָס גלאָז
און פֿאַר די אויגן איז געשטאַנען קלאָר דער נעגער,
וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין וואַנט און ביסלעכווײַז
אַראָפּגעגלאָזט זיך אויפֿן טראָטואַר.
דאָס שוואַרצע פּנים, בלוי פֿון פּײַן און ווייטיק,
מיט ריטשקעלעך פֿון בלוט, וואָס מישן זיך
מיט ריטשקעלעך פֿון בראָנפֿן. נעבן אים —
דער אַלטער, האַרטער קאַפּעליוש, צעבראָכן,
צעטראָטן און באַשפּיגן פֿונעם ווײַסן,
די גרויסע אויגן פֿלוצעם אויסגעניכטערט
מיט די יסורים פֿון פֿאַרפֿאָלגטן הונט.
און אַלע האָבן קלאָר געהערט דעם ווייגעשריי
פֿון נעגערס בלויע ליפּן: — דזשיזוס, דזשיזוס!
דער מאַמען האָט געוואָרפֿן ווי אין פֿיבער,
דער טאַטע עטל האָט פֿאַרכאַפּט בײַם האַרצן,
און בײדע האָבן אין איין קול געשריִען,
אַז ס'איז געפֿערלעך פֿאַרן יונגן קינד
זיך צו געפֿינען אונטער דער השפּעה
פֿון שעדלעכער און גיפֿטנדיקער גאַס.

דער אַלטער דזשאָש אַבער, וואָס איז נאָך דאַן
געוועזן ייִנגער און באַגריפֿן זאַכן,
ער האָט זיך פֿאַרן ייִנגל איינגעשטעלט:
ער האָט געטענהט, אַז דאָס שלעכטס פֿון גאָס
וועט זיך ניט אָנקלעפּן צום יונגן ייִנגל.
פֿאַרקערט, ער מיינט גאָר, אַז דאָס רויִע לעבן
וועט אויף דער איידעלער נאַטור פֿון ייִנגל
אַן אַנדער ווירקונג, אַ פֿאַרקערטע, אויסאיבן:
וועט וויסן אָפּצוטיילן שלעכטס פֿון גוטס
און וועט אים לערנען קוקן אויפֿן לעבן
מיט ניכטערע און זעלבשטענדיקע אויגן.

און איז׳ן איז געווען גערעכט דער אַלטער:
דאָס ייִנגל איז געוואַקסן פֿריי און שטאָלץ,
האָט מיט זײַן חוש געוווּסט ווי אָפּצוטיילן
די פּסולת פֿונעם קערן, אײַנגעבוירן שטאָלץ,
האָט ניט דערלאָזן אים צו זײַן געמיין
און נידעריק אין האַנדלונגען. די שפּע פֿונעם הויז
האָט אים געמאַכט אומאָפּהענגיק, ניט גײַציק.
זײַן אויפֿפֿאַסן פֿון זאַכן און ענינים,
איז קלאָר געווען און שאַרף, נישט נאָך די יאָרן,
ווײַל אַלע זײַנע מעשׂים און געפֿילן
זײַנען דיקטירט געווען פֿון איין באַגריף: פֿון יושר.
און שפּעטער, אַז דאָס ייִנגל איז דערוואַקסן,
זײַנען די לערעס און געדאַנקען פֿון די דענקערס
קיין איבערראַשונג ניט געווען פֿאַר אים;
זיי האָבן בלויז מיט זייער וואָרט באַשטעטיקט
דאָס אינערלעכע קול פֿון יונגן האַרצן,
וואָס האָט געלעכצט נאָך גוטס. די ביכער האָבן
געהאָלפֿן אים אַרויסברענגען דאָס בעסטע

און ליכטיקסטע פֿון יונגן וועזן זײַנעם.
און ווײַל דאָס האַרץ זײַנס איז געווען אָפֿן
און זײַן באַגריף איז קינדיש־אָרנטלעך געווען,
האָט זיך דאָס לערנען אים געגעבן לײַכט און קלאָר,
און פֿלעגט גאַנץ אָפֿט די לערערס איבערראַשן
מיט זײַנע פּשוטע און טיפֿע קלאָרע רייד.
עס איז געווען, ווי ס'וואָלט דער קוואַל פֿון תּורה,
וואָס האָט זיך מיט זײַן זיידן אָפּגעשלאָסן
צוריק געעפֿנט מיטן יונגן שפּראָצלינג
און אָנגעהויבן פֿליסן זיכער, קלאָר,
מיט עלטערלעכער שטילער חכמה
פֿון דורות זקנים, וועמעס לעבן איז פֿאַרפֿלאָסן
אין דעם געצעלט פֿון תּורה.
די מאַמע האָט געגאַרט,
דער זון זאָלן ווערן ראַבײַ, און דער זון
האָט ניט געקלערט אין גאַנצן פֿון אַ תּכלית.
געלערנט אין דער גרויסער, ווײַטער שטאָט,
באַליבט פֿון די רבנים־פּראָפֿעסאָרן און חבֿרים,
און אַז ער פֿלעגט אַראָפּקומען אַהיים,
פֿלעגט ער אַרײַנברענגען אַ גרויסע ליכט אין הויז.
דער אָנקל דזשייקאָב, מיטן גרויען קאָפּ,
פֿלעגט גוטמוטיק זיך וווּנדערן אַ מאָל,
צו וואָס די צוועקלאָזע לימודים וועלן פֿירן,
און האָט געהאַט פֿאַר אים אַ זידלווערטל: — טרוימער!
דער אַלטער זיידע אָבער האָט דאָס אייניקל
פֿאַרשטאַנען בעסער ווי דער זון, מיט ליבשאַפֿט
און גרויס רעספּעקט אים נאָכגעקוקט און נאָכגעפֿאָלגט.

אַז דייוויד האָט צוריקגעקערט אַהיים,
און די משפּחה איז אַ מאָל צונויפֿגעקומען,

און ס׳איז צו רייד געקומען פֿון אַ תּכלית,
האָט אַנקל דזשייק געזאָגט: דער יונג זאָל איצט
אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ די אַלע נאַרישקייטן
און אַלע זײַנע ביז אַהעריקע חלומות,
פֿאַרקאַשערן די אַרבל — און אַרײַן
צו אַרבעטן אין פֿלאַץ. דער קאָפּ איז גוט.
און וויפֿל איז דער שיִער זיך שפּילן?
דער דאָקטער ווילאַרד האָט געמיינט, דאָס גלײַכסטע איז,
מען זאָל דעם קערל קויפֿן אַן אַפּטייק,
און ער, דער דאָקטער, איז בטוח אין דערפֿאָלג.
און ווי נשתּומם איז דאָס הויז געוואָרן,
ווען דייוו איז שטיל און זיכער און געלאַסן
אַרויס מיט פֿעסטע ווערטער, אַז ער וועט
ניט אָננעמען דעם אַנקל דזשייקאָבס פֿאָרשלאָג,
וועט אויך נישט פֿאָלגן דאָקטער ווילאַרדס עצה.
ער האָט גאָר עפּעס אַנדערש אינעם זין.
דהײַנו: ער האָט פֿעסט בײַ זיך באַשלאָסן,
זיך אָפּגעבן מיט ערדאַרבעט און פֿיצוכט.
די מאַמע איז געבליבן ווי פֿאַרשטיינערט:
זי האָט געחלומט עפּעס אַנדערש פֿאַר איר זון.
דאָס אייגן איז געווען מיט טאַטע עטל.
דער אַנקל ווילאַרד האָט געכאַפּט זײַן הוט,
אַנטלאָפֿן אַן אַ זײַ געזעגנט פֿון הויז.
דער אַנקל דזשייקאָב איז געבליבן ווי געפּלעפּט,
נאָר באַלד צו זיך געקומען מיט אַ שמייכל.
דער זיידע דזשאָש, געזעסן ווי ער איז אין וויגשטול,
האָט אָנגעשטעלט די אַלטע האַנט צום אויער,
ווי ער וואָלט זײַנע אויערן ניט גלייבן,
די ליולקע איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון די ציין,
האָט זיך אַרויסגעהויבן פֿון זײַן שטול,

אַ לעבעדיקער פֿראַגע־צייכן: — אַ?
געווען איז טאַנטע וויוויאַן די איינציקע,
וואָס האָט מיט דייווידס ווערטער זיך דערפֿרייט:
אַרומגעכאַפּט דעם יונג באַלד אויפֿן שטעל,
אים צוגעדריקט צום האַרצן און געקושט.

פֿון וואַנען איז דער גײַסט געקומען אויפֿן יונג,
דעם זון פֿון דורות און פֿון דורות הענדלערס,
וואָס זײַנען ווײַט און פֿרעמד געווען פֿון ערד,
און אָפּגעריסן פֿון איר זאַפֿט און קראַפֿט און ריח?
קען זײַן, ס'האָט זיך גענומען פֿון אינסטינקט,
גאָר אומבאַוווסטזיניק פֿאַר אים אַליין
צו אָפּפֿרישן מיט ערד די שוואַכע קרעפֿטן?
קען זײַן, עס איז געקומען פֿון דער איינפֿאַכקייט,
פֿון שטאָלצער, פֿרישער און ענערגישער נאַטור,
וואָס האָט נישט צוגעלאָזט דאָס יונגע יינגל
צו גיין אין וועג פֿון טאַטעס און פֿון זיידעס?
און ס'האָבן אויך געוויס די גרויסע דענקערס
זייער השפּעה אויסגעאיבט אויף אים,
וואָס ער האָט נישט געקענט זיך אײַנפֿאַסן
אין די באַקוועמע לײַכטע לעבנס־פֿאָרמען?
נאָר ווי עס איז: דער יונג האָט אויסגעפֿירט.
דער אָנקל דזשייקאָב האָט געזאָגט, אַז וויל
האָט מען געקענט פֿון אים אַזוינס דערוואַרטן.
ער האָט פֿון שטענדיק אַן געוווסט: דער טרוימער
וועט זיך אַרײַננעמען אַ משוגעת אין קאָפּ...
נאָר וויוויאַן און שפּעטער אויך דער אַלטער דזשאָש —
זיי האָבן זיך געהאַלטן שטאָל און אײַזן.
און אַז דער אַלטער האָט דעם טשעק געשריבן,
דעם פּרײַז פֿאַר דער געקויפֿטער גוטער פֿאַרם,

האָט ער געשריבן אים כּמעט מיט פֿאַרגעניגן:
געקרעכצט, געציטערט מיט דער האַנט, געבלאָזן,
און אין די אַלטע אָפּגעלעבטע אויגן
האָט עפּעס וואָס געשימערט ווי דורך טרערן.
דער ריח פֿון דער ערד האָט אים פֿאַרשיכּורט.
ער האָט געפּאַטשט דעם אייניקל אין פּלייצע,
געווונקען צו אים מיט אַ כיטרען שמייכל
און זיך די הענט געריבן פֿון התפּעלות:
— אָך, וועלן מיר דאַס עסן גוטע עפּל!

נאָר ביז די גוטע עפּל האָט נאָך לאַנג גענומען.
אַ פֿריִער זײַנען ערשט געגאַנגען צײַטן
פֿון פּאָקן און פֿון מאָזלען. ס'האָט גענומען
די שטאַרקע, פֿײַערדיקע נאַטור פֿון יונג
דאָס אַלץ אַדורכצוקריכן. דורך דער צײַט
האָט ער זיך אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט.
קיין צײַט געהאַט אַרײַנצוקוקן אין אַ בוך:
פֿאַרנומען מיט די בהמות און די הינער,
מיט האָדעווען דעם טאַבאַק און דעם קאָרן.
די מאַמעס האָבן זיך געהאַלטן אין באַקלאָגן,
אַז אים איז ליזי, מאַלי אָדער רעדי,
(אַלץ דייווידס האָלשטיינס) טײַערער פֿון זיי,
אויף וואָס דער זון פֿלעגט שמייכלען ברייט און פֿרײַ
מיט גלימצערדיקע צײַן און הייסע אויגן.
זיי פֿלעגן קומען אומדערוואַרט אין לימוזין,
פֿאַרזאַמען זיך אַ ביסל, אויפֿראַמען דאָס הויז,
און אָנברענגען אַ טיש מיט נאַשערײַ.
צו ערשט פֿלעגן די ווײַבער זיך באַקלאָגן
און דאַגהנען אויף זײַנע צאַרטע, פֿײַנע הענט,
וואָס זײַנען האַרט און רוי און רויט געוואָרן,

און שטעכן ווי אַ ריבאײַזן, פֿאַרגרעבט.
נאָר שפּעטער קוקנדיק אויף אים פֿון נאָענט,
ווי ס'איז דאָס יינגל מענעריש געוואָרן,
ווי ס'האָט די קראַפֿט און ענערגי געשפּריצט
פֿון דעם עלאַסטיש מוסקלדיקן קערפּער,
פֿון אָפֿענעם, פֿאַרברוינטן, מילדן פּנים —
איז זײַנען זיי, די מאַמעס, געוועןן גליקלעך,
די פּנימער האָבן בײַ זיי געלויכטן
און ווי די קינדער זיך צו אים געגלעט.

נאָר דאַן, ווען עפּעס האָט שוין צוגעדריקט,
פֿלעגט דייוויד זיך אַראָפּלאָזן אין שטאָט:
דער זיידע דזשאָש האָט שוין געוווּסט וואָס ס'מיינט
און אָנגעצויגן באַלד אַ שטרענגן פּנים,
צי גאָר אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע,
פֿון וועלכער עס איז שווער געווען אים אויפֿוועקן.
נאָר אַז דאָס אייניקל דערמינטערט אים
קומט־פֿאָר אַזאַ מין שמועס אומגעפֿער:

דזשאָש — אַ גאַסט, אַראָפּגעפֿאַלן ווי פֿון הימל —
מ'עט דאַרפֿן שטעלן כּיבוד. סעם, ווו ביסטו?
(ער מאַכט זיך זוכנדיק דעם שוואַרצן סעם
און גריבלט כּלומרשט זיך אין קעשענע).

דייוויד — (מיט אַ שמייכל). אַ דאַנק, זאָל זיך דער גרויספֿאָטער
ניט מיִען.

דזשאָש — דאָך... אָבער... יע... מחשבֿותן, ווי קומט עס
וואָס ער האָט זיך פֿאַרגונען אַפּרײַסן פֿון פֿאַרם?
די קי דאָרט וועלן אויסוויינען די אויגן —
און ווער וועט הײַנט זיי נעמען אויף שפּאַציר?
דייוויד — (צעלאַכט זיך הויך און קלינגעדיק פֿונאַנדער,

אַזוי אַז ס׳מוז דער זיידע נאָכהאַלטן
מיט עלטערלעכן הייזעריקן קײַכן).
עס טרעפֿט אַ מאָל, מען מוז, זאָל עס ניט טרעפֿן —
און דאָ ווערט דייוויד ערנסט און נעמט ריידן
ווי צו אַן אַלטן, טרײַען, גוטן ברודער —
אַזוי און אַזוי, אַזוי און אַזוי:
דאָ דאַרף מען אויפֿשטעלן אַ שטאַל, דאָ דאַרף מען דאָס,
ס׳איז נייטיק אומבאַדינגט. דער גרויספֿאָטער
קען אײַנזען דאָס אַליין.

דזשאָש — (זייער מעלאַנכאָליש). איז הייסט עס?

דייוויד — (זייער טרויעריק). טויזנט טאָלער.
דער אַלטער טוט אַ שפּרונג, ווי אָפּגעבריט.
צעעפֿנט ברייט אַ מויל; אַ וויסטע פֿעלד;
איין צאָן אַ געלבער דאָ, אַ צווייטער דאָרט,
צעפֿירט די ציטערדיקע הענט מיט אימפּעט,
און קרעכצט אַרויס תּחנונים: — טויזנט טאָלער!

דייוויד — (מיט ערנסטער הכנעהדיקער מינע). טויזנט טאָלער.

דזשאָש — (מיט אַ ביטערער מינע). איין קליינישקייט, בלויז טויזנט טאָלער?

און ווייניקער וועסטו ניט נעמען?

דייוויד — (מיט אַנטשלאָסענער זיכערקייט). ניין!

דזשאָש — (געלאַסן). און מערער ווילסטו אויך ניט?

דייוויד — מערער אויך ניט.
אַצינדערט, דענקט ער, וועט אים זײַן גענוג.
לויט אַלע רעכענונגען, וואָס ער האָט,
וועט טויזנט טאָלער זײַן גענוג, גענוג.

דזשאַש — (ער רעדט שוין מיט תחנונים). נישטאָ, ער האָט
נישט אַזוי פיל מזומן...

דייוויד — (געשעפּטלעך). נו, זאָל דער גרויספּאָטער דאָ
צייכנען אַ פּאַפּיר,

מ׳עט געבן אויף זײַן אונטערשריפט.

דזשאַש — (דערשראָקן). אַ פּאַפּיר?
און ווער וועט צאָלן די פּראָצענט דערויף?

דייוויד — (שמייכלענדיק). נו, איך וועל צאָלן.

דזשאַש — (כמעט וויינענדיק). יע, מיט מײַנע געלט.
נאָר שפּעטער, אַז עס ווערט געשעפט דערליידיקט
און דייוויד קושט דעם זיידנס געלע האַנט,
איז שוין דער אַלטער גלײַכגילטיק צום געלט
און הייבט זיך אויף דעם אייניקל באַגלייטן.
ער שפּאַרט זיך אָן אויף דייווידס שטאַרקן אָרעם.
דאָס אַלט צעקנייטשטע פּנים ווערט באַלעבט
און ס׳איז אים שאָד, דאָס יינגל גייט אַוועק,
ער האַלט זיך ביי די לאַצן פון זײַן בגד
און טרייסלט מיט אַ פינגער אין זײַן פּנים
און רעדט האַלב ערנסט און האַלב שטיפעריש,
און קוקט צי דזשייקאָב איז ניטאָ אַרום —
ער זאָל אָקערשט ניט פאַלן פאַר אַ שיקסל...
ס׳הייסט, אייגנטלעך, איז אים די וויוויאַן
אַזוי פּונקט טײַער ווי אַן אייגן קינד —
נאָר איינע אין משפּחה איז גענוג, גענוג...
און דייוויד לאַכט און גליטשט זיך קוים אַרויס
פון זיידנס אַלטע ביינערדיקע הענט.

## דער טאָג

עך, די ליכטיקע און וווּנדערבאַרע טעג
פֿון אונדזער רײַכן, גאָלדיק זאַטן האַרבסט!
ס׳איז אייגנטלעך קיין האַרבסט ניט, נאָר אַ זומער,
אַ צווייטער זומער, ליכטיק, גאָלדיק, רויט,
געמישט מיט טיפֿן גרין, און בראָנדז, און קופּער,
און ווערמילאָן, און טיפֿן בלוי פֿון הימל.

עס שטייען טעג, ווי פֿולע ליכטיקע חלומות,
אין אומגעהייער זעט און וואַרעמקייט, און שפֿע:
די ערד האָט זיך צעלייגט און אָפּגעלאָזט פֿאַרצערטלט,
אַ מידע פֿון איר זעטיק שווערן איבערפֿלוס,
און שלאָגט פֿון זיך מיט היץ, און שטראָמט פֿון זיך
מיט רײַפֿער פֿולער פֿולקייט, ווי אַ זאַטע מאַמע
וואָס האָט נאָר וואָס דעם קינד געגעבן זויגן;
דאָס קינד איז זאַט, האָט אָפּגענויגט דאָס קעפּל,
און ס׳טריפֿן נאָך מיט מילך די פֿולע ברוסטן.

עס ווייען פֿולע וואַרעמלעכע ווינטן,
עס גייט די קלאָרע שטראָמענדיקע לופֿט,
ווי אַלטער, קלאָרער, שמעקעדיקער ווײַן,
מיט יעדן שטראָם דערקומען נײַע ריחות
און שפּאַרן־אָן צו די געהירן און פֿאַרשיכּורן.

נאָר פֿולער פֿון דעם טאָג איז דער פֿרימאָרגן,
ווען פֿון דער בלויער, ווייכער פֿינצטערניש
שווימט פֿײַערדיק אַרויס די ראָד פֿון זון
און אַלץ באַקומט אַ נישט־רעאַלן אויסזען,
אַן אויסזען פֿון אַ נישט־געזעענער וועלט,
מיט אומבאַקאַנטע לופֿטיקע קאָלירן
און מאָדנע ביז־היינט נישט־דערבליקטע פֿאָרמען.

צו ערשט שווימען־אַרויס די גרויע ביימער —
און פּלוצעם ווערן זייערע קעפּ פאַרפלאַמט,
און ס׳גליטשט דער פלאַם אַראָפּ זיך נידעריקער,
און ס׳ברענט אַ בוים — קאָלירן קאַרנאַוואַל —
מיט זײַנע רויטע צונטערדיקע בלעטער,
מיט זײַנע געלבע בלעטער, מיט די זאַפטיקע
נאָך טיפע, גרינע בלעטער, אַלץ באַהויכט
מיט זילבער גרויען הויך פון טוי פון נאַכט.
דער טוי צערינט, צעפליסט, ווערט אויסגעוועפּט
און ס׳ברענט דער בוים פילפאַרביק, ריין און קלאָר.

דערנאָך קומט־צו דאָס ליכט צו בלויען גרונט —
און, גרויסער גאָט, וואָס פאַר אַ וואונדער פאַרן אויג!
געוויקלטע קעפּ קרויט, פאַרפלאָכטן האַרט,
און זאַפטיק־פריש, און שווער, און שטײַף, און פײַכט.
און לאַנגע שוואַרצלעך גרינע קאַווענעס
מיט געלע לאַנגע פלעקן אויף די בײַכער
פאַרוויקלטע אין נעצן געלע בלעטער.
און אומגעהייער שווערע רויטע פּאָמידאָרן,
וואָס האָבן זייער פלאַנץ אַראָפּגעצויגן,
און ליגן אויף דער ערד מיט זייער מאַמען,
און שפּאַלטן זיך פון איבערפלוס און זאַפט.
און אומעטום די שפּע פון די טרויבן,
וואָס שיטן זיך אַראָפּ פון אַלע פּלויטן,
אין שווערע, איבערפליסיקע, געדיכטע הענגלעך,
באַהויכט מיט גרויען טוי, מאַסיוו און שווער.
עס דראַפּען זיך די פּיבערן פון ווײַן
און קריכן אומעטום, און פילן־אָן די לופט
מיט זייער טערפקן, זיסן, הייסן ריח.
און פייגל, פייגל, פייגל — אומעטום,

מיט רויטע ברוסטן און מיט בלויע פֿליגל,
מיט שוואַרצע פּיסלעך און מיט רויטע פּיסלעך,
און איטלעך זינגט אַן אַנדערן געזאַנג,
און פֿלוידערט און פֿאַרגייט זיך אויף זיין שטייגער.

אַ מענטש קען אָפּלעבן זײַן וועלט — פֿאַרנומען,
פֿאַרטראָגן און פֿאַרשלעפּט מיט זײַנע דאגות,
מיט זײַנע טעגלעכע פֿאַרשקלאָפּטע אַרבעטן —
און קיין מאָל גאָר די וווּנדער ניט באַמערקן.
נאָר ס׳טרעפֿט אַ מאָל, דער זעלבער מענטש דערזעט
דאָס אַלץ פֿון נײַעם ווינקל — דאָס געוויינטלעכע
ווערט פּלוצעם נײַ און פֿריש און אומגעוויינטלעך,
אַן אומבאַקאַנטע וועלט. דאָס אויג ווערט ליטער,
ער זעט אַזוינס וואָס ער האָט נישט געזען ביז דאַן —
און ס׳בלײַבט דער מענטש פֿאַרגאַפֿט, באַרוישט, דערציטערט.

אין יענעם טאָג האָט אויך דער אַלטער דזשאָש
אַ שפּראָץ אויף טאָג זיך אויפֿגעהויבן, ווי זײַן שטייגער,
געמורמלט אויף דער אַלטער שוואַרצער דינסט,
למאַי דער פֿרישטיק האָט קיין טעם און ריח,
פּונקט ווי געוויינטלעך. האָט פֿאַררויכט זײַן ליולקע
און האָט זיך שטיל אַרויסגעשלײַכט אין גאָרטן:
דאָס אַלט געביין האָט זיך געדרייט אין דרײַען,
מיט אָנשטרענגונג אַראָפּגעקרעכצט די טרעפּ,
האָט אָפּגעכאַפּט מיט שוועריקייט דעם אָטעם,
אַראָפּגעזעצט זיך אין דער אַלטער וויגשטול,
האָט אויפֿגעהויבן די פֿאַרגלאָצטע אויגן —
און פּלוצעם איז געשען מיט אים דער וווּנדער:

עס איז געווען, ווי ס׳וואָלט אַ דיקע הויט
זיך אָפּגעשיילט פֿון אַלטנס אויגן, און זײַן בליק

איז קלאָר און שאַרף, און ליכטיק־העל געוואָרן.
און זײַנע אויערן, וואָס זײַנען שווער געווען,
זיי האָבן פּלוצעם אָנגעהויבן לעבן,
געציטערט און וויברירט אין דינער לופט.
עס האָט געפּלאָסן שטראָם נאָך שטראָם פון לופט
און יעדער שטראָם מיט זײַן באַזונדער אַראָמאַט.
אָט גייט דער ריח פון געבענטשטן ווײַן,
אָט פליסט דער דופט פון קילע ווינטער־עפּל,
אָט יאָגט אים נאָך די זיסע, קילע מענטע,
עס וויט דער ביטערלעכער, שאַרפער ריח
פון צוגעטריקנטן, פאַרגעלבטן טאַבאַק.

דעם אַלטנס נאָזפליגל האָבן געצוקט,
און גיריק נאָכגעשפּירט די שטראָמען לופט.
די אויגן האָבן זעעריש אַרײַנגעזאַפּט
דעם גרויסן שטח פון אַרום: איז אַלץ
געשטאַנען אָפן, ברייט און ווײַט און אָפּגעדעקט,
מיט איטלעך שטיינדל, גרעזל, קוסט און בלום,
מיט איטלעך פרענדזל פון די נאָענטע פאָרהענגלעך
אויף ראָזע פענצטער. ס׳איז געווען וווּנדערלעך,
ווי ס׳האָט קאָליר זיך אויסגעמישט מיט קלאַנג
אין איין האַרמאָנישן און קלאָרן אויסגוס.

דעם אַלטן איז געוואָרן גוט. האָט ניט געטראַכט.
האָט בלויז געפילט אוממיטלבאַר, ספּאָנטאַן,
און ס׳האַרץ האָט פיבעריש און שנעל געקלאַפּט,
ווי בײַ פאַרליבטער יוגנט. האָט זיך אָפּגעלאָזט
און אָפּגעגעבן זיך אין גאַנצן צום געפיל.
האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום סאַמע גרונט
פון דעם געפיל, און האָט דערשפּירט דאָס גליק

און לײדנשאַפֿטלעך גרויסן צער פֿון אױפֿלײזונג —
און גליקזעליק פֿאַרמאַכט די מידע אויגן.

פֿון איצט איז דאָס ממשותדיקע לעבן
געוואָרן נישט־רעאַל און פֿרעמד, ניט נייטיק.
דער שוואַרצער האָט אים שטיל געוועקט פֿון שלאָף,
אַז די מאַשין שטייט גרייט אין פּלאַץ צו פֿאָרן —
האָט ער אים אָפּגעטריבן מיט דער האַנט
און ווידער באַלד זיך אָפּגעגעבן צום געפֿיל.
...דאָרט ערגעץ אין דער טומלדיקער שטאָט
איז דאָ דאָס הויז, וואָס ער האָט אויסגעבויט,
און סחורה, קונדן, וועקסלען, געלט... צו וואָס?...
ער האָט אַזש אויפֿגעדריקט די אַלטע פּלייצעס.
און דאָ איז גוט, און פֿאַר די אַלטע אויגן
האָט בלענדנדיק געשײַנט אַ גרויסע זון.
ער האָט געזען פֿאַר זיך באַקאַנטע פּנימער,
נאָר ווײַטע, פֿרעמדע, ווי פֿון ווײַטע וועלטן.
געשפּירט, ער ווערט געטראָגן אין דער לופֿט,
ווי איבער טיפֿע, ווײַטע אָפּגרונטן:
ווי דורך אַ וואַנט זײַנען צו אים דערגאַנגען
באַקאַנטע אָבער דאָך פֿאַרפֿרעמדטע שטימען.
די צײַט האָט זיך געשטעלט. ס׳איז ראַז געווען.
אַ טיפֿער חלל מיט אַ גרויסן דיסק
פֿון אַ פֿאַנטאַסטיש גרויסער, רויטער זון.
און אין דעם גרויסן רויטן דיסק, איז עמעץ
געגאַנגען מיט אַ פּאַק אויף זײַנע פּלייצעס —
געגאַנגען און געגאַנגען און געגאַנגען.
האָט ער זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כּוחות —
האָט ער זיך ברייט און גליקזעליק צעשמייכלט,
און אַזש אַ מאַך געטאָן די געלע האַנט.

**די ראָזקייט איז געשטאַנען — און אין קאָפּ**
**זײַנען געשווומען זעונגען און בילדער,**
**און אָנגענומען ווונדערבאַרע פֿאָרמען.**
**עס האָבן זיך געפּלאָנטערט שטיקלעך תּהילים**
**און אָפּגעריסענע געדאַנקען און געפֿילן,**
**אָן אָנהייב און אָן סוף... און ס'איז ניט אָפּגעשטאַנען**
**אַ קינדער־לידל, וואָס די קליינע מיידלעך זינגען,**
**וואָס האָט זיך אומבאַוווסטזיניק פֿאַרקריצט**
**אין אַלטנס מוח מיטן וואָרט און ניגון:**
— פֿאַרוויג מיך צום שלאָף אין מײַן אַלט קענטאַקי־היים
און דעק מיך צו מיט דיקסיס בלויען הימל...

1921—1922

# א. ראבאי / הער גאלדענבארג



א. ראַבאַי, געצייכנט דורך זיין זון מאַקס

# ביאָגראַפּישע שטריכן

אייזיק ראַבאַי, **געבוירן נאָווי׳ 1882 אין זאַוואַליע,** קרוינפּוילן, **איז גלייך נאָכן געבורט אַריבערגעפירט געוואָרן פון זיינע** עלטערן **קיין** ריסקאַן, **בעסאַראַביע, ווו ער האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט, אין זיך איינגעזאַפּט דעם ריח** פון בעסאַראַבער פעלדער **און זיך אידענטיפיצירט מיט די** בעסאַראַבער יידן.

**דערצויגן ביי אַ פרומען טאַטן, וועלכער האָט פון אים געוואָלט מאַכן אַ למדן, האָט דער** יונגער ר. **געהאַט גורטע מלמדים, אייניקע פון זיי ספּעציעל אַראָפּגעבראַכטע פון פּוילן און ליטע. אָבער דער טאַטע, וועלכער איז אין פּוילן געווען באַשעפטיקט ביי וואַלד און אין בעסאַראַביע אַ שטיק צייט געהאַלטן אַ** קרוינישע **פּאָסט, האָט צוליב פּרנסה באַדאַרפט אַרומפאָרן. האָט דער זון, בלייבנדיק אַליין, אַנשטאָט צו לערנען אין בית־מדרש, גאָר זיך געלאָזט** אָנריידן **פון אַפּיקורסישע קלויזניקעס און זיך אַריינגעלאָזט אין לערנען רוסיש** און לייענען השכלה־ליטעראַטור.

**אין 1904 האָט** ר. **עמיגרירט קיין אַמעריקע.**

*

**דעבוטירט אין 1906, אין דוד פּינסקיס** וואָכנבלאַט דער אַרבעטער, **האָט** אייזיק **ראַבאַי** גלייך **פון** אָנהייב **זיך באַוויזן ווי אַן** אָריגינעלער דערציילער, וועלכער גייט נישט אויף די אָנגענומענע וועגן פון פּראָזע, נאָר האָט ליב צו פאַרקריכן אין אַ זייט... **ר. דרוקט זיך בלויז אין די אויסגאַבעס פון די** יונגע, איבער הויפּט אין שריפטן, **רעדי׳ פון דוד איגנאַטאָוו.**

**אויך אין דער פראַגע פון פּרנסה זוכט ער צו זיין אַנדערש. ער פאַרלאָזט אין 1908 נ״י, ווערט אַ פאַרמער, לערנט אין אַן אַגריקולטור־שול און ספּעציאַליזירט זיך אין פאַרמען פון פערד. אין 1913 האָט ער חתונה, קומט צוריק אין נ״י, ווערט אַ סוחר, אָבער דערלייגט גאָר גיך ס׳גאַנץ ביסל געלט, אָפּגעשפּאָרט פון אַגריקולטור, און גייט ווידער אַוועק אַרבעטן אין פאַבריק.**

**אייזיק ראַבאַי איז מיטן ערשטן ראָמאַן, מיט וועלכן ער האָט דעבוטירט,** הער גאָלדענבאַרג, **אין 1916, איינס און צוויי אָנערקענט געוואָרן ווי איינער** פון די אָריגינעלסטע ייִד׳ פּראָזע־שרייבערס.

הער גאָלדענבאַרג **איז** דער ערשטער חלוצישער ראָמאַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

*

א. ראַבאַי, **וועלכער האָט נאָך אין דער יוגנט אַרויסגעוויזן שטילערהייט אַ נייגונג צו כלל־טוערײַ, איז אין נ״י, אין די יאָרן פון ביטערן קאַמף צווישן פאַרטייען, אַריבער (נאָך 1928) פון** מיטאַרבעטן אין די צוקונפט **צו די** קאָמ׳ **אויסגאַבעס** מאָרגן־פרייהייט **און** האַמער.

**נאָך אַ** לאַנגער קראַנקייט **איז א. ראַבאַי געשטאָרבן אין לאָס אַנגעלעס, דעם אַכטן יאַנואַר 1944.**

# הער גאָלדענבאַרג

## ראָמאַן

— א —

אין דער ווײַטער וועסט האָט דער ייִד הער גאָלדענבאַרג ווײַטע, ברייטע ראַנדזשן[1], אויף וועלכע עס יאָגן זיך זײַנע ווילדע פֿערד אַן אַ צאָל.

האַלט דער ייִד גאָלדענבאַרג צו זײַנע פֿערד אַ יונג. איז ער אַ שטילער און טוט זײַן אַרבעט אין צײַט, האָט ליב די פֿערד, און די פֿערד האָבן אים ליב.

אַלע פֿרימאָרגנס שוועבט דער יונג אַוועק אויף אַן אָנגעזאָטלטער אײַנגעצוימטער בראָנקאַ[2] איבער טאָל און בערג, צונויפֿצוזאַמלען די פֿערד פֿון הער גאָלדענבאַרגס ווײַטע ראַנדזשן.

פֿריִער טרײַבט ער זיי צוזאַמען אין אַ גרויסן רינג ערגעץ אויפֿן פֿעלד. און אַז ער האָט זיי שוין אַלע אויף אַ פּלאַץ, הייבט ער זיי אָן אַרומקרײַזן מיט זײַן רײַטערל[3] פֿון אָנפֿאַנג גרינג, פּאַמעלעך, און נאָך דעם שנעלער און שטאַרקער.

די צוזאַמענגעטריבענע ווילדע פֿערד פֿאַנגען־אָן נאָכטאָן דער אָנגעזאָטלטער בראָנקאַ. אַ פֿריִער איינער, אַ צווייטער און אַ דריטער.

און אַזוי ביז אַלע פֿערד נעמען זיך דרייען איינער הינטערן

[1] (אַפּגעהיטע) פעלדער. — [2] פּאָפּולערער נאָמען פון אַ פערד, ווילד, אָבער היימיש. — [3] אַ פערד, וואָס ווערט באַנוצט אויף צונויפברענגען די פערד.

אַנדערן. און ווען דער יונג טוט אַ קוק, אַז אַלע פֿערדלעך דרייען זיך אין אַ קרײַז, גיט ער אַ צייכן צו זײַן רײַטערל, און ער טוט מיט אים אַ שפּרונג און אַ פֿלי פֿאָרויס, און אַלע פֿערדלעך נעמען זיך נאָכיאָגן. צו צוויי, צו דרײַ אין אַ ריי. אָדער זיי ציִען זיך אויס איינציקווײַז און לויפֿן־נאָך אין אַ לאַנגער קייט דעם יונג און זײַן רײַטערל.

אַזוי קומט מען אָן צום טײַכל. דער פֿערדיונג פֿאָרט־אַרײַן אין שטילן טײַכל דער ערשטער. אַלע פֿערד טוען אים נאָך. און דאָס טײַכל צעקלאַפּט זיך אויף ווײַסינקע שטיקעלעך. אַ יעדן פֿערד קומט־אָן אַ חלק. און דאַן שוועבט מען אַוועק מיט דעם הויכן אײַנגע־שניטענעם ברעג, און פֿון דאָרט לויפֿט דאָס שמאָלינקע שטעגל צום קאַרעל [4].

און אַלע מאָל, ווען ער פֿירט זיי אַרויס פֿון טײַכל און ער קוקט זיך אַרונטער, אַז קיין איין פֿערדל איז נישט פֿאַרבליבן אין וואַסער, רײַסט זיך בײַם פֿערדיונג פֿון ברוסט אַ צופֿרידענער אַהור־אור־האַוך!

און אַז מען קומט צום טויער פֿון דער הויכער און ברייטער קאַרעל, שטעלט זיך דער יונג מיט זײַן רײַטערל אַוועק בײַ איין זײַט טויער און ער ציילט די פֿערד וואָס ציִען אין טויער אַרײַן.

גייט דער לעצטער דורך אין טויער, שפּרינגט דער פֿערדיונג שנעל אַראָפּ פֿון זײַן זאָטל און פֿאַרמאַכט דעם שווערן טויער.

אַלע פֿערד פֿון אינעווייניק קוקן אים אָן.

דער פֿערדיונג פֿאַרשווינדט איבערן בערגל צו דער שטאַל און קערט זיך צוריק פֿון דאָרט מיט אַ פֿעטן, הויכן, שוואַרצן אָגער, וועמענס טריט קלינגען־אָפּ אין דער טיפֿער ערד.

און ווי דער אָגער דערזעט די אומרויִקע פֿערדלעך אין דער פֿירעקיקער קאַרעל, לאָזט ער אָפּקלינגען אַ לאַנגן, ווילדן הירזשען.

---

[4] אָפּגעצוימט אָרט, וווּ מ׳האַלט פֿערד אונטערן פֿרײַען הימל.

דער פֿערדיונג טוט אַ קנאַק מיט דער שוואַרצער, ווייכער בײַטש אין דער לופֿט אַרײַן.

דער אָגער טוט אַ ציטער מיט זײַן גאַנצן ווייכן לײַב.

דער יונג ברענגט אים געלאָסן צו צום קאַרעל, עפֿנט דעם טויער אויף אַ צוויי שפּאַן און לאָזט אים אַרײַן, פֿרײַ, אָן אַ צוים.

דער אָגער טוט אַ בריק־אַרײַן צווישן אַלע פֿערדלעך. זיי לויפֿן־אַוועק פֿון אים אין די ווינקלען פֿון קאַרעל. און באַלד קלײַבט ער זיך אויס אַ ווײַסע, יונגע שקאַפּע. ער טוט איר אַ קוש אין האַלדז.

זי וויל דאָס נישט פֿאַרלײַדן און הייבט־אונטער אירע הינטער־שטע פֿיס, אים אַ בריק צו דערלאַנגען.

האָט ער שׂכל, דרייט זיך אַרויס פֿון איר בריקע און גיט איר באַלד נאָך אַ קוש, דאָס מאָל שוין אין די ליפּן.

זי גיט אים אַ ביס דערפֿאַר אין רעכטן אויער אַרײַן.

ער טוט אַ טאַנץ און אַ שפּרונג; לאָזט־אַרויס אַ פֿאַרשטיקטן ברום און פּרווט אַרויפֿלייגן זײַן גרויסן קאָפּ אויף איר האַלדז.

זי טוט אַ קוק פֿון אַ זײַט צו אים, צעלאַכט זיך הויך און קליגנ־גענדיק און אַנטלויפֿט פֿון אים. און ער לויפֿט איר נאָך, שפּרינגט־אַוועק אין פֿאָרנט פֿון איר, בייגט־אָן זײַן קאָפּ און לאָזט זי שוין ווײַטער נישט אַנטלויפֿן.

און אַזוי טאָג־אײַן, טאָג־אויס. עס פֿאַרמערן זיך דעם ייִדנס פֿערד. און דער יונג איז בײַם ייִדן מיט גרויס כּבֿוד.

— ב —

דעם ייִדן גאָלדענבאַרגס הויז איז אָנגעפֿולט מיט אַל דאָס גוטס, אָבער נישט מיט קײַן קינדער.

האָט ער אַרונטערגעבראַכט זײַן שוועסטערס אַ מיידל, הייסט זי דבֿורה, און איז נאָך שענער פֿון זײַן רחלען, ווען זי איז אַ כּלה־מויד געווען.

און מען האַלט זי ווי אַן אייגענע בת־יחידה.

און זי האָט טאַקע געבראַכט פֿרייד אין דעם ייִדנס הויז.

און נאָך מער פרייד געטריבן אין דעם פֿערדיונג אַרײַן. און בײַם טיש, צו אַ מאָלצײַט, באַדינט דבֿורה דעם פֿערדיונג מיט אַ געשיקטן, געהיימען חן.

ווען זי באַרירט אַ מאָל זײַן האַנט, פֿילט דער יונג, ווי אַ שאַר־פֿער שטראָם טוט זיך אַ גיס אין זײַן גאַנצן לײַב.

צו מאָל, אַז עס גיט זיך אים אײַן, שנײַדט ער אַרײַן זײַנע בליקן אין דבֿורהן און אים דאַכט זיך, אַז פֿון דבֿורהס אויגן לאַכן טויזנטער שטערנדלעך אַרויס.

און אַז ער עסט עפּעס, פֿילט ער, אַז די מאַכלים שמעקן מיט אַ געהיימען ריח, וועלכן דבֿורה האָט אין אַ צײַט פֿון קאָכן פֿאַר אים אַליין דאָרט פֿאַרבאַהאַלטן.

ווען זי רעדט עפּעס בײַם טיש, קוקט ער נישט צו איר, נאָר ער שלינגט, און ציט זיי, די ווערטער אירע, אין זײַנע לונגען אַרײַן.

ער דערקענט, אַז זי איז געווען בײַם ברונעם נאָך וואַסער. ער זעט עס אין דעם ווײַסן טעפּעלע, וואָס ליגט אויפֿן דעק בײַם ברו־נעם. ער טרינקט־אויס אַ טעפּעלע וואַסער. ערשט נישט לאַנג איז דאָ דבֿורה געווען. עס איז געבליבן אַ ראָזעווער הויך פֿון אירע ליפּן אויף דעם זוים פֿון טעפּל.

און נאָך אַ זאַך. יעדן פֿרימאָרגן, ווען ער גייט פֿון זײַן צימער אויף דרויסן, פֿאַרטראָגט עס צו אים אַ ריח פֿון איר יוגנט.

און איז ער אין פֿעלד פֿאַרטאָן אין זײַן אַרבעט, און עס טוט אַ יאָג אַ ווינטל — דערשמעקט ער דבֿורהן.

ער קוקט זיך אַרום. אפֿשר איז זי געקומען צו אים אין פֿעלד. זעט זיך קיינער נישט.

טאָמער ליגט זי אין די גראָזן באַהאַלטן?

פֿײַפֿט ער צו איר אַזוי מילד. גייט פּאַמעלעך, ער זאָל זי נישט איבערשרעקן.

קיינער איז נישטאָ — הימל און ערד זײַנען עדות — —

גייט ער צוריק צו זײַן אַרבעט און עס פֿאַלט אויף אים אָן אַ האַרציקער פֿלײַס.

און אין הויז רעדט ער נאָך ווייניקער ווי תּמיד.

בײַם טיש שמייכלט ער אַזוי ווייך מיט זײַנע מאַסיווע ליפּן, ווען עמעץ זאָגט אַ גוט וואָרט. און דבֿורה טוט אַ כאַפּ אַ בליק צום פֿערד־יונג און אַנטלויפֿט אין אַ זײַט מיט אירע אויגן. זי טראַכט פֿון אַ צופֿאַל, אַז זי זאָל אים אָנטרעפֿן און קיינער זאָל זיי נישט זען.

דאַרף דער יונג, אין אַן אָוונט, אין שטאַל אַרויסגיין, אַ קראַנק פֿערד היילן. איטלעכער אין הויז איז געוווינט מיד פֿון טאָג.

איז דבֿורה מיט אים אין שטאַל אַרויס צו האַלטן די ליכט.

נעמט דאָס קראַנקע פֿערד און טוט אַ בלאָז מיט זײַנע נאָזלעכער. דאָס ליכט לעשט זיך אויס. דבֿורה דערשרעקט זיך און לאָזט פֿאַר שרעק דאָס ליכט אַראָפּ אויף דער ערד. בייגן זיי זיך אײַן זוכן דאָס ליכט אין דעם אײַנגעבעטן שטרוי הינטערן פֿערד.

האָט בײַם פֿערדיונג פּלוצעם אַ שלאָג געטאָן אין האַרץ אַ פֿאַרלאַנג אַ קוש צו טאָן דבֿורהן. און נאָך דעם וואָלט ער איר דער־ציילט וועגן איר ריח, וואָס שווימט אים נאָך אַ גאַנצן טאָג אין פֿעלד.

דבֿורה שלאָגט זיך אָן מיט אירע ווייכע, שוואַרצע האָר צו זײַנע ליפּן און ער בײַסט זיך אַרײַן.

דבֿורה שווײַגט.

די פֿערד שטייען אין פֿינצטערן שטאַל פֿאַרשטומטע און הערן זיך אײַן.

דער פֿערדיונג וויל אַרומכאַפּן דבֿורהן מיט זײַן האַנט.

רעדט זי אַרויס שטיל:

— דאָס ליכט געפֿונען...

צינדט ער דאָס ליכט מיט אַ בייזלעכן קנאַל פֿון אַ מעטש[5] און מיט פֿאַרדראָס טוט ער אַ גיס די מעדיצין אויפֿן פֿערדס וווּנד. און זיי גייען שווײַגנדיק אין הויז אַוועק. ערשט אויף דרויסן באַקומט דער פֿערדיונג מערער מוט. און בײַ דער טיר פֿון הויז טוט ער זי אַ פֿרעג:

[5] שוועבעלע.

— זײַנט איר הײַנט געווען אין פֿעלד?

— ווען איך בין דאָרט, זעט איר מיך... — ענטפֿערט דבֿורה קורץ.

— עס איז געווען, ווי איר וואָלט פֿאַר מײַנע אויגן דורכגעשוועבט. איך קוק זיך אַרום — קיינער! איך האָב אָבער אַזוי ווי אָנגעשמעקט אײַער ריח, וואָס איז אויפֿגעקומען פֿון אַרום און אַרום.

דבֿורה טוט אַ לײַכטן ציטער, עפֿנט די טיר פֿון הויז.

און נאָך דעם, ווען זיי באַגעגענען זיך אויג אויף אויג, שמועסן זיי אַלץ, שטומערהייט, פֿון יענעם ריח...

— ג —

דבֿורה האָט געוווסט, ווי זי ווערט געהאַלטן בײַ איר אָנקל, הער גאָלדענבאַרג.

האָט זיך איר איין מאָל פֿאַרוואָלט אַרויסצורײַטן אין איינעם מיט דעם פֿערדיונג אין אַ פֿרימאָרגן און נאָר אויף דעם פֿערד, וואָס הייסט קיטי, און מיט דעם נײַעם האָרנזאָטל.

גאָלדענבאַרג איז דערויף באַשטאַנען און איר נאָך מיט אַ שמייכל אַ קניפּ געטאָן אין בעקל, און אַ קוק טוענדיק צו זײַן רחלען, געזאָגט:

— פֿאַר וואָס נישט? זאָל אַ קינד כאַפּן אַ רײַט און האָבן אַ ביסל פֿרייד.

גאָלדענבאַרג איז גלײַך אַרײַן צו דעם פֿערדיונג אין צימערל. אים אָנגעזאָגט וועגן דבֿורהלעס אַרויסרײַטן און אים אָנגעבעטן אויסצופּוצן קיטין אין דעם נײַעם זאָטל און זען נישט צו רײַטן גיך.

*

דער יונג האָט שוין נישט געקענט אויספֿירן זײַן אָונט־אָונטלעכע אַרבעט. עס האָט אים אַרומגענומען אַ פֿרייד, אַזוי ווי בײַ אַ דאָרפֿקינד, ווען זײַן פֿאָטער זאָגט אים צו מיטנעמען אין שטאָט אַרײַן.

ער האָט ווינציק געטראַכט און זיך אין זײַנע קליידער שלאָפֿן

געלייגט: טאָמער פֿאַרשפּעטיקט ער אויף מאָרגן, זאָל ער זיך נישט דאַרפֿן אָנטאָן. אים האָט זיך געוואָלט זײַן מאָרגן אין שטאַל נאָך איידער די פֿייגל שטייען־אויף.

און אויף מאָרגן, אַז די שוואַרצקייט פֿון פֿענצטער האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן בלוילעך צו ווערן, איז ער שוין אַראָפּ פֿון בעט. אַרײַן אין קיך, זיך אײַנגעוואַשן אין צווייערליי וואַסערן און איז אַוועק אין שטאַל אַרײַן.

דבֿורה האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון דעם פֿערדיונגס שווערע טריט אין קיך. זי איז אַרונטער פֿון בעט אַ לײַכטע און מונטערע. פֿאַרוואַשן איר פּנים אין קאַלטע וואַסער, איבערגעפֿלאָכטן אירע ווייכע האָר און זיי פֿאַרלייגט אַרום קאָפּ. אָנגעטאָן איר ברוינעם אַנצוג און איז אויך אַרויס אין שטאַל אַרײַן, ווו דער פֿערדיונג, נישט דערוואַרטנדיק זיך אַזוי גיך, האָט עפּעס בייזלעך געברומט צו די פֿערד.

אַז זי איז אין דער גרויסער צעעפֿנטער טיר פֿון שטאַל אַרײַן, איז איר אַקעגנגעקומען דער רעש פֿון דעם, וואָס אַלע פֿערד האָבן געשמאַק געמאָלן דעם האָבער צווישן זייערע ציין. דאָס און דער שאַרפֿער שטאַל־ריח האָבן אין איר געגאָסן אַ ים מיט מוט.

זי איז אַרײַן אינעווייניק און געזוכט צווישן די פֿערד מיט איר פֿײַערדיקן בליק.

דעם פֿערדיונגס רײַטערל איז שוין געווען אָנגעזאָטלט און באַפּוצט מיט רימענדלעך און לעדערנע טראָלדן, וועלכע זײַנען געהאַנגען פֿון ביידע זײַטן פֿון זאָטל. דאָס רײַטערל איז געשטאַנען און אײַלנדיק געשלונגען דעם האָבער און קאָקעטירט, צוקלאַפּנדיק מיט די פֿאָדערשטע פֿיס.

דאָס רײַטערל האָט געכאַפּט אַ זײַטיקן בליק צו דבֿורהן און:

„אָט באַלד, יונגע שיינע דבֿורה! גיך וועלן מיר רײַטן אין ווײַטן פֿעלד אַרײַן. איבער טאַל און באַרג. וועלן מיר זײַן אין טאָל, ווו די נאַכט שוועבט נאָך אום אַ צעמישטע און פֿאַרשטויסענע. נאָך דעם וועלן מיר אַרויף אויף אַ באַרג, וועט עס ווערן ליכטיקער און ליכטיקער. עס קומט אונדז אַקעגן דער מאָרגן, מיט פּאַמעלעכע, גרינ־

געטריט. מיר װעלן קומען צו רײַטן אין מיט באַרג און זיך אָפּ־שטעלן אַ קוק צו טאָן. און די זון, אין אַ טוי געװאַשענעם בלױען קלייד, קומט־אַרױס פֿון טויער, פֿון הימל און באַרג, און װוּנדערט זיך אויף אונדז, פֿאַר װאָס מיר זײַנען אַזױ פֿרי געקומען. און לאַנגע, װײַסע קושן שיקט זי אונדז מיט אירע גאָלדענע און דימענטענע פֿינגער — ליבע דבֿורה!..."

און דער יונג שטייט בײַ קיטין און פּוצט זיך בײַם קאָפּ. קיטי װיל עס נישט פֿאַרלײַדן.

דבֿורה קומט צו נענטער, טוט קיטין אַ גלעט מיט איר װייכער, פֿרישער האַנט.

— מיר װעלן באַלד אַרױסרײַטן! — האָט דער יונג אַנשטאָט גוט־מאָרגן, דבֿורהן געזאָגט. און פֿרום האָט ער עס געזאָגט מיט אַרונטערגעלאָזענע אויגן.

דבֿורה האָט זיך אַ דריי געטאָן פֿאַר פֿרייד און דאָס ברוינע קלייד האָט זיך צעטאַנצט איבער איר יונגן בייגיקן קערפּערל.

דעם פֿערדיונג איז די אַרבעט שנעל געלאָפֿן. אין איין אויגנ־בליק איז קיטי געװען געזאָטלט און אַרױסגעפֿירט.

דאָס קליינע פֿערדל, קיטי, מיט די װײַסע און שװאַרצע פֿלעקן אויף דער דינער און גלאַנציקער פֿעל, האָט געהאַלטן דעם קליינעם קאָפּ אין דער הויך. פֿון בײדע זײַטן פֿון קיטיס קאָפּ זײַנען געהאַנגען רויטע לעדערנע ראָזעטן און פֿון מויל אַרױס האָט געגלאַנצט די נײַע, װײַסע צוים און די געלע אײדל־געשניטענע לייצעס זײַנען געװען רײַך פֿאַרװאָרפֿן איבער קיטיס רונדן האַלדז.

דבֿורה איז צוגעגאַנגען, אַ נעם געטאָן מיט איר לינקער האַנט די לייצעס און מיט דער רעכטער האַנט זיך אָנגעכאַפּט בײַם האָרן פֿון זאָטל. פֿאַרשטעקט איר שאַרפֿן קליינעם פֿוס אין טרעטער, זיך אונטערגעהויבן און פֿאַרװאָרפֿן איר קליינעם קערפּער אויף דעם זאָטל.

דער יונג האָט זי דערבײַ געהאַלטן אונטער איר לינקער האַנט און איר געהאָלפֿן. נאָך דעם האָט ער זיך געשווינד אַרױפֿגעכאַפּט

אויף זײַן רײַטערל — דאָס פֿערדל האָט זיך אַ דריי געטאָן אין אַ ראָד און, ווי צוויי פֿײַלן געצילט אין איין אויגנבליק, זײַנען דבֿורה און דער יונג אײַזיק אַוועק אין פֿעלד אַרײַן.

— ד —

דאָס מיידלשע ווײַטע און ברייטע לאַנד איז געלעגן אַ רויִקע מיט זײַנע בערג און טאָלן און געאָטעמט די וואַרעמע שטראַלן, וועלכע די יונג־אויפֿשפּראָצנדיקע זון האָט געשפּרייט איבער אים און זײַנע טיפֿענישן.

עס איז קיין איין בוים איבערן באַרג און פֿלאַך נישטאָ.

ליגט זיך דער פֿויגל אין די טיפֿע גראָזן און זינגט זײַן מאָרגנ־ליד צו די בערג און די בערג, מיט זייערע ווײַסע שאַרפֿע שטיינער אויף די שפּיצן קוקן־אויס ווי געטער אין פּערלמוטערנע קרוינען.

אָפּגעזונגען פֿליט דער פֿויגל אַרויס פֿון טיפֿן גראָז צו דעם צעאַקערטן שטיק פֿעלד און נידערט אַלע רגע אַרונטער, און שטעלט זיך אַוועק אָט אויף אַ האַרטן, נישט צעקלאַפּטן שטיק ערד, און אָט אויף אַ צעמאָלענעם שטויביקן אָרט, קוקט זיך אַרום פֿון אַלע זײַטן, געפֿינט אַ קערנדל, פּיקט דאָס אויף מיט זײַן שנאָבל, קוקט זיך נאָך אַ מאָל אום און — האַוי־פּף!

און פֿון יעדער זײַט צעאַקערטן פֿעלד שטייען אין לאַנגן קניי־טשנדיקן שטח יונגע, מוטיקע ברויטן. טונקל־גרין זײַנען זיי און שטרעקן זייערע שאַרפֿע שפּיצלעך צו דער הויך, ווי זיי וואָלטן זיך ציִען צו כאַפּן אַ שטראַל פֿון דער זון.

און מיט וועגן קרומע און מיט פֿעלדער אָנגעטויעטע שוועבן בײַנאַנד דבֿודה און דער פֿערדיונג, אַזוי נאָענט איינס בײַ דאָס אַנ־דערע, אַז עס זעען זיך נאָר די צוויי קעפּ פֿון זייערע פֿערדלעך.

ער דערפֿילט איר יונגן, פֿרישן אָטעם און עס פֿאַרשמעקן אים אירע ווייכע האָר.

זי כאַפּט זיך אָן מיט איר רונדן, טונקעלן הענטל אין זײַן מאַ־סיוון שטאַרקן אָרעם. פֿון זײַן הויכער, שטאַרקער ברוסט גייען־אויף

און־אָפּ אַזוינע פלאַמען, און זי אָטעמט זיי איין אין זיך. ער טוט אַ כאַפּ אירע פינגערלעך צו זיין מויל און קושט זיי. זי לאָזט־אַרויס די לייצעס פון איר לינקער האַנט און וויקלט זיך איין אַרום זיין האַלדז.

זיינען די פערדלעך שטיין געבליבן.

דבורה האָט זיך אַוועקגעבויגן פון יונג און באַפעלט:

— איך וויל גרייזעלעך!

פלינק ווי אַ הירש איז דער יונג אַרונטער פון פערדל. און אין אַ ווײַלע אַרום געבראַכט דבורהן אַ בונט מיט געלינקע, בלויע און פאַמסרויטע בלימעלעך.

— איך וויל ווײַסינקע אויך! — בייזערט זיך דבורה.

— ווײַסינקע, ווײַסינקע!

איז ער אַוועק איבערן פעלד און געזוכט, און געזוכט, און גאָט געבעטן, ער זאָל אים צושיקן ליכט אין זיינע אויגן צו געפינען ווײַסע קרײַטעכער.

האָט גאָט אין הימל געהערט זיין געבעט און האָט אים צוגע־שיקט ווײַסינקע.

איז דער יונג געלאָפן און געריסן אַ בלימל דאָ, אַ בלימל דאָרט, און האָט געבראַכט דבורהן, ווײַסינקע, ווײַסינקע.

האָט דבורה ביי אים אַ כאַפּ געטאָן די ווײַסע קוויטלעך, אַ בריק געטאָן איר פערדל און אַוועקגעלאָפן. און זיך צוריקגעקערט און — וויל אַרויפרײַטן אויף דעם יונגס געביין.

נאָר זי טוט אַ שטאַרקן צי קיטין אויף צוריק און צעלאַכט זיך.

— האָסט גאָר קיין מורא נישט פאַר מײַן פערדל?

— פאָר אויף מיר אַרויף, אויב דו ווילסט...

דבורה האָט פונאַנדערגענומען דעם בוקעט פון די ווילדע קרײַ־טעכער און זיך גענומען וואַרפן די בלימלעך איינציקווײַז דעם יונג אין פנים אַרײַן, אין די אויגן אַרײַן. ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און נישט געפינטלט מיט די אויגן, און געקוקט אויף דבורהן. נאָך יעדן וואָרף טוט זי פלינק אַ פיר מיט איר קליין ווײַסברוינעם

פֿינגערל איבער דער ברייט פֿון איר מויל און ברענגט־אַרויס אַ דין, געדרייט קול...

דער יונג שטייט און עס רייצט אים. זײַן רײַטערל כאַפּט אַלע ווײַלע אַ קניפּ פֿון דעם נאַסן, גלאַנציקן גראָז, צעקײַט עס און קוקט מיט איין אויג צו דעם יונג.

קיטי וואָלט אויך וועלן אַ קניפּ טאָן אין טיפֿן גראָז — קען זי נישט. יעדן מאָל, וואָס זי פֿאַרמעסט זיך אײַנצובייגן איר קאָפּ, טוט דבֿורה אַ צי די לייצעס. קיטי פֿאַרשטייט נישט פֿאַר וואָס זי טאָר נישט.

דבֿורה זאָגט:

— אײַזיק, וועסט מיך לערנען אַרומרינגלען פֿערד.

— האָ, גוט. איך וועל דיך לערנען! — ענטפֿערט דער פֿערד־יונג.

— די פֿערד זײַנען איצט צעשפּרייט. עס איז הייס. מיר וועלן זיך ביידע צעטיילן. איך וועל אַוועק אין מזרח און דו רײַט־אַוועק אין צפֿון־זײַט. און זעסט יענעם באַרג מיט דעם ברייטן, פֿלאַכן קאָפּ?

— איך זע, איך זע. הע! — ציט דבֿורה אויס מיט אַ פֿריילעכן ניגון.

— איך וועל צוזאַמענברענגען אַ גאַנצן ים מיט פֿערד אַהין צו יענעם באַרג. דאָרטן וועל איך זיך מיט זיי אָפּשטעלן און וועל וואַרטן ביז דו וועסט אָנקומען מיט דײַנע פֿערדלעך. און אפֿשר וועסטו וואַרטן אויף מיר.

— איך אויף דיר?! — צעלאַכט זיך דבֿורה.

— מ'קען נישט וויסן, ווײַל קיין באַזונדער תּורה איז דאָס נישט. געפֿינסט פֿערדלעך, טרײַב זיי אויף און ברענג זיי אַהין אויפֿן באַרג. נאָר לאָז פֿון זיך הערן.

— הו... אַ... הו... אָ! — מאַכט דבֿורה אַ פּראָבע, ווי זי וועט אים לאָזן וויסן פֿון איר קומען מיט די פֿערד.

אײַזיק כאַפּט זיך אַרויף אין זײַן זאָטל אַרײַן. מען לאָזט זיך

אַוועק. ער — אין איין זײַט און זי — אין אַ צווייטער. מען בייגט־אויס די קעפּ. מען קוקט זיך אָן. און אַוועק.

דער יונג דערפֿילט זיך ווי אַן אָדלער. זײַנע פֿיס ציִען זיך אָן מיט זייערע ברייטע האַרטע מוסקלען. ער זיצט נישט אין זאָטל, נאָר ער שטייט אין די טרעטערס; זײַנע ברייטע, גלייכע אַקסלען וויגן זיך אַראָפּ און אַרויף פֿון איבער דעם רײַטערל. מיט זײַנע אויגן נעמט ער דורך די גאַנצע לענג און ברייט פֿון דעם יִידנס פּריירי. ער איז בײַ זיך פֿעסט, אַז הײַנט וועט עס צוגיין שנעל. ער וועט באַלד אַ סך פֿערדלעך געפֿינען און מיט זיי אַוועק אויף יענעם באַרג.

ווייסט אָט יענער באַרג, וואָס עס וועט הײַנט אויף אים פֿאָר־קומען?!

שטיין וועט ער מיט זײַנע פֿערדלעך און קוקן פֿון באַרג אין אַלע פֿיר ווינקלען פֿון דעם ראַנדזש, ביז עס וועט זיך אָנהייבן צו מאָלן פֿון ווײַט אַ שוואַרצינק פּינטעלע. עס וועט פֿון פּינטעלע ווערן אַ רײַטער. דבֿורה וועט עס קומען צו אים. און פֿון ווײַטנס זיך לאָזן צו הערן מיט איר הו... אָ... הו... אָ!

ווייס דאָס אָט יענער באַרג?

— ה —

דבֿורה איז אַרומגעפֿאָרן אויף דער פּריירי און געוואָלט גע־פֿינען אַ סך פֿערדלעך אין איין קופּע, אין וועלכער זי זאָל קענען אַרײַנרײַטן מיט אימפּעט און זיי פֿאַרנעמען צו דעם באַשטימטן באַרג, ווו דער פֿערדיונג וואַרט שוין אויף איר.

אַלע מאָל האָט זיך איר אומדערפֿאַרן אויג אָפּגענאַרט. פֿון אַ טונקעלן שטיין, פֿון אַ דאָרן אָדער פֿון אַ קליין ביימעלע אין אַ טאָל איז בײַ איר אַרויסגעקומען אַ פֿערד. זי פֿלעגט אַהין שנעל צופֿאָרן, דערזען איר טעות און זיך צעלאַכן.

צו מאָל האָט זי אָנגעטראָפֿן אַ פֿערד אָדער צוויי, און זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן — זי וויל אַ ים מיט פֿערדלעך.

זי וועט שוועבן מיט אַ סך פֿערדלעך און אין דער פֿרײַער, ברייטער פֿריירי וועט אָפּקלינגען איר הו... אָ... און זי וועט נאָך צעלאָזן אירע האָר, און זיי וועלן פֿליִען ווי זײַדענע טיכלעך אין דער לופֿט... זי וועט טאָן, ווי זי וועט וועלן.

בײַם אָנקל אין הויז איז איר גוט, אָבער עפּעס איז דאָרט ענג...

גאַנצע טעג איז זי פֿאַרנומען מיט הויזזאַכן און מיט אַנדערע קלייניקייטן.

איין מאָל אין וואָך נעמט מען זי מיט אין שטעטל אַרײַן.

אויך מיר אַ שטעטל! עס שטייען עטלעכע הײַזער אין איין שורה און קעגנאיבער די הײַזער — די באַנסטאַנציע. נאָך דער סטאַנציע שטייען דרײַ הויכע פּירעקיקע שפּײַכלערס פֿאַר די ברויטן פֿון די אַרומיקע פֿעלדער. עס איז דאָ איין שפּײַזקראָם, וווּ מען באַקומט פֿון אַ ציבעלע ביז אַקעראײַזן. און דאָרט שטייט אַ הויכע, דאַרע בלאָנדינקע און תּמיד שמייכלט זי צו דיר און לאַכט.

כאָטש דבֿורה האָט אַליין אויך ליב צו לאַכן. אָפּט קלײַבט זי אויס אַ צײַט, ווען איר מומע שטייט פֿאַרטאָן אין קיך און זי לויפֿט־אַרײַן און לאָזט־אַרויס אַ הויכן הו... אָ... הו... אָ!

די מומע דערשרעקט זיך און שרײַט־אויס מיט אַ קוויטש:

— אוי, וויי איז מיר נישט!

און נאָך דעם לאַכן זיי ביידע שעהן נאָך אַנאַנד.

און ערשט ווען די מענער קומען פֿון דער אַרבעט, ווערט שטיל אין הויז.

שטיל, רויִק און ענג.

דער פֿערדיונג פֿאַרציילט נאָך פֿון פֿערד:

האָט זיך אַ צוויי־יאָריקער בראָנקאָ צעווילדעוועט אין דער קאָרעל און האָט געוואָלט אַריבערשפּרינגען דעם הויכן פּלויט, און איז געבליבן שטעקן מיט זײַנע פֿאָדערשטע פֿיס אין זוים פֿון פּלויט.

האָט ער, דער פֿערדיונג, מיט אַ הויכן פֿלאָקן אים אַרויסגעהויבן פֿון דאָרט איינער אַליין...

גיט דער אָנקל דערביי אַ קורצן, נישט פֿאַרשטענדלעכן ברום, און זיי צעשמייכלען זיך בײדע.

אַן אַנדערש מאָל דערציילט דער פֿערדיונג, ווי ער האָט ריטנ־דיק אין פֿעלד דעם פּרימאָרגן געפֿונען די אָדער יענע קליאַטשע מיט דעם לאַנגעכיקן נאַרישן קאָפּ מיט אַ קליינטשיקן רויטן לאָשעקל. דאָס לאָשעקל האָט געהאַט אַ ווײַס פּאַסעקל אויף זײַן פּנימל. און ווי די קליאַטשע האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט איר גרויסן, לאַנגן קאָפּ, ווען זי האָט דערזען דעם פֿערדיונג צוקומען נאָענט, איבערן לייטער, און געבריקעט מיט אירע הינטערשטע פֿיס.

— אַ גוטע מוטער, אָט די יעטי! — האָט דער אָנקל פֿילבאַ־דײַטנדיק אָנגעמערקט — יעטי איז אַ גוטע מוטער!

אַ גוטע מוטער... — טראַכט זיך דבֿורה — קיטי, האָסטו אויך געהאַט אַ גוטע מוטער?...

דבֿורה באַקומט פּלוצעם ליבע צו איר קיטין, וועלכע טראָגט זי איבער איר אָנקלס פֿעלדער.

און זי טוט איר אַ דוצקע מיט אירע קליינטשיקע פֿיסלעך אין די זײַטן אַרײַן. און קיטי צעיאָגט זיך שנעלער, און אירע דינינקע פֿיסלעך צייכענען אויס איבער די גראָזן ווילדגעדרייטע בילדער.

דבֿורה האָט דערזען אַ קאָפּ פֿון אַ פֿערד מיט אָנגעשטעלטע צוויי אויערן. זי האָט פֿאַרדרייט קיטין אין יענער ריכטונג און — אָט איז עס!

זי איז צוגעריטן אין טאָל.

צווישן אַ ברייטן, פֿלאַכן פֿעלד און אַ הויכן, משופּעדיקן און לאַנגן באַרג, זײַנען טאַקע געווען אַ סך פֿערד. זיי האָבן אָנגעשטעלט זייערע קלוגע אויגן צו דבֿורהן און זיך אַלע געטאָן אַ לאָז צו איר.

דבֿורה איז פֿאַרשעמט געוואָרן ווי אַ זינגערקע, ווען זי קומט־אַרויס צום ערשטן מאָל פֿאַר אַ גרויסן עולם.

קיטי איז געבליבן שטיין.

אַלע פֿערדלעך האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין אַ קרײַז און גע־נומען שמעקן צו קיטין. אייניקע האָבן געפּרוווט אַ שנאָרך טאָן צו

דבֿורהס פֿיס און באַלד אַוועקגעכאַפּט די קעפּ, און זיך פֿאַרדרייט אין אַ זײַט, און צוריקגעקומען, און ווײַטער געקוקט אויף דעם נײַעם רײַטער.

דבֿורה איז אַזוי פֿאַרכאַפּט געוואָרן, אַז זי האָט פֿאַרגעסן אין דעם צוועק פֿון איר קומען אַהער. און זי האָט אָפּגעלאָזט די לייצעס פֿרײַ, און אָנגעהויבן שטעקן אירע קליינע, ברוינע הענט, דאָס צו איין און דאָס צו אַן אַנדער פֿערדל. און זי האָט צו זיי אָנגעהויבן ריידן און מאכן חנדלעך. און מיט אַ מאָל האָט זי גאָר אַ מאַך געטאָן מיט אירע הענטלעך און אויסגעשריגן:

— באָ... אָ... אָ!!

דער קרײַז פֿערד איז זיך פֿון איר האַסטיק צעלאָפֿן, ווי איבער־געשראָקענע פֿייגעלעך, און זײַנען אַוועק פֿון איר מיט אַ שווערן, טו־מלדיקן גאַלאָפּ.

און קיטי, פֿילנדיק זיך פֿרײַ, אָן לייצעס, האָט זיך אויך דער־שראָקן און געטאָן אַ הויכן שפּרונג מיט בײדע הינטערשטע פֿיס, אַרונטערגעוואָרפֿן דבֿורהן איבער איר קאָפּ און איז אַוועק איבער דעם פֿעלד נאָך די איבעריקע פֿערד, און געשלעפּט הינטער זיך, אויף אַ קליינעם שטח, די בלאָס צעשראָקענע דבֿורה.

דבֿורה איז געבליבן ליגן מיט אויסגעצויגענע הענט, אין דעם טיפֿן, ווייכן גראָז.

קיטי איז אַוועק. וואָס מער די זאָטלטרעטערס האָבן איר גע־קלאַפּט אין די זײַטן אַרײַן, אַלץ שנעלער איז זי אַנטלאָפֿן, אַליין נישט וויסנדיק וווהין. די לייצעס האָבן זיך געשלעפּט פֿאַר אירע פֿאָדער־שטע פֿיס. האָט זי איר קאָפּ אינסטינקטיוו באַלד אין דער הויך אויפֿגעהויבן.

די איבעריקע פֿערד האָבן געקוקט צו קיטין. און דער קלאַנג פֿון די זאָטלטרעטערס, און דאָס זאָטל אָן אַ רײַטער האָט זיי נאָך מער געשראָקן און די גאַנצע פֿריירי־ווילדקייט האָט זיך אין זיי אויפֿ־געכאַפּט. און אַ ווײַסער שוים האָט זיך באַוויזן אין זייערע מײַלער און אויף זייערע גלאַנציקע קערפּערס.

זיי האָבן זיך געטראָגן אין דער פֿאָרעם פֿון אַ מחנה ווילדע גענדז, ווען זיי פֿליִען־איבער פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן; אָט זיך צוזאַמענגעצויגן אין אַ געדיכטן רינג און אָט זיך צעשפּרייט.

קיטי האָט זיך דערמאָנט אין דער מילך, וואָס איר מוטער האָט איר זייגן געגעבן אויף די דאַזיקע פֿעלדער. אַלע וועגלעך און שטעג־לעך זײַנען נאָך נישט פֿאַרווישט געוואָרן פֿון דעם ייִדנס פּריירי. און זי האָט געיאָכצט מיט פֿרייד און איז געשפּרונגען אויף פֿאָרויס, און זיך צו מאָל אַ דריי געטאָן מיט איר פּנים קעגן די פֿערדלעך און געטאָן אַ טאַנץ, אַזש די זאָטלטרעטערס זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער לופֿטן.

זײַנען זיי אַזוי געלאָפֿן ביז זיי זײַנען געקומען צום טײַכל. זײַ־נען זיי אַהין אַרײַן און אַלע מיט אַ מאָל, ווי איינער, געבליבן שטיין אין אַ טיפֿן אָרט. דאָס קאַלטע וואַסער האָט אָפּגעקילט זייערע הייסע קערפּערס און זיי האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. און פֿון איינעם צום אַנדערן געגאַנגען און נאָכגעשמעקט. און אַז מען איז צוגעקומען צו קיטין, האָט זי זיך טרויעריק מיט די אויגן געבעטן, און יענע האָבן געשמעקט צו דעם זאָטל און עס געפּרוווט בײַסן.

באַלד אָבער האָט איינער פֿון די פֿערד מיט זײַן עק אַ פּאַטש געטאָן אין וואַסער אַרײַן. עס האָט אַ הויפֿן מיט דריבנינקע טראָפּנ־דלעך וואַסער זיך צעשאָטן איבער אַלע פֿערד און זיי האָבן זיך ווי־דער דערשראָקן, זיך אַ לאָז געטאָן פֿון טײַכל אַוועק מיט די פֿעלדער. זיי זײַנען געלאָפֿן איבער טאָל און באַרג, און געקומען צום ברעג פֿון דראָטענעם פּלויט און צוריק מיט אימפּעט זיך אַוועקגעלאָזן איבער די פֿעלדער מיט לאַנג אויסגעצויגענע העלדזער און אויסגעשטרעק־טע עקן.

גוט האָבן זיך געפֿילט די פֿערד בײַ הער גאָלדענבאַרגן אויפֿן ראַנדזש.

דורך זײַן מי פֿלעגן די יונגע געבוירן ווערן אין משך פֿון אָנ־פֿאַנג ביז אין מיט זומער, דעמאָלט ווען די מאַמעס מיט די קינדער

קאָנען אַרומלויפֿן אויף דער פּרייריע און געניסן פֿון די שענסטע גראָזן, און נישט וויסן פֿון קיין זאָרג.

און צו ווינטער אַנטוויינט גאָלדענבאַרג די דאָזיקע קינדער פֿון זייערע מוטערס און נעמט זיי אַרײַן אויף איבער ווינטער אין אַ גרויסער שטאַל, וווּ ער האָט פֿאַר זיי אָנגעגרייט גוטע, פֿרישע טימאָטי־היי. און טאָג־אײַן, טאָג־אויס קומט ער צו זיי, אין רעגן און אין שניי, כּדי אַליין, מיט זײַנע הענט, איטלעכן אַ טעפּל האָבער אײַנצוטיילן.

דאָס קליינוואַרג שטייט בײַ די פֿריִערדיקע לאַנגע קאַסטנס, וואָס אַרום די ווענט פֿון שטאַל, און הערן זיך אײַן אין דער ווינטערדיקער שטומער לופֿט, צי קומט נישט זייער שפּײַזער.

און אַז גאָלדענבאַרג צעעפֿנט די שווערע טירן פֿון שטאַל, און אַ כוואַליע ווײַסע לופֿט רײַסט זיך אַרײַן אין האַלב טונקעלער שטאַל, טוען אַלע מיט אַ מאָל זיך אַ לאָז צו אים.

און אײַנטיילנדיק זיי דעם טעפּל האָבער, גלעט ער יעדן פֿון זיי. דעם בײַם האַלדז, אַן אַנדערן איבערן פּנימל, און האָט זיי תּמיד עפּעס גוטס און מונטערס צו זאָגן, כאָטש אים דאַכט זיך אַלץ, אַז די קינדער וואַקסן נישט.

ערשט ווען עס קומט דער פֿרילינג און ער לאָזט זיי אַרויס אויף דער פּרייריע צו „אייגענער קעסט" (ווי ער פֿלעגט דאָס אַליין אָנרופֿן), ערשט דאַן דערזעט ער, אַז זיי זײַנען אויסגעוואַקסן.

אין דעם קומענדיקן ווינטער לאָזט ער די קליינע גלײַך מיט די גרויסע אויף דער נאַקעטער פּרייריע.

מיטן אָנקומען פֿון ווינטער, נעמט בײַ די פֿערד וואַקסן אַזאַ לאַנגע האָר, צו באַשיצן זייערע ביינער פֿון קעלט. און צום זומער בײַטן זיי איבער די לאַנגע האָר אויף אַ דינע, סאַמעט־גלאַטע פֿעל. און אויך אין דעם העלפֿט זיי העלפֿט זיי דער גאָלדענבאַרג. אין די פֿרילינגטעג שפּרייט ער פֿאַר זיי יעדן טאָג אויס נישט געדראָשענעם האָבער צוויישן די בערגלעך און טאָל, וואָס איז פֿון ווינטן געשיצט, ווײַל קאַלט און ווינטיק זײַנען די פֿרילינגן אין דער ווײַטער וועסט. קײַען די

פֿערד דעם נישט־געדראָשענעם האָבער, טרײַבט דאָס כּוח אין זייערע ביינער, און זיי ווערן גלאַטער און שענער.

גוט איז די פֿערד בײַ הער גאָלדענבאַרג.

— 1 —

בײַם ייִדן הער גאָלדענבאַרג אין הויז ווייס מען נאָך פֿון גאָר נישט.

עס איז געווען דער צאָלטאָג און אַ גאַנצן אין דער פֿרי און פֿאַר מיטאָג זײַנען אָנגעפֿאָרן די גרינע, גרויסע און לאַנגע וועגענער מיט די קײַלעכדיקע אויסגעפּוצטע קליינע פֿערדלעך, און זיך אויס־געשטעלט בײַם לאַנגן, שטאַרקן באַלקן, וואָס דער ייִד האָט אויפֿגע־בויט, אַז די פֿאַרמערס זאָלן אין צאָלטאָג קענען צובינדן זייערע פֿערדלעך.

איניקע זײַנען שוין געווען אין הויז און זיך צערעכנט, און באַ־צאָלט דעם ייִדן פֿאַר זײַנע גוטע, קליינע פֿערדלעך, און דערבײַ גע־האַלטן אין איין לויבן זיך אַליין, ווי גוט זיי קענען צוימען אַ יונגע בראָנקאָ, און עס איז טאַקע דעם הער גאָלדענבאַרגס גוטע, בלוטיקע פֿערדלעך.

אַ טייל זײַנען געשטאַנען אין דרויסן בײַ אַ וואָגן, אין אַ קרײַז, און געשמועסט. און ווען עמעצער אַ נײַער איז צוגעקומען, האָט מען אים געשטונקט הענט, און מיט אַ מאָדנעם פֿריילעכן געפֿיל, און אַלע מיט אַ מאָל האָבן תּמיד אויסגעשריגן צו דעם נײַעם צוגעקומענעם:

— שטעק הענט!...

מען איז אָפּגעפֿאָרן און מען איז אָנגעקומען.

אַלע מיט אַ גרינעם, לאַנגן וואָגן, פֿון פֿאָרנט מיט אַ הויכן זיץ אויף שפּרוזשינעס, און אַ לאַנגער, שוואַרצער בײַטש.

און קינדערלעך האָבן די פֿאַרמערס אָנגעבראַכט, וועלכע זײַנען געזעסן אין די טיפֿע, גרינע וועגענער און אַרויסגעפּיפּצט מיט די שטרויענע קאַפּעליושלעך, מיט רויטע סטענגעס, אויף דעם הער גאָל־

דענבאַרגס גרויסן גוט. צו מאָל האָט אַ פֿאָטער געגעבן זײַן קינד אַ „באַלײַכטונג" איבער דעם אַלעמען, וואָס הייסט גאָלדענבאַרגס גוט.

האָט מען די קינדערלעך בײַ די וועגן געלאָזן און אַליין איז מען אַרײַן דורך דער אָפֿענער טיר פֿון קיך אין הויז אַרײַן, די היט־לען אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקל און געזאָגט פֿריילעך און גוטמוטיק:

— גוט־מאָרגן, פֿרוי גאָלדענבאַרג!

פֿרוי גאָלדענבאַרג, אַ קרעפּטיקע, מיטליאָריקע, רונדע ייִדענע, מיט פֿאַרפֿלאָמטע, צוויקרויטע באַקן, פֿון אַ מיטעלן וווקס, מיט אַ הויכער ברוסט און רונדע, דיקלעכע הענט, איז געשטאַנען בײַ דער קיכאַרבעט. אירע הענט זײַנען בײַ דער אַרבעט געווען אָפּגעדעקט און האָבן פֿון אַקסל אַרונטער צו די פֿלאַמען זיך גערונדלט אַלץ די־נער און שמאָלער. און אירע גאָר קליינע פֿינגערלעך האָבן נישט האַרמאָנירט מיט איר גאַנצן אויסזען. זי האָט פֿאַרמאָגט מאַט־שוואַרצע אויגן און אַ ים מיט האָר אויף איר שיינעם קאָפּ. די האָר זײַנען געווען דורכגעשפּרינקלט מיט גרוילעכע פֿעדערלעך און פֿאַר־קעמט אין אַ שווערן קנײַלעכדיקן קוגל אויף הינטן.

זי איז געשטאַנען בײַם ווײַסן הילצערנעם קיכטיש, געטאָן איר אַרבעט, געטראַכט פֿאַר וואָס זי האָט דבֿורהן הײַנט, אין צאַלטאָג, געלאָזט אַרויסרײַסן...

און ווען עמעץ איז אַרײַן און געזאָגט „גוט־מאָרגן, פֿרוי גאָל־דענבאַרג", האָט זי לײַכט אַ דריי געטאָן מיט איר שטאָלצן קאָפּ און מיט אַ פֿאַרנעמלעכן שמייכל געזאָגט:

— גוטן מאָרגן, גוטן מאָרגן. — תּמיד איבערחזרנדיק איר גוטן מאָרגן, און פֿלעגט נאָך צומערקן.

איינעם:

— צוליב אײַך, הער, איז הײַנט אַזאַ שיינער טאָג.

אַן אַנדערן:

— בין הײַנט גרינעם אַרבעס געגאַנגען אָנקלײַבן, האָט גאָט גע־געבן אַ שיינעם טאָג.

אינעווייניק, אין דער גרויסער שטוב, וואָס האָט אויך געדינט פֿאַר אַן עסצימער, זײַנען אַלע געזעסן און גערויכערט, און גערעדט.

הער גאָלדענבאַרג איז געווען פֿאַרנומען אין זײַן שרײַבצימער, פֿון וועלכן עס איז געווען אַן אָפֿענע טיר אין גרויסן צימער אַרײַן. ער איז בײַם טישל געזעסן קעגנאיבער דער צעעפֿנטער טיר אַזוי, אַז ער האָט געקענט ריידן מיט אַלע אין דער גרויסער שטוב און עס זאָל הייסן, אַז ער זיצט צווישן זיי. כאָטש יעדער באַזונדער פֿלעגט זיך אויפֿהייבן שווער און אַרײַנגיין צו אים, ווי אין אַ באַזונדערן חדרל, און מיט אים, ווי אויג אויף אויג, זיך צעצאָלן.

און אַז אַלע האָבן זיך צערעכנט, האָט זיי הער גאָלדענבאַרג אײַנגעלאַדן צו בלײַבן אויף מיטאָג. אויף פֿרוי גאָלדענבאַרגס אַן אָנבײַסן האָט מען זיך נישט געלאָזן קיין סך בעטן. מען האָט זיך אײַנגעוואַשן די הענט און פֿנימער, פֿאַרקעמט די האָר פֿון קאָפּ, און פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיי אַרומבאַזעצט דעם לאַנגן, פֿירעקיקן טיש, על־טער נאָך עלטער. און הער עלקינס, אַ נאָרוועג, וואָס איז געווען דער ערשטער נאָענטער שכן, האָט געהאַט דעם חלק צו זיצן אין דער לינקער זײַט פֿון הער גאָלדענבאַרג. אין דער רעכטער האַנט איז געווען דער פֿרוי גאָלדענבאַרגס אָרט, נאָך אַ לײדיקער. זי האָט מיט אַ פֿאַרפֿלאַמטן פּנים אָנגעהויבן צו טראָגן צום טיש פֿון אַלץ, וואָס זי האָט אָנגעקאָכט און אָנגעבאַקן.

און אַזוי ווי דער טיש איז געווען באַזעצט אַרום־און־אַרום, האָט מען אין דבֿורהן מיט דעם פֿערדיונג פֿאַרגעסן.

*

נאָכן עסן איז דער באַלעבאָס פֿון הויז דער ערשטער אויפֿגע־שטאַנען פֿון טיש. נאָך אים — די אַלע געסט. און אַלע האָבן זיך מיט אַ גערודער צעזעצט בײַ דער וואַנט אויף בענקלעך. גאָלדענ־באַרג האָט אָנגעפֿולט זײַן פּיפּקע און פֿאַררויכערט, אַרויסלאָזנדיק געדרייטע וואָלקנס רויך. די געסט האָבן געטאָן דאָס אייגענע און די גרויסע שטוב האָט זיך גענומען אָנפֿולן מיט רויך.

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט פֿאַרנומען פֿון טיש די געשיר און פֿאַר־מאַכט די טיר, טראַכטנדיק:

— שוין! די מענער האָבן זיך צערויכערט.

ביי די מענער האָט זיך שנעל פֿאַרבונדן אַ שמועס. מען האָט גערעדט וועגן די פּרייזן פֿון ברויט אַמאָל און היינט. מען האָט גע־רעדט וועגן פֿעלדער און אויך פֿון איניקע לאָקאַלע אָנגעלעגנהייטן.

— האָט איר געזען מיין אַלפֿאַלפֿאַ? — פֿרעגט הער גאָלדענ־באַרג — אַ טייער גראָז איז עס... איין מאָל פֿאַרזייט און עס וואַקסט אַליין פֿון זיך צוואַנציק יאָר.

— ווו, דאָרטן אויף דער פֿלאַך אין דרום־זייט פֿון קאַרעל? — פֿרעגט איינער פֿון די געסט.

— האַ, האַ! — שאָקלט הער גאָלדענבאַרג מיטן קאָפּ — עס איז מיר אָנגעקומען זייער שווער. אָבער איצט האָב איך עס. דאָס גראָז איז צוואַנציק מאָל בעסער פֿון אַלע אַנדערע גראָזן.

— צוואַנציק יאָר וואַקסט עס פֿון איין מאָל פֿאַרזייען?!

— יעס, סיר[6]! איך האָב עס עטלעכע מאָל געפּרוווט אויף אַנדע־רע פּלעצער און עס האָט נישט אָנגענומען. איצט אָבער האָב איך געפֿונען אַ גוט שטיק ערד פֿאַר מיין אַלפֿאַלפֿאַ.

— איז עס גוט פֿאַר פֿערד?

— אַ פֿראַגע? איך דענק נאָר פֿאַר מיינע יונגע, יאָריקע פֿערד־לעך. זיי וועל איך געבן אַלפֿאַלפֿאַ, זיי זאָלן וואַקסן בעסער.

מען איז געזעסן און געלאָזט דיקע וואָלקנס רויך און מיט הכנעה זיך איינגעהערט אין דעם ייִדנס רייד, נישט ווייל זיי זיינען אים שולדיק געווען, נאָר ווייל עס איז געווען אַ נייע תורה פֿאַר זיי: „גראָז וואָס וואַקסט צוואַנציק יאָר פֿון איין מאָל פֿאַרזייען".

עס זיינען דאָ געווען קינדער פֿון פֿעלקער, וועלכע האָבן גע־האָט דעם זכות צו האָבן אייגענע לענדער און ערדן. די ערד האָבן זיי ליב פֿון דור־דורות. און זיי הערן זיך איצט איין צו די רייד פֿון

[6] אָפּט אַ מאָדיזם (יאָ, הערו), אַזוי ווי איר זעט...

הער גאָלדענבאַרג, וועלכער איז פֿון ערגעץ געקומען צו לויפֿן, ווו ער האָט קיין ערד נישט געהאַט און אַפֿילו נישט געחלומט צו האָבן; זיי הערן אים אויס און באַוווּנדערן אים.

נאָר איינער איז דאָ געווען — הער עלקינס — דער נאָענטסטער שכן, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך אײַנהערן אין גאָלדענבאַרגס רייד.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון פֿלאַץ, עפּעס אָפּגעמורמלט אַן אַנטשולדיקונג און איז אַוועק אַהיים. ער איז אַהיימגעגאַנגען צו פֿוס. דאָס איז בײַ אים געווען אַ געוווינהייט. און גייענדיק, האָט ער פֿיל געטראַכט וועגן גאָלדענבאַרגן, דעם ייִדן, מיט זײַן אַלפֿאַלפֿאַ.

און עס איז אויפֿגעשוווּמען בײַ אים אין האַרץ אַ מאָדנע געפֿיל צו זײַן ייִדישן שכן און צו זײַן אײַנגעפֿונדעוועטער היים. עלקינס האָט אויך געהאַט אַ גוטע היים. ער איז געקומען אין דער ווײַטער וועסט פֿריִער פֿאַר גאָלדענבאַרגן. עס איז אָבער געווען נישט דאָס... נאָך מער: ער, עלקינס, האָט זײַנע אייגענע צוויי זין און, אַז מען דאַרף נייטיק אַ טשוואָק, מוז מען אַרומזוכן אין אַלע קאַמערן און מען געפֿינט נישט. מען ווייס, אַז עס זײַנען ערגעץ דאָ טשוועקעס, אָבער מען קען זיי נישט געפֿינען.

— און בײַ דעם ייִדן גאָלדענבאַרג שײַנט אַלץ. און אַ יעדע זאַך האָט איר פּלאַץ! — טראַכט עלקינס מיט פֿאַרדראָס.

אַ פּאָר יאָר נאָך גאָלדענבאַרגס באַזעצן זיך דאָ אין דאַקאָטאַ איז זײַן גוטע, פֿרומע ווײַב בײַ אים אַוועקגעשטאָרבן און ער איז גע־בליבן מיט זײַנע צוויי בחורים: דער עלטערער, הענריק, איז פֿון דעמאָלט פֿאַרבליבן דער הויזמענטש, דער קיכמענטש; דער צוויי־טער, יאָהאַן — אַ פֿרײַער פֿויגל — נישט אין הויז און נישט אין פֿעלד. תמיד לויפֿט ער אַרום אויפֿן פֿערדל און דער טײַוול ווייס אים, ווו ער גיט־אַוועק זײַנע טעג...

דער אַלטער עלקינס גיט זיך שטענדיק אָפּ מיט זײַן פֿעלדאַרבעט און ער ווייס, אַז אַהיימקומענדיק וועט ער שוין געפֿינען פֿאַרטיק זײַן מאָלצײַט. הענריק איז אַ גוט קינד... ער קאָכט פֿאַר אים אָן אַ

סך בולבעס מיט חזיר־שמאַלץ און יאָהאַן העלפֿט אים בלויז, ווען נישט ווען אין פֿעלד. צו די חזירים אין שטאַל לאָזט דער אַל־טער עלקינס יאָהאַנען נישט צו, ווײַל ער בריקעט זיי אין בויך אַרײַן. און אַז אָך־און־וויי איז צו דער אַרבעט, וואָס יאָהאַן טוט שוין אַ מאָל אין פֿעלד! ס׳פֿערדל מוז שטענדיק שטיין אָנגעגרייט מיטן זאָטל און וואַרטן אויף אים בײַם וועג. דאָס קאַפּעליושל טראָגט ער אויף אַ זײַט און תּמיד טוט ער זײַן אַרבעט אין הענטשקעס.

דער אַלטער עלקינס קען נישט צוקוקן אַזאַ אַרבעט.

נאָך פֿון זײַן אַלטער היימאַט איז ער געוווינט אַרויסצובאַקומען דאָס שטיקל ברויט מיט די הוילע פֿאַרשטייגערטע הענט. און דאָ, אויף די ברייטע און ווײַטע פּרייריס, קאָן ער זיך נישט צוגעוווינען צו אַנדערע וועגן.

ער, עלקינס, האָט מאַשינען... ער גייט וואָס מערער צו פֿוס, אַפֿילו נאָכן אַקעראײַזן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צו פֿאָרן מיט אים.

און אין פֿרילינג — יאָהאַן באַשליסט זיך אַרויסצוהעלפֿן זײַן פֿאָטער. ער שפּאַנט־אײַן זייערע פֿיר פֿערציראַנער פֿערד אין דעם באַרעדלטן אַקער, וועלכער שנײַדט דרײַ פֿאַכן מיט איין גאַנג, און ער לאָזט גיין די פֿערד געלאַסן און גלײַך מיט דער גאַנצער לענג פֿון פֿעלד. ער זיצט זיך אויפֿן זיץ, און שטיל און רויִק קוקט צום פֿאָרנט, אַז דער דישל זאָל זײַן אין אַ גלײַכער ליניע מיט דעם מיטלסטן פֿאַך[7] פֿון דער נאָר וואָס איבערגעקערטער ערד. שטעלט זיך בײַם זוים פֿון פֿעלד דער אַלטער עלקינס און באַקוקט זײַן יאָ־האַנען, וואָס זיצט זיך מיט דעם ברייטברימיקן ווײַסן קאַפּעליוש, און אין האַרץ בײַ אים פֿלאַקערט־אויף אַ פֿאַרדראָס צו דעם טײַוול, וואָס האָט די מאַשינען אויסגעטראַכט.

ער האַסט זיי, די מאַשינען... און הער גאָלדענבאַרג האָט זיי ליב...

יאָהאַן האָט אויך ליב מאַשינען. „ווי ער זיצט זיך אויף דעם

---

[7] שיכט, פּלאַסט.

אַקער — דאָס רייצט ער זיך מיט מיר, דער טײַוול!"... אַזוי טראַכטנדיק, איז זיך דער אַלטער עלקינס אָנגעקומען ביז צום זוים פֿון זײַן פֿעלד, איבער וועלכן זײַן זון, יאָהאַן, האָט טאַקע גראָד איצט מיטן אַקער געשניטן לאַנגע, שוואַרצע פּאַסן. אָט איז אַ מעסער פֿון אַקער אָפּגעשפּרונגען פֿון דער ערד. יאָהאַן ערגערט זיך נישט. אַרויסגעשטויסן — און פֿאַרפֿאַלן... לויפֿט ער, דער אַלטער, אַנטקעגן. זײַן האַרץ זידט מיט האַס. און ער צעשרײַט זיך אויף יאָהאַנען:

— זיצט זיך ווי אַ קייסער אויף זײַן טראָן!...

און ער כאַפּט־אַרויס פֿון יאָהאַנען די לייצעס. זײַן זון שפּרינגט־אַרונטער פֿון אַקערזיץ. דער אַלטער עלקינס פֿאַרגינט זיך נישט צו זיצן, נאָר ער נעמט טרײַבן די פֿערד מיט האַסט און שפּרײַזט פֿון הינטער דעם אַקער.

און די פֿערד ווייסן נישט וואָס פֿריִער צו טאָן: צי זאָלן זיי גיין פֿאָרויס, צי זאָלן זיי דאָ אַ דריי טאָן אויף צוריק.

יאָהאַן באַמערקט עס און טוט אַ שמייכל.

— דער אַלטער שטופּט דעם אַקער מיט זײַן ברוסט!...

און ער רופֿט זײַן אָנגעזאָטלט פֿערדל צו זיך. דאָס פֿערדל קומט צו לויפֿן. ער כאַפּט זיך אַרויף אין זאָטל אַרײַן און פֿליט־אַוועק מיט אַ סקאָסנער ליניע צום וועג און אַ זײַל פֿון שטויב בלײַבט הינטער אים.

דער אַלטער האָט געענדיקט דעם וועג, אַרונטערגעגאַנגען נאָך אַ מאָל צוויי און צוריקגעקומען צום ברעג, ווו דער וואָגן איז געשטאַנען. ער האָט אַ קוק געטאָן צו דער זון.

— שוין צײַט!

ער הייבט־אַרויס די אַקער־מעסערס פֿון דער ערד זייער הויך און פֿאָרט־צו ביז דעם וואָגן, וואָס שטייט אין אַ זײַט פֿון פֿעלד, נעמט־אַרונטער די צוימען פֿון די פֿערד, און בײַם אויפֿבינדן די לייצעס שעלט ער זײַן זון יאָהאַן, וועלכער מאַכט זײַנע אייגענע קניפּן...

נאָך דעם בלײַבט דער אַלטער שטיין אַ ווײַלע, קוקט מיט זײַנע פֿאַרגאָסענע גרויע אייגעלעך אויף דעם דרײַפֿאַכיקן אַקער, וועלכער

איז אויסגעגאָסן פֿון שטאָל. אים קומט־אַרויף אויפֿן געדאַנק דער אַקער ביי זיין פֿאָטער אין דער אַלטער היים. געמאַכט איז ער גע־ווען פֿון האָלץ און נאָר אַ שטיקעלע אייזן ביים שפּיץ פֿון מעסער. עס איז געווען לייכט, אי פֿאַר דער בהמה, אי פֿאַרן מענטשן. היינט האָבן די טייוואָלים אויסגעטראַכט אַ מאַשין, וועלכע פֿיר פֿערד שלעפּן שווערלעך, און דו זיצסט זיך אויפֿן זיץ ווי אַ קייסער...

און זיין זונדל, יאָהאַן, רעדט אים נאָך צו, אַז ער זאָל קויפֿן אַ גאַזאָלין־מאַשין מיט צען אַקער־מעסערס. ניין, דאָס פֿועלט ער ביי אים נישט. דאַן וועלן אי דער מענטש, אי די בהמה נישט האָבן וואָס צו טאָן... דער טייוול וועט שוין פֿאַרזאָרגן אַלץ... אָבער גענוג. היינט האָט ער דעם יידן אָפּגעצאָלט די לעצטע שולדן; מער וויל ער מיט אים נישט האָבן צו טאָן. נאַ דיר נאָך אַ נייע זאַך — אַלפֿאַלפֿאַ! ניין. גענוג מיט די טייוולשע אויסטראַכטונגען!

— ווער ווייס, וווּ מען וועט אונדז נאָך אַוועקשלעפּן...

צו ערשט, ווען דער ייִד גאָלדענבאַרג איז אַרונטערגעקומען אין דער ווייטער וועסט, פֿלעגט ער אים זייער אַכטן. אים העלפֿן מיט ראָט און טאָט. דער ייִד האָט אים צוריק אָפּגעדינט. מען איז געווען שכנים און ער איז אַ געזונטער אַרבעטער, דער דאָזיקער ייִד... אָט זיינען דאָרט זיינע פֿעלדער מיט ברויטן און פֿאַרזייטע גראָזן — דער ייִד איז אַ ווירט!

אָבער פֿאָרט אַרונטער פֿון וועגן... האָט שוין פֿליי אין דער נאָז — אַלפֿאַלפֿאַ!...

און מאַכט די יונגע שנעקעס אונדזערע פֿאַר טויגעניכטסן...

— ז —

יאָהאַן עלקינס פֿלעגט אַ מאָל, אין אַ שבת, הער גאָלדענבאַרגס רוטאָג, קומען צו רייטן, איבערלאָזן זיין פֿערדל פֿאַרן הויז און אָפּ־זיצן מיט דעם ייִדן לאַנג.

ער פֿלעגט זיך דאָרט גוט אָנלייענען אין די זשורנאַלן און צײַ־

טונגען, וועלכע דער ייִד פֿלעגט האָבן פֿון פֿאַרשיידענע ערטער. נאָך דעם אַהיימקומען און תּמיד עפּעס נײַס ברענגען זײַן פֿאָטער.

— פֿוילענצערס, ווי דו, האָבן נישט וואָס צו טאָן און טראַכטן־אויס נײַקייטן... — פֿלעגט דער אַלטער עלקינס אויסהערן און זיך בייזערן.

אָדער ער פֿלעגט אַזוי זאָגן צו יאָהאַנען:

— האָסט זיך שוין ווײַטער מיט עפּעס אָנגעשמעקט בײַם ייִדן...

און דאָס וואָרט ייִדן האָט ער געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, אַז עס האָט געהייסן:

— מײַן פֿאָטער האָט דעם ייִדן נישט ליב געהאַט און איך האָב אים נישט ליב, און דו דאַרפֿסט אים נישט ליב האָבן...

יאָהאַן פֿלעגט אָבער, נישט געקוקט אויף זײַן פֿאָטער, נישט נאָר לייענען די זשורנאַלן, נאָר אויך שמועסן און פֿאַרברענגען בײַ הער גאָלדענבאַרגן אין הויז.

דער לעצטער האָט אים כּמעט ליב געהאַט, דעם קלוגן יאָהאַנען מיט זײַנע בלויע אויגן.

און ווען הער גאָלדענבאַרג האָט דאָס ערשטע מאָל זיך אײַנגעקויפֿט אַ שנײַדמאַשין מיט אַ בינדער־קאָמבינאַציע, האָט ער יאָהאַנען אַרויסגעפֿירט און אים געוויזן די מאַשין, און אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, ווי די וואַלצן קײַקלען־אַרײַן די שטרויעלעך און ווי אײַנגעוויינִיק זײַנען דאָ צוויי שטאָלענע הענט, וואָס כאַפּן־אָרום די שטרויעלעך און מאַכן פֿון זיי אַ בינטל, און ווי דאַן קומט־אַרויס פֿון אַ פּלאַץ די נאָדל מיטן שטריקעלע און פֿאַרבינדט עס פּונקט אין דער מיט, און ווי אַזוי נאָך דעם פֿאַלט־אַרויס אַ שטאַרקער סנאָפּ צו דער ערד.

יאָהאַן פֿלעגט צעעפֿענען זײַן מויל און שלינגען גאָלדענבאַרגס ווערטער און אים נאָך מער ליב באַקומען, און זיך פֿאַרשאָלטן, פֿאַר וואָס גאָט האָט אים ניט אַרונטערגעשיקט פֿאַר אַ זון צו אַזאַ מאַן ווי הער גאָלדענבאַרג.

— מיט אײַך וואָלט איך אויסגעקומען... — פֿלעגט יאָהאַן

שמייכלען צו גאָלדענבאַרגן — וואָס ביי מײַן פֿאָטער גייט־אַוועק און עס ווערט צערונען, וואָלט אַן אַנדערער דערפֿון רײַך געוואָרן!

— עך, עך, ווען איך האָב ברודערל, אַזאַ זון!...

און ווען דבֿורה איז אַרונטערגעבראַכט געוואָרן, פֿלעגט יאָהאַן קומען צו רײַטן אָפּטער.

און צוליב דבֿורהן, און צוליב זײַן ריטערלעכקייט, פֿלעגט ער אָפּט אַ העלף טאָן גאָלדענבאַרגן. און פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט גאָר ביי יאָהאַנען געהאַט גרויסע פּריווילעגיעס.

און ער האָט זיך געשעצט הימל הויך, אַז אין זײַן אָנוועזנהייט פֿלעגט דבֿורה וועלן נעמען די עמערס און גיין צום ברונעם נאָך וואַסער. ער פֿלעגט דאַן זיך אַ כאַפּ טאָן און אַרײַנברענגען צוויי פֿולע עמערס מיט וואַסער, מיט אַ הייליקער תּמימות אויף זײַן פּנים.

און יאָהאַן האָט געלויבט גאָט, וואָס ער האָט זיך דערלעבט אַ זכות, אַז דבֿורה זאָל צו אים אַ וואָרט אויסריידן. זי פֿלעגט אים גרויסשטעטיש דאַנקען פֿאַרן גאַנג.

און זי פֿלעגט אַ מאָל דערציילן פֿון שטאָטזאַכן, אַפֿילו נישט דירעקט אים אַליין, נאָר אויך צו פֿרוי גאָלדענבאַרג. ער אָבער פֿלעגט דערביי הערן, ווי דבֿורה רעדט פֿון שטאָט. און דבֿורה האָט געהאַט אַ סך זאַכן פֿון שטאָט צו דערציילן. און ער פֿלעגט הערן און טרוימען צו זײַן אַ מאָל אין דער דאָזיקער גרויסער שטאָט:

— אין דער גרויסער שטאָט טרעפֿט, אַז פֿיר מיידלעך שפּאַצירן מיט איין בחור...

דערווײַל איז געווען אין דבֿורהס ביינער אַזוי פֿיל פֿון גרויסער שטאָט, אַז דער ריטערלעכער יאָהאַן וואָלט פֿון אירן אַ ווונק צו דער זון און הימל אַרויפֿגעריטן...

— ח —

צוריק מיט צוואַנציק יאָר איז הער גאָלדענבאַרג אַ יונגער און מיט לייִדיקע הענט געקומען אין דער ווײַטער וועסט. זײַן יונג ווײַבל, רחל, האָט ער געלאָזן אין דער גרויסער שטאָט.

זי האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך נעמען צײַט און, ווען ער וועט שרײַבן, אַז ער האָט געפֿונען דאָס, וואָס איז גוט, וועט זי אויך אַרויסקומען.

געקומען איז ער אין די דאַקאָטאַס [8] און האָט זיך אויסגעקליבן אַ האָמסטעד [9], וואָס איז באַשטאַנען פֿון הונדערט און זעכציק אַקער לאַנד, אויף וועלכע קיין מענטש האָט נאָך נישט פֿון אוראַלטע יאָרן זײַן פֿוס געשטעלט. ער האָט זיך אויסגעקליבן דאָס שטיק לאַנד מחמת פֿילע טעמים: ערשטנס, האָט זיך עס געצויגן איבער אַ ברייטער פֿלאַך און צו צפֿון־זײַט איז געשטאַנען אַ הויכער, ברייטער בערגל. צווייטנס, איז אין דער מיט פֿון דעם לאַנד אַ טײַכל געפֿלאָסן. און, דריטנס, איז טאַקע דאָס לאַנד אַ פֿעטע און מיט טיפֿע גראָזן... און נאָך און נאָך טעמים אָן אַ שיעור. און ער האָט עס ליב באַקומען.

און איינער אַליין איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די ברייטע שטחים און געטראַכט, און געמאַכט זײַנע פּלענער. אָט איז בײַ אים געבליבן צו בויען דאָס הויז בײַם טײַכל, איז אָבער געקומען אַן אַנדער פּלאַן, אַז עס וואָלט בעסער געווען אַוועקצושטעלן דאָס הויז בײַם פֿוס פֿון בערגל. וואַסער וועט שוין זײַן. און דערפֿאַר וועט עס וואַרעמער זײַן ווינטער, פֿאַרשטעלט פֿון די ווינטן.

און אין יענעם טאָג, וואָס מען האָט אים די פּאַפּירן אין רעגירונגס־שטיבל געגעבן צום אונטערשרײַבן און אים אָנגעזאָגט פֿון די פֿאָדערונגען: אַז ערשטנס זאָל ער בויען אַ הויז, און צווייטנס — גראָבן אַ ברונעם, און דריטנס — צו אַקערן פֿינף אַקער לאַנד און זיי מיט עפּעס פֿאַרזייען, און פֿערטנס, וואָס דאָס איז דאָס וויכטיקסטע — ער זאָל זיך אויף דער ערד אַליין באַזעצן און עס מאַכן פֿאַר זײַן אייגענע היים — האָט גאָלדענבאַרג צו אַלץ געשאָקלט מיט זײַן קאָפּ און געשוויגן.

---

[8] פֿאַראַן צוויי שטאַטן פֿון מערב מיטן נאָמען דאַקאָטאַ. — [9] פֿעדעראַל געזעץ וועגן שענקען ערד די מענטשן וואָס ווילן זיך דאָרט באַזעצן און זי באַאַרבעטן.

ער האָט נישט געקאָנט זאָגן דאָס, וואָס עס האָט זיך אים גע־וואָלט זאָגן פון זײַן טיפן האַרץ אַרויס. נאָר שטום האָט ער די פּאַפּירן געחתמעט.

ער האָט באַלד זײַן רחלען געשריבן קורץ און פריילעך: „טײַערע רחלע, אַ גוט שטיק לאַנד גענומען... גרייט זיך אין וועג. איך נעם זיך שוין בויען"...

און אַזוי ווי ער האָט עס נאָר אַוועקגעשריבן זײַן ליבער פרוי, האָט ער שוין זיך דערפילט אויף דער נאַקעטער פּריירי ווי אין דער היים.

ער איז אַוועק צום דעם נאָענטסטן שכן, הער עלקינס, וועלכער האָט שוין דאָן געהאַט צוויי פערד און אַ גוטע ווירטשאַפט, און זיך מיט אים באַקענט.

— וואָס קען איך טאָן פאַר אײַך? — האָט יענער היימלעך געפרעגט.

— איך וויל אַפריער טאָן פאַר אײַך אַן אַרבעט און דאָן זאָלט איר מיר צוריק אָפּהעלפן... — האָט גאָלדענבאַרג געענטפערט.

עלקינס האָט זיך באַליידיקט:

— בײַ אונדז גייט עס אַנדערש... מען רעכנט זיך נישט. נאָר וואָס איר דאַרפט, וועל איך מיט פאַרגעניגן טאָן פאַר אײַך. און אַז איכ'ל דאַרפן, וועט איר, גלייב איך, אויך טאָן עפּעס.

— איך וועל, איך וועל... — האָט גאָלדענבאַרג געמורמלט, און נישט פאַרשטאַנען דעם חילוק.

און צו ערשט איז עלקינס מיט אים געפאָרן אין שטעטל אַרײַן און זיי האָבן געבראַכט אַ פולן וואָגן מיט ברעטער, און שינדלען, און אַנדערע נייטיקע מאַטעריאַלן.

און גאָלדענבאַרג האָט שוין געמוזט נעכטיקן און קעסט עסן בײַ עלקינסן. פרוי עלקינס האָט נאָך דאָן געלעבט און זי האָט צו־ליב דעם נײַעם שכן אַן עוף געהרגעט און פאַר אים געבראָטן פלייש מיט בולבעס.

— זײַט איר דאָך אַ דזשו און איר טאָרט נישט עסן קײן חזיר...
— האָט זי פֿילבאַדײַטנדיק געזאָגט.

אויף דעם דריטן טאָג איז הער עלקינס אַרויסגעפֿאָרן מיט זײַן אַקער און פֿערד, און פֿאַר גאָלדענבאַרגן צעאַקערט אַ שטח לאַנד. ער האָט עס געטאָן אַ פּאָר טעג נאָך אַנאַנד, ביז ער האָט צעאַקערט אַן ערך פֿון פֿינף אַקער ערד.

דערווײַל האָט דער ייִד גאָלדענבאַרג מיט זײַן אײַנגעקויפֿטער האַק ערגעץ אין אַ טיפֿן טאָל ווערבעס אָנגעהאַקט און זיי געבראַכט צו טראָגן אויף זײַנע אַקסלען און זיי אַוועקגעלייגט אין אַ שטויס נאָענט פֿון דעם פּלאַץ, וווּ ער האָט געוואָלט בויען דאָס הויז. און אַז ער האָט געהאַט אַ סך קלעצלעך, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און זיי צעהאַקט אין קליינע שטיקלעך שפּענדלעך.

און עלקינס איז מיט אים ווײַטער אַוועק אין שטעטל. און זיי האָבן געבראַכט אַ וואָגן מיט בולבעס־זריעה. עס איז נאָך נישט געווען שפּעט צו פֿאַרזעצן קאַרטאָפֿל.

און עס האָט באַלד אָנגעהויבן צו גיין זײַן נאָמען פֿון איין מויל צו אַ צווייטן.

פֿלעגט אַ שכן אַדורכפֿאָרן און זען די קופּקע מיט די שפּענער, וועלכע האָט זיך געוויזן פֿון ווײַטנס, און דאָס צעאַקערטע שטיק לאַנד, פֿלעגט ער עס דערציילן אין שטעטל.

און אַז מ׳האָט די בולבעס פֿאַרזעצט, האָט עס גאָלדענבאַרג געטאָן מיט גרויס כּוונה און פֿלײַסיק די צעשניטענע שטיקער זריעה געלייגט מיט דער שאָלעכץ אַרויף.

דאָס און דער וועג, ווי ער האָט עס געטאָן, איז עלקינסן שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. און ער האָט עס דערציילט פֿאַר שכנים און אין שטעטל.

און שפּעטער מיט אַ וואָך, נאָך איידער די בולבעס האָבן באַוויזן אָנצוהייבן אַרויסצוקומען פֿון דער ערד, האָט אים עלקינס געהאָלפֿן אויפֿשטעלן די ערשטע פֿאָרמען פֿון דעם הויז.

גאָלדענבאַרג איז דעמאָלט צוגעפֿאַלן צו עלקינס הענט און זיי

גענומען קושן און אַליין נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן דעם „גוי“, וועלכער האָט אים אַזוי פֿיל אַרויסגעהאָלפֿן.

און עס איז אַוועק זײַן אַרבעט מיט אַ סדר.

מיט זונאויפֿגאַנג פֿלעגט ער אָנהייבן בויען דאָס הויז. איינער אַליין האָט ער עס געבויט. און מיט זונאונטערגאַנג האָט ער די אַרבעט פֿון הויז אַוועקגעלייגט און זיך אַ נעם געטאָן צו די בולבעס, וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן אַרויסקריכן פֿון דער ערד אַרויס, מיט צווייגן און מיט פֿיר בלעטלעך, און זיי גערייניקט קעגן לבֿנה־שײַן פֿון די יונגע קרײַטעכער.

האָט מען עס דערציילט אין שטעטל און דער ייִד האָט באַקומען אַ נאָמען אַ גוטן, און מען האָט אים שוין געשאַצט אין גרויסע געלטן, און מיט אַ גוטער היים.

און העט שפּעטער, ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דעם הויז, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ פֿיר־עקעדיקן צימער מיט אַ קליינער קיך און אַן אויוון פֿון שטיינער, און אַז ער האָט שוין אויסגעגראָבן דעם ברונעם און אים קײַלעכיק אויסגעלייגט מיט שטיינער, אַז די שכנים זײַנען געקומען קוקן אויפֿן וווּנדער, האָט גאָלדענבאַרג געשיקט נאָך זײַן פֿרוי.

*

דעם ערשטן טאָג, וואָס הער גאָלדענבאַרג האָט זײַן פֿרוי אין דער ווײַטער וועסט אַראָפּגעבראַכט, האָט ער זי אַרומגעפֿירט איבער די פֿלאַכן און בערגלעך, און בערג, און טאָלן פֿון זייער נײַער היים.

און לאַנג זײַנען זיי געשטאַנען בײַם פֿעלד פֿון בולבעס. רחל האָט זיך נישט געקענט אָפּרײַסן פֿון דער זויבערקייט, וואָס איז געווען צעשפּרייט איבער די רייען מיט די הויכע און ברייט צעוואַקסענע שטאַמען פֿון די טונקל־גרינע בולבע־פֿלאַנצן.

און אַז זי איז דאַרשטיק געוואָרן פֿון אַרומגיין, האָט ער זי אַוועקגעפֿירט צו דעם ברונעם און אַן עמער וואַסער פֿאַר איר אַרויס־

געצויגן. זי האָט געטרונקען און זיך אָפּגערוקט, און ווײַטער געטרונ־קען און געקוויקט זיך אין טיפֿעניש פֿון איר האַרץ.

און אַז זיי זײַנען נאָך דעם אַרויף אויף אַ הויכן באַרג און אַ קוק געטאָן פֿון דאָרטן אויף דעם אַלעם, וואָס האָט געהייסן זייערס און וואָס הער גאָלדענבאַרג האָט מיט די הויזע הענט אין אַזאַ קור־צער צײַט אויפֿגעטאָן, האָט זיך רחל דערפֿילט, ווי זי וואָלט פֿון אַן אָרעמער שטוב אַרויסגעגנבֿעט געוואָרן און פֿון אַ בן־מלך אין זײַן פּאַלאַץ אַרײַנגעבראַכט געוואָרן.

צו אָוונט־צו זײַנען די שכנים פֿון דעם נאָענטן אַרום־און־אַרום זיך צוזאַמענגעקומען.

זי האָט דערפֿילט, אַז עס זײַנען קיין אַנדערע יידן צווישן זיי נישטאָ. זי איז דאָ די איינציקע יידישע טאָכטער... און אַ צער האָט לײַכט אין איר האַרץ אָנגעקלאַפּט...

זי איז נאָך דעמאָלט גאָר יונג געווען.

גאָלדענבאַרג האָט מיט איר חתונה געהאַט אין ניו־יאָרק, ווי זי איז געווען — „אַ קליין קלײנדל", דערפֿאַר וואָס זי איז שיין גע־ווען און כמעט אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע.

און דאָך האָט זי, זײַענדיק אַליין אַ שטיק „יענקי", זיך געפֿילט אַ ביסל אומהיימלעך צווישן דעם געמישעכץ פֿון די שכנים.

יענע האָבן עס גאָר נישט באַמערקט. מען האָט איר אין גיכן און אויף דעם ווײַבערישן שטייגער דערציילט פֿון די געוווינהייטן און פּירעכצן אין דער ווײַטער וועסט.

רחל האָט אַלץ אויסגעהערט און באַשיידן דאָ אַ שמייכל געטאָן און בײַ אַן אַנדער געלעגנהייט זיך געוווּנדערט.

ווײַט איז יענע לאַנד און ברייט, נאָר אַז איינער פֿאָרט אין שטעטל אַרײַן, פֿוילט ער זיך נישט אָפּצושטעלן בײַ אַ שכנס הויז און אָנקלאַפּן אין טיר, און די פֿרוי פֿון הויז קומט־אַרויס און מען דערציילט איר, וואָס עס האָט געטראָפֿן דאָ און דאָרט. און אַזוי ווערט עס איבערדערציילט פֿון הויז צו הויז, און זייער גיך.

דאָס אָנקומען פֿון פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך צעטראָגן זייער

שנעל איבער דער פּריירי און עס האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין גאָלדענבאַרגס פֿולקאָמען דערפֿאָלג.

הער גאָלדענבאַרג האָט אין גיכן געקויפֿט צוויי פֿערד און אַ לאַנגן, גרינעם וואָגן, און אַ שנײַדמאַשין, און נאָך און נאָך — דאָס אַלץ האָט מען אים געבעטן צו נעמען אויף באָרג.

און האָט ער דאָך געהאַט בטחון צו באַצאָלן, האָט ער גענומען דאָס, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט.

דאָס ערשטע האָט ער זײַן אייגענע היי געשניטן. דאָס גראָז איז געווען טיף ביז דעם האַלדז אַרײַן. טויזנטער יאָרן, אַז דאָס לאַנד איז געשטאַנען און עס איז יאָר־אײַן, יאָר־אויס געוואַקסן פֿון זיך אַליין. דער לאַנגער ווינטער מיט די טיפֿע שנייען פֿלעגט עס אַוועקלייגן און עס האָט געפֿוילט, און די ערד איז פֿעטער געוואָרן און וואָס אַ יאָר בעסערע גראָזן אַרויסגעגעבן. האָט זיי הער גאָלדענבאַרג געשניטן און זײַן פֿרוי איז נאָכגעגאַנגען פֿון הינטן מיט אַ הילצערנעם גאָפּל. און פֿון ווײַלע צו ווײַלע, אַז די מאַשין האָט זיך פֿאַרשטאָפּט פֿון די טיפֿע גראָזן, האָט זי באַדאַרפֿט מיטן גאָפּל עס אויסרייניקן. און אַז עס איז געקומען צו מאַכן די סטויגן און אַרײַנפֿירן דאָס היי צום סטויג, האָט פֿרוי גאָלדענבאַרג אַ רויט טיכל אַרום האַלדז אָנגעבונדן, אַ ברייט־ברימיקן שטרויהוט אָנגעטאָן און איז אַרויס צו העלפֿן איר מאַן. זי איז געשטאַנען אין וואָגן און ער האָט דערלאַנגט פֿון קופּקע. דערבײַ האָט זי באַמערקט: אַז בשעת ער נעמט אַ גאָפּל היי, דאַכט זיך איר, אַז עס וואָלט בעסער געווען, ווען ער זאָל טאָן ווי די פֿרוי טוט בשעת זי פֿאַרקעמט אירע לאַנגע האָר: אַ פֿריִער זאָל ער אַרומנעמען מיטן גאָפּל פֿון אַלע זײַטן די צעפֿאַלענע עקן פֿון דעם היי און זיי צוזאַמענברענגען אין דער מיט פֿון קופּקעלע, און דאַן וועט ער קענען אַרויפֿנעמען דאָס גאַנצע קופּקעלע און איין הייזאַנג וועט נישט גיין פֿאַרלוירן.

גאָלדענבאַרגן איז דאָס שטאַרק געפֿעלן געוואָרן און, שמייכלענדיק פֿון דעם ווײַבערשן אײַנפֿאַל, פֿלעגט ער אַ נעם טאָן מיט זײַן גאָפּל די קופּקע היי און עס אַ הייב טאָן אין דער הויך, איבערן

זוים פֿון וואָגן, און מיט איטלעכן הייב פֿלעגט ביי אים אַרויס אַ מאָדנער קלאַנג פֿון צווישן זיינע ליפּן.

און ביים סטויג פֿלעגן זיי זיך בייטן. זי פֿלעגט שטיין אין וואָגן מיטן היי און אים דערלאַנגען צום סטויג. גאָלדענבאַרג פֿלעגט עס אַ כאַפּ טאָן פֿון איר גאָפּל און געשיקט אַוועקלייגן איטלעכן בונט היי אויף אַן אַנדער אָרט. דערביי האָט ער באַמערקט: אַז דער וואָס דערלאַנגט היי צום סטויג באַדאַרף אין זינען האָבן, אַז זיין גאָפּל זאָל תּמיד פֿאַלן מיט די ציינער אַרונטער, בכּדי דאָס היי זאָל גרינ־גער אַראָפּ.

זי האָט שוין פֿאַרטיק געהאַט אַ ווערטל:

— וואָס צו מענער און וואָס צו ווייבער.

גאָלדענבאַרג האָט די סטויגן געבויט מיט דער לאַנגער זייט צו דעם הויז, עס זאָל דאָס הויז פֿאַרשטעלן פֿון די ווינטערדיקע צפֿון־ווינטן. צוגעדעקט האָט ער זיי מיט אַ שמאָלן, שאַרפֿן, משופּע־דיקן שפּיץ, דער רעגן זאָל אַרונטעררינען גיכער און דאָס היי זאָל נישט פֿוילן.

עס איז געלעגן גאָטס ברכה אין דעם היי און אַזוי אויך אין דעם פֿעלד פֿון בולבעס. פֿון יעדער ריי בולבעס האָבן זיי אויסגע־גראָבן צען זעקלעך.

און עס איז געקומען צו פֿאָרן אַ סוחר, און אַז ער האָט דער־הערט, אַז גאָלדענבאַרג האָט טויזנט זעקלעך בולבעס האָט ער אָנ־געבאָטן אַ דאָלער פֿאַר אַ זעקל אויפֿן אָרט.

גאָלדענבאַרג האָט פֿאַרקויפֿט, און דאָס געלט אין באַנק אַריין, אין שטעטל, אַוועקגעפֿירט.

דאָס שטעטל האָט זיך געוויגט.

דאָס ערשטע האָט ער באַצאָלט אַלע זיינע חובֿות און האָט אָנגעהויבן צו בויען אַ שטאַל פֿאַר זיינע פֿערד. און געקויפֿט אַ קו, עס זאָל זיין אַ גלאָז מילך אין הויז.

און אַזוי איז דאָס אַוועק יאָר־איין, יאָר־אויס.

און אַז גאָלדענבאַרג האָט זיך אַרומגעקוקט, און האָט גע־

זען, אַז עס איז נאָך דאָ גענוג פֿרײַ לאַנד אַרום־און־אַרום, האָט ער אויסגעקליבן אַן אַנדערן שטח לאַנד, וואָס גרענעצט זיך מיט זײַנעם, און פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך געחתמעט אויף די רעגי־רונגס־פּאַפּירן, אַז זי וויל עס פֿאַר אַ היים פֿון אירט וועגן.

אַלע האָבן זיך אַזוי נוהג געווען — פֿאַר וואָס זאָל ער זײַן אַן אויסנאַם?

און מען האָט איר געגעבן דאָס דאָזיקע שטח לאַנד, נאָך די געזעצן פֿון יענער געגנט. און זייער ערד איז פֿאַרדאָפּלט געוואָרן.

נאָך דעם איז פֿון יענעם שטאַט געקומען אַ רעגירונגס־מענטש און צוזאַמענגענומען אַלע לאַנד־באַזיצערס אויף אַן אַסיפֿה און זיי מודיע געווען, אַז: „ווער עס וועט אויף זײַן לאַנד אַן אַקער ערד מיט ביימער פֿאַרפֿלאַנצן, מעג זײַן פֿרוכט, מעג זײַן פּשוטע וואַלדביימער, דעם מענטשן וועט די רעגירונג שענקען נאָך אַ מאָל אַזוי פֿיל לאַנד, וויפֿל ער באַזיצט".

ווער האָט נישט געפֿלאַנצט קיין ביימער?

גאָלדענבאַרג האָט אין נאָרד־וועסט־ווינקל פֿון זײַן לאַנד־גרענעץ געפֿלאַנצט עטלעכע רייען מיט מייפּל־[10]־ביימער און זײַן לאַנד האָט זיך דערווײַל נאָך אַ מאָל געדאָפּלט און טאַקע דערפֿאַר איז זײַן רעמענענט[11] גרעסער געוואָרן און ער האָט שוין אַליין נישט גע־קענט פֿאַרטיק ווערן און באַדאַרפֿט האָבן אַן אַרויסהעלפֿער.

פֿלעגט ער ברענגען פֿון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק אַ יונג, אַ שטאַרקן, און אַ ייִדן, ווײַל אויף אַ גוייִשן יונג קען מען זיך נישט פֿאַרלאָזן, אַז ער „צעטרינקט" זיך... האָבן זיך אָבער די ייִדישע יונגען נישט געהאַלטן לאַנג: אָפּגעווען אַ יאָר, פֿאַרבענקט זיך צוריק אין שטאָט און איז אַוועק.

ביז גאָט האָט פֿאַר אים צוגעשיקט דעם בחור אײַזיק, וועלכער אַרבעט מיט אַן ערלעכן פֿלײַס, און ווי אַן אייגענער.

---

[10] ביימער מיט הויכע, ברייטע צווייגן, מיט זאַפט ווי האָניק, סיראָפּ. — [11] פעלד־באַלעבאַטישקייט.

— ט —

אויף דעם באַשטימטן הויכן באַרג איז דער פֿערדיונג געשטאַנען און געוואַרט אויף דבֿורהן. די זון איז שוין געווען איבער זײַן קאָפּ, און געשיקט גלײַכע שטראַלן איבער פֿעלד און גראָזן.

— וואָס וועט זיין? — האָט דער פֿערדיונג אַ טראַכט געטאָן — אין הויז וועט מען דאָך נישט וויסן, וואָס צו טראַכטן וועגן אונדז. און ווו איז זי טאַקע?

ער האָט געטאָן אַ צי זײַן רײַטערל, אַ קלאַפּ געטאָן מיט זײַנע פֿיס אין די זײַטן אַרײַן און איז אַוועקגעריטן צו צפֿון־זײַט. ער איז געקומען ביז דעם דראָטענעם פּלויט און איז אַוועק מיט דער לענג פֿון צפֿון־זײַט פּלויט און אויסגעקוקט זײַנע אויגן, און אויסגעפּײַפֿט און געברומט, און קיינער האָט נישט געענטפֿערט.

— ווו זאָל זי זײַן?

עס איז אים פּלוצעם געקומען אין דער מחשבֿה, אַז דבֿורה איז אַ גרויסע שטיפֿערקע און זי האָט הײַנט מיט אים אויך געוואָלט מאַכן אַ שפּיל. זי איז אַוועק אַהיים און אים געלאָזן וואַרטן אויף דעם באַרג.

עס האָט אים באַלד אָנגעהויבן הנאה צו טאָן. ער וועט אַהיימקומען, זי וועט עס דערציילן און מען וועט לאַכן.

און ער האָט אַ דריי געטאָן זײַן רײַטערל אויף אַהיים. דאָס פֿערד האָט געוואָלט אָנהייבן צו לויפֿן אין גאַלאָפּ, האָט דער פֿערדיונג נישט געלאָזן. פּאַוואָלינקע איז ער זיך געפֿאָרן און געטראַכט וועגן דבֿורהן און זיך אַליין.

... שוין דרײַ יאָר, אַז ער אַרבעט בײַ הער גאָלדענבאַרג. עס איז אים ביז איצט געלונגען צו פֿאַרבאַהאַלטן זײַנע אינערלעכע שטרעבונגען פֿון די הויזיקע. אַלע מאָנאַט באַקומט ער זײַן געהאַלט און פֿירט עס אַוועק אין באַנק אַרײַן. זײַנע אויסגאָבן זײַנען זייער קליינע. אַפֿילו טאַבאַק באַקומט ער אויך פֿון הויז. ער האָט זיך שוין דאָ אויסגעלערנט צו רויכערן. עס איז אומעטיק, אַז דו שטייסט אין

פֿעלד אײנער אַלײן, װילט זיך רויכערן. עס אַרבעט זיך בעסער דעמאָלט.

... דרײַ יאָר, און גענוג! מערער װעט ער דאָ ניט זײַן. כאָטש ער האָט ליב די דאָזיקע אַרבעט אויף אַ פֿערדראַנדזש... און װען עס פֿלעגט קומען, אַז מען האָט באַדאַרפֿט צוימען אַ יונגע בראָנקאַ, איז דאָס געװען אַ הײליקע אַרבעט פֿאַר אים. עס האָבן זיך אָנגעצויגן זײַנע מוסקלען און זײַן ברוסט האָט זיך פֿעסט אויפֿגעהויבן. און מיט אַ פֿײַכטן גלאַנץ אין זײַנע אויגן פֿלעג ער פֿאַרװאַרפֿן דעם שלײף איבער דער בראָנקאַ, װעלכע האָט זיך נישט געלאָזן צוימען.

נאָך פֿון קינדװײַז אויף פֿלעג ער ליב האָבן פֿערד. און פֿון דעסט װעגן װעט ער זיך מיט זײ שײדן.

עס איז דאָ אומעטיק צװישן דעם געמישעכץ פֿון מענטש, פֿערד און פּרײַרי. אַז עס קומט דער שבת, װעלכער איז אויך גאָלדענבאַרגס רוטאָג, איז עס נאָר משוגע צו װערן. דער טאָג איז מוראדיק לאַנג. און דער געדאַנק, אַז דו ביסט אײנער אַלײן אין אַזאַ װײַטער און ברײטער פּרײַרי, װעלכע װײסט נישט פֿון שבת, אַנדערע האַלטן דעם זונטיק און נאָך אַנדערע װײסן נישט פֿון בײדע, דער דאָזיקער געדאַנק צעברעכט דאָס רױקע געמיט און מאַכט פּילן, אַז עס װאָלט בעסער געװען הײַנט צו טאָן די שװערסטע אַרבעטן, זיך צו פֿאַרגעסן!...

...און עס פֿאַרדריסט אויף דעם ענערגישן גאָלדענבאַרגן, װי ער לאָזט זיך נישט... ער שטײט בײַ דאָס זײַניקע, װי אַ פֿעלדז!...

...און ער האָט דען נישט דאָס רעכט אַזוי צו האַנדלען? — טראַכט ער װײַטער — אָט בין איך אַהערגעקומען מיט אַ באַשטימטן צװעק... װעט דען װער מײַן צװעק ענדערן?

ער האָט ליב דבֿורהן... װעט ער זי רופֿן מיט זיך.

זי װעט מיטגײן מיט אים קײן פּאַלעסטינע. ער איז בײַ זיך זיכער, אַז זי גײט מיט אים! ער װעט איר אײן מאָל אָנזאָגן פֿון זײַן באַגער און זי װעט איר קאָפּ מיט די װײכע האָר צו זײַן ברוסט בײגן און שװײַגן...

יאָ, ער פֿילט עס שוין פֿון דעם טאָג אָן, וואָס מען האָט דבֿורהן געבראַכט אין הויז אַרײַן. זי איז און וועט זײַן מיט אים...

...און אין דעם לאַנד פֿון איילבירטן און ווײַנשטאָקן וועלן זיי גיין. און דאָרט וועלן זיי אַ שטיק ערד קויפֿן.

און זיי וועלן דאָרט צוזאַמען אַ הויז בויען, און אַ ברונעם גראָבן, און ווײַנגאָרטן און גלײַכע רייען פֿלאַנצן אויף איינעם פֿון די סקאָסן [12], אין די פּאַלעסטינער בערג...

און אַ סך, אַ סך מוזן דאָרטן שוין זײַן, אַזוינע ווײַנגערטנער און היימען... אויב נישט, וועט ער מיט דבֿורהן זײַן די ערשטע...

אויף די פּאַלעסטינער הויכע און לאַנגע בערג וועלן זיי די ערשטע בויען אַ הויז און דבֿורה וועט דאָרטן צו אים אַ קינד געבוירן...

און נאָך דעם וועלן קומען נאָך אַנדערע יונגע פּאָרן...

און עס וועט ווערן אַ נײַע, ליכטיקע, בערגיקע וועלט... מיט ווײַנגערטנער און איילבירטן, און שאָף און רינדער...

און איבער די טאָלן פֿון דעם נײַעם לאַנד וועט רינען מילך און האָניק, אייל און ווײַן...

און אונדזערע קינדער וועלן אַרומגיין דורך די נעכט און זינגען נײַע לידער, פֿון וועלכע עס וועט שמעקן מילך, האָניק, אייל און ווײַן... און איבער די בערג וועט זייער געזאַנג ציטערן... און אין די טאָלן וועט עס נידערן און צוריק איבער דעם גאַנצן נײַעם לאַנד ווידער אויפֿקומען... און מיר, זייערע עלטערן, וועלן דאַן רוען פֿון טאָג אַרבעט אין אונדזערע היימען... און מיר וועלן אײַנגעשלעפֿערט ווערן מיט אַ זיכערן האַרטן שלאָף און אונדזערע נשמות וועלן שוועבן אין דעם נײַעם הימל אַרײַן — — —

דאָס רײַטערל האָט אויך דערפֿילט עפּעס אַ לײַכטקייט אין זײַנע ביינער און עס האָט געזומען שוועבן און וויגן זיך. באַלד זײַנען זיי שוין בײַם הויז.

---

[12] משופּעדיקע ערטער (באַרג־אַרויף).

און צוקומענדיק נענטער צום הויז, האָט דער פֿערדיונג אויף פֿריִער אַ דריי געטאָן זײַן רײַטערל צו דער שטאַל. ער איז צוגע־ריטן און אַרײַנגעקוקט דורך דער אָפֿענער ברייטער טיר.

קיטי איז נישט געווען אין שטאַל.

עס האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין האַרץ און אַלע זײַנע בלוטן זײַנען אים אַנטלאָפֿן פֿאַר שרעק.

— איז דבֿורה נאָך נישט אַהיימגעקומען?!...

און ער איז צוגעריטן צום הויז, זײַן קאָפּ נידעריק אַראָפּגעבויגן.

אין הויז איז קיינער נישט געווען.

— י —

עס איז געווען, אַז הער גאָלדענבאַרג האָט אין יענעם צאָלטאָג צוזאַמענגענומען דאָס גאַנצע געלט און איז אַוועק אין שטעטל, עס אין באַנק אַרײַנצולייגן.

זײַן פֿרוי רחל האָט אים מיטגעגעבן אַ צעטעלע, אַהיימברענגען זאַכן פֿון שטעטל, און האָט באַמערקט:

— וועסט שוין פֿאָרן קומענדיקע וואָך, רחל! — האָט גאָלדענ־באַרג געענטפֿערט — הער, אַז זיי וועלן אַהיימקומען, זאָג אײַזיקן, ער זאָל צוגרייטן די שנײַדמאַשין. מאָרגן שנײַדט ער ווייץ.

נאָך דעם ווי גאָלדענבאַרג איז אַוועקגעפֿאָרן האָט זיך די פֿרוי זײַנע, ווי זי פֿלעג עס אָנרופֿן אין איר אייגענעם לשון, דערפֿילט ווי מען וואָלט איר האַרץ פּלוצעם אָפּגעריסן:

— ווו זאָלן זיי, דבֿורה מיטן יונג, זײַן אַזוי שפּעט?

זי איז אַרויס מיט די פֿעלדגלעזער און גענומען קוקן אין אַלע ווײַטע ווײַטן, און האָט קיינעם נישט באַמערקט.

— מוזן זײַן ערגעץ בײַ די ווילדע בולווײַנשל אין דער טיפֿער קעשענע, וואָס פֿון יענער זײַט הויכן באַרג... רײַטנדיק אויף די פֿערד, קען מען די ווײַנשל קלײַבן. ער, דער פֿערדיונג, מוז זיי רײַסן פֿון די ביימלעך, זיך צעשטעכן זײַנע הענט בײַ די לאַנגע, האַרטע

נאָדלען, וואָס באַשיצן יעדע ווײַנשל. ער רײַסט די ווײַנשל און דבֿורה נאַשט פֿריילעך...

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט אַוועקגענומען די פֿעלדגלעזער פֿון די אויגן און זיך געלאָזט גיין צום ווייצפֿעלד. מאָרגן דאַרף מען די ווייץ שנײַדן, ווען זי זען דאָס פֿעלד אײדער עס איז געשניטן. די פֿעלדגלעזער זײַנען אויף אַ שוואַרצן רימען געהאַנגען פֿון איר האַלדז אַראָפּ און מיטביידע הענט פֿאַרשטעקט אין די זײַטן האָט זי אַרײַנגעשפּרײַזט אין דעם ים פֿון גרויגעלן טיפֿן ווייץ...

זי האָט געטראַכט:

... אַ ווייץ אין דער ערד און עס קומט־אַרויס אַ זאַנג מיט פֿינף און פֿערציק קערנדלעך... די האַנט פֿון גאָט איז אין אים. בײַ אַן אַנדערן איז דאָס נישט אַזוי.

אַלע אַקערן און זייען צו גלײַך מיט אונדז.

קומט דער ליבער זומער, איז בײַ אונדז דאָס גאַנצע פֿעלד געדיכט און גרין, און בײַ זיי איז עס ווי מיט פֿלעקן גרינע דאָ און דאָרט.

ווערן זיי אין כּעס אויף גאָט און צעאַקערן די פֿעלדער נאָך אַ מאָל און מען זייט אַן אַנדער ברויט.

קומט־אַרויס דער האָבער אָדער דער קאָרן און דאָס גאַנצע פֿעלד איז דורכגעמישט מיט ווילדע געלרויטע קווייטן, און מיט ווילדע ווײַסע מערן־בלומען. איז דאָס אַ נישט־גוטער פֿאַר דעם ברויט.

ווערן זיי אין כּעס, מען כאַפּט די שנײַדמאַשין און מען האַקט דאָס גאַנצע ברויט מיט די ווילדע קווייטן און בלומען גרינערהייט.

עס וועט זײַן גוטע היי — טראַכטן זיי.

שיקט גאָט אַ רעגן און עס גיסט אַ טאָג און צוויי נאָך אַנאַנד.

נאָך דעם קומען זיי אַרויס אין פֿעלד און באַטראַכטן דאָס היי: שוואַרץ ווי שטויב — קיין בהמה וועט עס נישט אַ שמעק טאָן.

און מען ווערט פֿול מיט צאָרן און מען שפּאַנט פֿערד אין אַקער. מען אַקערט נאָך אַ מאָל און מען רעדט זיך אויס דאָס האַרץ:

עס וועט זײַן גוט פֿאַר דער ערד — זי וועט פֿעטער און ווייכער ווערן...

און איבער אַ יאָר, אוי ווי און אַ קלאָג!... אַ ווייץ אין דער ערד ברענגט פֿינף און פֿערציק קערנדלעך און אַ ווילדער רעטעך אין דער ערד ברענגט מיליאָנען קײַלעכיקע האַרטע און ברוינע זוימען אין איין שטאָם...

ווערט זייער פֿעלד פֿאַרפֿלייצט יאָר־אײַן, יאָר־אויס מיט ווילדע קרײַטעכער און די ברויטן קענען זיי נישט קעגנשטיין, און מען בלײַבט ממש אָן ברויט...

און ווער איז שולדיק? האָט דען גאָט נישט געקענט אַראָפּשיקן צו זיי אַ גוטן געדאַנק?...

פֿרוי גאָלדענבאַרג דערמאָנט זיך אין דעם ערשטן פֿעלד, וואָס גאָלדענבאַרג האָט אין ווינטער ווייץ פֿאַרזייט: אַז עס איז געקומען צו פֿרילינג, איז דאָס ברויט געווען געדיכט, שיין און גרין, האָבן זיך מענטשן געוווּנדערט.

האָט ער געזאָגט:

— איך ווייס, ווי צו זייען ווינטערווייץ.

און אַז גאָלדענבאַרג האָט אַ פֿעלד מיט זומערווייץ פֿאַרזייט, אַ צווייטן מיט האָבער און אַ דריטן מיט פֿלאַקס, און אַז עס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקומען פֿון דער ערד, פֿלעגן מענטשן קומען קוקן אויף גאָטס וווּנדער.

פֿירעקעכיקע פֿעלדער אין גלײַכע שורהלעך, ווי מיט אַ ווירע אויסגעמאָסטן, און די שפּראָצונגען איינע נאָך די אַנדערע, ווי מיט דער געניטער האַנט אָנגעזעצט.

— איך ווייס, ווי מיט דער מאַשין אַרומצוגיין.

און אַז עס האָט זיך אין די ברויטן דאָ און דאָרט אַ ווילדער קרויט באַוויזן, פֿלעגט זיך זײַן פּנים פֿאַרוואָלקענען מיט אַן עיגסט. און ער פֿלעג אַרויסגיין אין פֿעלד אַרײַן, זי אויך מיטרופֿן און מיט די בלויזע הענט האָט מען די קרויטן פֿון דער ערד יונגערהייט אַרויסגעפּליקט.

זיי זאָלן נישט דערלעבן, די ווילדע קריטעכער, צו בלומענצייט...
האָט מען געלאַכט:
— דער ייִד טרעט אויף זײַנע ברויטן.
גאָלדענבאַרג האָט זײַנס געעקשנט:
— איך וועל פֿאַרטרעטן הונדערט ברויטזאַנגען, אָבער מיליאַ־נען קריטעכער און דערנער וועל איך אומברענגען...
מיט איבערגעבראָכענע רוקנס פֿון פֿיל בייגן זיך און מיט אָנגעשוואָלענע הענט, פֿון נעכטן, האָט מען הײַנט ווייטער דערנער און קוויטן געריסן. מיט די וואָרצלען האָט מען זיי באַדאַרפֿט רײַסן. נאָך דעם, פֿאַרן הויז, אין הויפֿנס זיי פֿאַרברענט.
אַ ווייץ אין דער ערד ברענגט־אויף פֿינף און פֿערציק קערנדלעך, אָ, גאָט אין הימל, און די פֿינף און פֿערציק קערנדלעך ברענגען אויף קומענדיקן יאָר נאָך אַ מאָל צו פֿינף און פֿערציק קערנדלעך, און עס איז שוין דאָ אַ ברויט צו דערהאַלטן אַ נשמה...
און וואָס ברענגט דער דאָרן, און וואָס ניצט די קוויט?
דער דאָרן וואַקסט־אַרויס פֿון מײַן קערנדל אין אַ הויכן שטאָם מיט אַ קײַלעכדיקן און ברייט באַצווײַגטן קאָפּ. מיט הונדערטער שויטן. און אין יעדן שויט הונדערטער קערנדלעך. און אַז עס קומט זײַן צײַט אין האַרבסט און דער צפֿון־ווינט ברעכט דעם קאָפּ פֿון דאָרן אָפּ און נעמט אים קײַקלען איבער דער פּריירי, און די שויטן צעעפֿענען זיך און די קערנדלעך ווערן צעזייט און צעשפּרייט.
און וואָס האָט מען דערפֿון?

— יא —

רחל גאָלדענבאַרג האָט זיך לאַנג געשפּיגלט אין דעם ווייצפֿעלד. וואָס מען דאַרף מאָרגן שנײַדן, און נאָך דעם זיך געלאָזט צוריק אַהיים. גייענדיק אין מיטן וועג, האָט זי אַ פּאָר מאָל אָנגעשטעלט די פֿעלד־גלעזער צו אירע אויגן. אָט האָט זי דערזען אַ רײַטער פֿון ווײַטנס, אָבער עס באַדאַרפֿן דאָך זײַן צוויי רײַטערס, אַז דאָס זאָל זײַן דבֿורה מיטן יונג...

רחל איז אַרײַן אין הויז, זיך פֿאַמעלעך גענומען מאַכן פֿײַער אין אויוון, אויפֿצוקאָכן דעם אָוונט־מאָלצײַט. אין דער אייגענער צײַט גע־טראַכט: וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג? אַוועק פֿון הויז מיט אַ יונג אויף אַזוי לאַנג! וואָס טוען זיי דאָרט ביז איצט?... באַלד אָבער האָט זי מיט פֿאַרדראָס זיך ווי צוריקגעכאַפּט — דבֿורה איז אַ מיידל... אַ פֿרעמד מיידל... און נישט איר אייגן קינד... און אין איינעם מיט דעם האָט זי שוין אויך גענומען טראַכטן פֿון דעם, אַז זי, רחל אַליין, איז נאָך מיידלש... זי ווייסט נישט דעם אמתן טעם פֿון אַ מוטער.

און נאָך אַ זאַך איז געווען בײַ רחלען אויפֿן געדאַנק: תּמיד, ווען זי בלײַבט אַלײַן אין הויז, אויף דער דאָזיקער פּריירי, טראַכט זי וועגן דעם... און ווען זי טראַכט פֿון דעם, ווערט איר פּנים באַ־רויטלט און באַלד גייט־אַוועק דאָס רויטע און אַ צאַרטע בלאַסקייט קומט־אָן: זי האָט דאָך נישט געפֿילט דאָס, וואָס אַ מוטער פֿילט...

ער וואַרפֿט די שולד אויף איר... און זי...

— זע נאַר! אַ קאָפּ פֿון אַ פֿערד אין פֿענצטער! — האָט רחל ווי צו זיך אַליין אויסגעשריגן און אַ וואָרף געטאָן אַלץ אין קיך, און איז אַרויס אין דרויסן.

און עס איז געווען, ווי מען עפּנט אַ טיר פֿון אַ וואַרעמען הויז אין אַ פֿראָסטיקן טאָג און מען קוקט־אַרויס אין דרויסן, און עס כאַפּט־אַרום דער פֿראָסט, אַזוי האָט עס רחלען אַרומגעכאַפּט, און עס איז איר געוואָרן קאַלט אין יעדן אבֿר, ווען זי האָט דערזען אומדערוואַרט יאָהאַנען, זייער שכן, עלקינסעס זון, אויף זײַן פֿערד, און דבֿורהן האָט ער געהאַלטן אין זײַנע אָרעמס.

פֿרוי גאָלדענבאַרגס פֿאַנטאַזיע האָט זיך געהיצט און אין איין צענטל פֿון אַ רגע האָט זי איבערגעטראַכט טויזנטער געדאַנקען.

יאָהאַן האָט באַמערקט רחלס צעשראָקן פּנים און האָט געטאָן אַ לײַכטן בייג מיט זײַן קאָפּ, און מיט אַ שמייכל זי באַרויִקט:

— עס איז גאָר נישט, זייער לײַכט...

— וואָס איז געשען? — האָט ערשט איצט רחל זיך דערמאָנט צו פֿרעגן — וואָס איז פֿאָרגעקומען?!

— מומע, — האָט דבֿורה זיך געפּרוּווט אַ הייב טאָן און ווי זי וואָלט וועלן אַרונטערשפּרינגען פֿון יאַהאַנס פֿעסטע אָרעמס — מו־מע, נעמט מיך אַרונטער. אין הויז וועל איך דערציילן...

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט צו איר ברייט אויסגעשטרעקט אירע האַלב־אָפּגעדעקטע, רונדע הענט. זי אַ נעם געטאָן. דבֿורה האָט זיך אַרומגעקלאַמערט אַרום איר מומעס נאַקן און האָט אַ לײַכטן קרעכץ געטאָן.

פֿלינק ווי אַ פֿויגל איז יאַהאַן אַרונטער פֿון זײַן זאָטל, האָט אַ נעם געטאָן דבֿורהן און מיט אַ זייער באַזאָרגטן אויסדרוק אויף זײַן פּנים געהאָלפֿן אַרײַנטראָגן דבֿורהן אין הויז אַרײַן.

מען האָט דבֿורהן אַרײַנגעלייגט אין בעט. רחל האָט זיך גענומען פֿאַרען אַרום פֿוס. דאָס ערשטע האָט זי אַרונטערגעצויגן דעם שוך זייער פֿאָמעלעך, און דבֿורה האָט זיך דערבײַ געצאַפּלט פֿון ווייטיק.

יאַהאַן האָט דערווײַל, אַ ביסל פֿילנדיק זיך ווי איבעריק, דער־ציילט ווי אַזוי ער האָט געריטן אין פֿעלד — אַ קו איז בײַ זיי ער־געץ פֿאַרפֿאַלן געגאַנגען, איז ער זי געפֿאָרן זוכן — און פּלוצעם האָט ער הער גאָלדענבאַרגס פּלימעניצע געפֿונען.

דער פֿוס בײַ דבֿורהן איז געווען בלייך...

רחל האָט אים גענומען אַרומטאַפּן פֿון אַלע זײַטן און, ווען זי האָט אָנגערירט דאָס קנעכל, האָט דבֿורה אַ שטאַרקן קוויטש געטאָן. פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך אויף אַ רגע ווי דערשראָקן און איז באַלד אַוועק אין קיך, שנעל צוריקגעקומען מיט אַ שיסל קאַלטע וואַסער און מיט אַ האַנטעך און אָנגעהויבן צולייגן קאָמפּרעסן אַפּ און אויף.

— דבֿורה לעבן, טו אַ הייב דעם פֿוס! — האָט זיך רחל גענו־מען בעטן.

דבֿורה האָט אַ הייב געטאָן דעם פֿוס און מיט אַ שאַרפֿן קלעם בײַם האַרצן האָט זי אים אַ דריי געטאָן אַראָפּ און אַרויף. די פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך צוגעבויגן מיט איין אויער צו דער בלייכער

הויט פֿון פֿוס און זיך אײַנגעהערט. זי האָט גאָר נישט געהערט און האָט מיט שׂמחה אויסגערופֿן:

— דאַנקען גאָט, נישט צעבראָכן! מוז זײַן נאָר לײַכט אויסגע־לינקט. זאָג... — האָט זי זיך צוגעבויגן צו דבֿורהס פּנים — פֿילסטו ערגעץ אַן אַנדער ווייטיק? שעם זיך נישט. דײַן פֿעטער איז אויך שוין עטלעכע מאָל אַרונטערגעפֿאַלן פֿון זאָטל און עס האָט אים נישט געשאַדט. — און זי האָט צוגעגעבן, קוקנדיק צו יאָהאַנען — דער, וועמען ס'פֿערד וואַרפֿט נישט אַרונטער, איז גאָר קיין אמתער רײַטער נישט...

יאָהאַן האָט אַ שמייכל געטאָן און זײַן גאַנץ געזיכט איז פֿאַר־פֿלאַמט געוואָרן מיט אַ רויטלעכער שעמעוודיקייט. און בכדי צו פֿאַרשטעלן זײַן פֿאַרלעגנהייט האָט ער זיך אָנגעבאָטן אַוועקצורײַטן נאָך דעם דאָקטער.

— איך דאַנק! — האָט מאַדאַם גאָלדענבאַרג געזאָגט — דער פֿערדיונג וועט פֿאָרן נאָך אים.

— ער איז דען אין דער היים? — האָט זיך דבֿורה פֿאַרוווּנ־דערט.

— וואָס, ער איז נישט געקומען מיט אײַך צוזאַמען?! וואָס איז געשען?!... — פֿרעגט די פֿרוי גאָלדענבאַרג.

דבֿורה האָט קרעכצנדיק דערציילט:

— מאַ, ווייסט דאָך, איך האָב געריטן מיט אים און נאָך דעם בין איך אַוועק באַזונדער און ער באַזונדער... דאָס פֿערד האָט מיך אַראָפּגעוואָרפֿן. און ווען נישט ער, יאָהאַן, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געווען...

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט פֿאַרבראָכן מיט די הענט און גענומען ברומען:

— דער יונג! אַזאַ יונג...

און גענומען דורכדרינגלעך קוקן, דאָ אויף יאָהאַנען, דאָ אויף דבֿורהן...

יאָהאַן האָט געפֿלאַמט פֿון פֿאַרלעגנהייט און פֿון נאָך אַ טיפֿערן

גערדאַנק, וואָס האָט איצט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אים אין האַרצן.

ער האָט נאָך אַ מאָל פֿאַרגעשלאָגן אַוועקצופֿירן נאָך דעם דאָקטער.

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט אײַנגעשטימט, נאָר מיט דעם באַדינג, אַז זי וועט עס רעכענען פֿאַר די גרעסטע טובֿה... און אַז הער גאָל־דענבאַרג וועט אים דערפֿאַר אָפּדינען...

יאָהאַן איז אַרויס פֿון הויז, האָט זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויפֿן פֿערד.

דאָס פֿערד האָט זיך אָנגענומען מיט זײַן נערוועזיטעט און זיך גענומען טראָגן ווי אַ ווינטער, און אַזוי ווי אַ ווינטער האָבן זיך אויך גענומען טראָגן יאָהאַנס געדאַנקען!

...אים האָט דבֿורה דערציילט גאָר עפּעס אַנדערש... זי איז אַליין אַרויסגעפֿאָרן אויפֿן שפּאַציר און אַרונטערגעפֿאַלן פֿון פֿערד... ווען זי וואָלט אים דערציילט דעם אמת... זי האָט אים ליגן געזאָגט... און איר קערפּער האָט אים אַזוי געררייצט דעם גאַנצן וועג... ווען ער זאָל געוווּסט ווייסן, אַז דער פֿערדיונג האָט זי מיטגענומען אויף דער פּריירי און דורך אים איז זי פֿאַראומגליקט געוואָרן...

...דאָרט ווו מען גלייבט עפּעס, קאָן שוין געמאָלט זײַן נאָך עפּעס... איר קערפּער האָט אים אַזוי געררייצט אַ גאַנצן וועג... און רייצט נאָך איצט, און רייצט...

— יב —

די נאַכט איז געווען אַ שטאָק בלינדע.

מען האָט נישט געזען קיין בערג און קיין טאָלן, קיין פלויט און קיין וועג. נאָר אַ געדיכטע שוואַרצקייט איז געלעגן ווי אָנגע־פּרעסט אויף דער ברייטער און ווײַטער ערד.

דער פֿערדיונג האָט אָפּגעלאָזן דאָס פֿערד זײַנס, ווײַל ער האָט געוווּסט דאָס, וואָס אַלע ווייסן, אַז אַ פֿערד האָט ליכטיקערע אויגן פֿון אַ מענטשן און עס וועט טרעפֿן אַהיים.

פֿון דעסט וועגן האָט ער מיט אַ פֿינצטערן געמיט, וואָס האָט שוואַרץ געפּרעסט זײַן האַרץ, און מיט אַ צעהיצטן מוח נישט אָפּ־

געלאָזן זײַנע חושים פֿון דעם וועג, וואָס האָט זיך אונטער דער גע־דיכטער פֿינצטערניש געשפּרייט.

ער האָט געוווּסט, ווען דאָס פֿערד גייט באַרג־אַראָפּ אָדער באַרג־אַרויף. אַ טײַכל איז ער דורכגעגאַנגען און אָט איז שוין דאָס לעצטע הילצערנע בריקל צו דער היים. ער האָט נישט געזען דאָס בריקל, נאָר געהערט, ווי דאָס פֿערד קלאַפּט מיט זײַנע פֿיס אויף ברעטער.

און מחמת ער האָט זיך דערפֿילט נאָענט פֿון דער היים און גע־ווּסט, אַז עס וועלן אים באַגעגענען פֿיר אויגן, און אַז ער האָט גאָר־נישט וואָס צו דערציילן... איז אים געוואָרן שווער.

קאָן ער דען אַרײַנקומען זאָגן, אַז דבֿורה איז טויט?

קאָן ער דען אַרײַנקומען אין הויז און זאָגן, אַז זי לעבט?

קאָן ער דען אַרײַנקומען אין הויז און זאָגן צוויי ווערטער, מיט וועלכע ער זאָל אויסדריקן זײַן שמאַרץ?

קאָן ער דען אַרײַנקומען אין הויז און שווייגן?

ווו איז איצט דבֿורה?... די ליבע דבֿורה!...

ער איז שוין באַלד משוגע פֿון טראַכטן און עס איז קיין האָ־פֿענונג נישטאָ...

ער מוז דאָך אַהיימקומען. עס איז נישט געווען קיין פּלאַן צו בלײַבן אויף דער פֿרייִער איבער נאַכט, ווי ער האָט פֿון אָנפֿאַנג באַשלאָסן.

ניין, ער מוז אַהיימקומען און דאַן אַוועק צוריק אויף די פֿעל־דער און אַרומגיין, און זיך אײַנהערן אין דער פֿינצטערער נאַכט אַרײַן, אפֿשר וועט ער איר קול פֿון ערגעץ אַ טאָל אָדער אַ באַרג אויפֿכאַפּן.

נאָר ווי אַזוי קומט מען אַהיים? ער מוז זיך נאָך מיט אַ שטיין זײַן קאָפּ צעשטויסן פֿאַר דער טיר פֿון די גאָלדענבאַרגס און זאָל זיי גאָר נישט דאַרפֿן דערציילן.

מיט אַ מאָל האָט געטאָן אַ שײַן עפּעס אַ ליכט פֿון ערגעץ ווײַט. עס האָט אים געטאָן אַ קלאַפּ אין האַרצן.

אָט איז די היים!...

און דאָס ליכט קומט אַלץ נענטער. אָט איז עס שוין גאָר נאָענט.

די גאָלדענבאַרגס, פֿרוי און מאַן, מוזן דאָרט שטיין בײַ דער טיר. זיי הערן מן הסתם דאָס טאָפּקען [13] פֿון די פֿערד און שטייען שוין אָנגעגרייט אים צו באַפֿאַלן מיט ווייגעשרייען.

נאָר וואָס איז דאָס?!... דאָס ליכט האָט זיך פֿאַרדרייט אין אַ זייט.

מן הסתם איז דאָס הויז אָן [14] דאָרט, אין יענער זײַט. ער נעמט שוין אָן די לייצעס אין זײַנע ציטערנדיקע הענט און פֿאַרקערעוועט אין יענער זײַט, צום ליכט.

אָט איז ער שוין דאָ, אַ פּחד פֿאַלט אים אָן:

עפּעס בילט דער הונט נישט...

אפֿשר איז הער גאָלדענבאַרג אַרויס אויף דער פּריירי מיט דעם הונט זיי אויפֿצוזוכן?

און אַזוי טראַכטנדיק, טוט ער אַ קוק, אַז דאָס ליכט איז פֿון הינטן. ער איז שוין אַריבערגעפֿאָרן.

ווערט ער שוין אין כּעס אויף זײַן פֿערד, וואָס רײַסט זיך אויף פֿאָרויס, און ער טוט אַ ריס מיט די לייצעס. די צוים טוט אַזש אַ קלונג אין פֿערדס מויל און נעמט זיך יאָגן נאָך דעם ליכט אויף צוריק.

יאָגט ער זיך און יאָגט זיך, און דאָס ליכט אַנטלויפֿט אַלץ פֿון אים. וויל ער זיך נישט גלייבן, אַז דאָס ליכט אַנטלויפֿט און ער נעמט זיך נאָך שטאַרקער יאָגן נאָכן פֿײַער. און ערשט ווען ער האָט דערהערט, אַז זײַן פֿערדל פּליוכקעט זיך אין וואַסער, איז אים גע־קומען אויפֿן געדאַנק די מיאַזמאַ [15], וואָס צינדט זיך דאָ אָפּט אָן אין די פֿינצטערע נעכט און ווען די שכנים גלייבן, אַז דאָס פֿאָרט אַזוי אַרום איבער דער פּריירי אַ שד מיט אַ לאַמטערן אין האַנט...

[13] (טאָפּ־טאָפּ) טרעטן. — [14] אָט. — [15] מיקראָבן־נעסט.

דאַן איז ערשט אַ פּחד אויפֿן פֿערדיונג אָנגעפֿאַלן, ווײַל ער איז אַראָפּ פֿון וועג און נישט געוווּסט, ווו ער געפֿינט זיך אין דער דאָזיקער פֿינצטערניש — האָט ער נאָך אַ מאָל אָפּגעבלאָזן דאָס פֿערדל און דאָס פֿערדל האָט געריטן איבער טאָל און באַרג, ביז עס האָט דער פֿערדיונג דאָס בילן פֿון גאָלדענבאַרגס הונט דערהערט.

עפּעס איז געווען אָן אַ גרענעץ היימלעכס און טרײַס אין דעם דאָזיקן לענגלעך טרויעריקן בילן, און אַ וואַרעמקייט האָט פֿון דעם גענומען שטראָמען אין זײַן האַרץ אַרײַן.

ער איז צוגעקומען צום הויז, איז אַראָפּ פֿון פֿערדל, האָט עס אַרײַנגעלאָזן מיטן זאָטל אין שטאַל אַרײַן און אַליין איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין הויז נישט טויט נישט לעבעדיק.

די מענטשן פֿון הויז האָבן זיך אַלע מיט פֿרייד אַ הייב געטאָן פֿון זייערע פּלעצער, זײַנען אים אַקעגנגעלאָפֿן.

דבֿורה איז אויך אַרונטער פֿון בעט, נישט באַמערקט פֿון די הויזיקע. זי איז אַרונטער — ווײַל אַלץ איז געקומען צוריק מיט דעם פֿערדיונגס אומקערן...

פֿון שטאַרקן אומבאַוווּסטן שפּרונג איז דאָס קנעכל פֿון איר לינקן פֿוס געקומען אויף זײַן אָרט...

— ווו ביסטו געווען?!

— ווו ביסטו געווען?!

מיט גרויס מי האָט מען דבֿורהן צוריק אַרײַנגעלייגט אין בעט.

דער יונג האָט דערציילט, ווי די מיאַזמאַ האָט אים אַרומגעפֿירט איבער דער פּריירי.

דבֿורה און פֿרוי גאָלדענבאַרג האָבן געלאַכט. מען האָט זיך פֿאַרגעסן אויף אַ ווײַלע אין אַלץ און אַלע האָבן האַרציק געלאַכט. פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט ווי תּמיד אויפֿגעכאַפּט נאָך אַ מין שוואַכקייט פֿון די מענער: „זיי פֿאַרלירן זייערע קעפּ ווי עס קומט צו עפּעס...“

און טאַקע באַלד איבערדערציילט שוין צום הונדערטסטן מאָל, ווי דער אייגענער יונג האָט זיך דערשראָקן, ווען ער האָט צום ער־

שטן מאָל די מיאַזמאַ דערזען, ווי אַזוי ער איז אַרײַנגעלאָפֿן אין הויז מיט אַ געשריי: „הער גאָלדענבאַרג, עמעץ פֿאַרט־אַרום אין פֿעלד מיט אַ לאַמטערן!“... כאַ, כאַ...

— גענוג שוין, גענוג, רחל! — האָט הער גאָלדענבאַרג גענומען זיך בייזערן — גוט איז דיר, אַז מען האָט דיר דערציילט וועגן דער מיאַזמאַ... וואָס איז דאָ צו לאַכן?...

דער פֿערדיונג האָט טיף אין האַרצן הנאה געהאַט, וואָס מען לאַכט אין הויז: „עס איז אויסגעגאַנגען צום געלעכטער“...

דבֿורה האָט זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן נישט צו לאַכן, כאָטש דער פּוס האָט איר זייער ווי געטאָן, און נאָך מער האָט איר ווי געטאָן פֿון דעם, וואָס נישט ער, דער יונג, נאָר יאָהאַן האָט זי אַהיימגעבראַכט...

אין איר האַרצן האָט זיך גענומען אויפֿוויקלען עפּעס אַ געפֿיל פֿון עקל, אַז זי האָט זיך דערמאָנט ווי זי האָט זיך געוויגט אין יאָהאַנס שויס...

דער הונט אין דרויסן האָט אַ ביל געטאָן.

— מען פֿאָרט!

— דער דאָקטער!

עס האָט זיך די טיר אויפֿגעפּראַלט. יאָהאַן מיט דעם דאָקטער זײַנען אַרײַן.

עס איז געוואָרן אַ גערודער פֿון בענקלעך. פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט דעם קנויט פֿון לאָמפּ אַ ביסל העכער אַרויסגעדרייט.

דער דאָקטער, אַ נידעריקער און גראָבלעכער, מיט גרויסע הענט און פֿאַרגרעבטע, ברייטע פֿינגער, איז צוגעקומען גלײַך צו דער קראַנקער דבֿורה.

און ווען ער האָט גענומען אַרומטאַפּן דבֿורהס לינקן פּוס מיט זײַנע פּלאַטשיקע און מאַסיווע פֿינגער, זײַנען אַלע אַרום געשטאַנען און שטום געוואָרט.

דבֿורהן אָבער האָט זיך פּלוצעם געוואָלט אַרויסשיסן מיט אַ

קײַכנדיקן געלעכטער. אַזוי, האָט זיך געדאַכט, מיינט אויך דער פּערדיונג צו טאָן.

יאָהאַן האָט זיך מאָדנע געפֿילט. ער האָט ערשט איצט דערזען דעם פּערדיונג. און געדאַכט האָט זיך אים אַז ווי באַלד ער זאָל אַזוי אַוועקגיין, ווי ער האָט זיך ערשט פֿריִער מיט אַ ווײַלע פֿאָרגענומען, וועט ער האָבן אַ גרויסן שטיין אין וועג...

ווען יאָהאַנען פֿלעגט אויסקומען צו זײַן בײַ די גאָלדענבאַרגס אין הויז, איז אָט דער ייִדישער יונג תּמיד געווען אַן אָפּגעזונדערטער, נישט ווי קיין מיטגליד אין דער פֿאַמיליע, און איצט אָבער האָט דאָס אים גאָר אַנדערש אויסגעזען...

און יאָהאַן האָט זיך אינסטינקטיוו טאַקע געהאַלטן אין אַ זײַט. עס האָט געהייסן, אַז ער נעמט אײַנטייל, אָבער ער אַליין האָט געזוכט עפּעס אַ וועג, וואָס שנעלער צו אַנטלויפֿן פֿון דעם דאָזיקן הויז. און איין וועג איז געווען פֿאַר אים: אַז דער דאָקטער זאָל וואָס גיכער אָפּפּראַוועןⁱ[16] זײַנע צערעמאָניעס.

עס האָט גענומען דעם דאָקטער זייער פֿיל. ער האָט זיך איבערגעבויגן צו דבֿורהן און מאָדנע געפּרײַכט און געקרעכצט. באַקוקט יעדעס אָרט עטלעכע מאָל און די בלויע אָדערלעך אין דבֿורהס ווײַסבלייכן פֿוס האָט ער זייער פֿאָרזיכטיק איבערגעקוקט, ווי ער וואָלט זיי ווען איבערציילן.

פֿון דעסט וועגן האָט בײַ יאָהאַנען נאָך געטאָן אַ בליץ אַ מין פֿאַרלאַנג... דער דאָקטער זעט־אויס צו זײַן זייער ערנסט. אפֿשר איז טאַקע אַ צעבראָכענער פֿוס?... פֿאַר אים וואָלט עס בעסער געווען... זי, דבֿורה, איז אַ יונגע און עס וועט זיך בײַ איר שנעל אויסהיילן, אָבער עס זאָל זײַן אַ בראָך...

דער יונג האָט גענומען ריידן צום דאָקטער.

דער דאָקטער האָט גאָר נישט געזאָגט, נאָר מיט זײַן ברייטער דלאָניע זיך אַ וויש געטאָן זײַן קליינעם שטערן.

---

[16] דורכפֿירן, אָפּטאָן.

דבֿורה האָט עס באַמערקט און גאָר פּלוצלינג, פֿאַר זיך אַליין, געמאַכט אַ פֿאַרגלײַך: דעם פֿערדיונגס שטערן מיט דעם דאָקטערס...

און דבֿורהן האָט זיך גענומען דאַכטן, אַז זי איז די איינציקע, וואָס זעט אין דעם פֿערדיונג עפּעס אַן אַנדערן ווי אַלע האָבן אים ביז איצט געקענט.

— יג —

אַזוי גיך ווי דער דאָקטער האָט געהאַט די געלעגנהייט אַרײַנצוכאַפּן דאָס קנאַקנדיקע פֿינפֿערל און עס מיט אַ געמאַכטער נאָכלאָזיקייט אַרײַנצורוקן אין איינעם פֿון זײַנע קעשענעס, האָט ער געזאָגט:

— גוטע נאַכט! יאָ, ווי גאָט איז זיי ליב, פֿרײַלין, נישט אַרונטערצוגיין עטלעכע טעג פֿון בעט, אַ גוטע נאַכט!

יאָהאַן האָט אויך עפּעס אונטערגעברומט, האָט האַסטיק זײַן הוט אָנגעטאָן און איז אויך אַרויס.

אַ שטיק וועג איז יאָהאַן געפֿאָרן אין איינעם מיטן דאָקטער. ער האָט דעם דאָקטער דערציילט פֿון זײַן העלדישקייט, ווי אַזוי ער האָט געפֿונען די פֿרײַלין, און ער האָט דעם דאָקטער אויך דערציילט, אַז די האַנט פֿון דער פֿרײַלין ווערט אים געגעבן ווי אַ לוין פֿאַר זײַן העלדישקייט. נאָך דעם האָט יאָהאַן פֿאַרקערעוועט אין אַ זײַט און גענומען רײַטן אַהיים.

רײַטנדיק איינער אַליין, האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער דאָס אַזוי געמעגט דעם דאָקטער זאָגן...

פֿון דעסט וועגן האָט ער בײַ זיך באַשטימט, אַז אַזוי וועט עס בלײַבן. דער פֿערדיונג איז דאָך אַ פֿרעמדער און ער וועט מן הסתּם באַלד פֿאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדער יונג. און ער, יאָהאַן, איז דאָ אויפֿגעוואַקסן און וועט דאָ, אויף דער פּריירי, שטאַרבן... הער גאָלדענבאַרג ווייסט דערפֿון און ווייסט אויך וואָס פֿאַר אַ באַלעבאָס ער איז. נישט מער — ער קען עס נישט אַרויסווײַזן פֿאַר זײַן טאַטן. קומט ער אָבער אין באַרירונג מיט אַ הײַנטוועלטיקן מענטשן און מיט מאָדערנע אײַנשטעלונגען, וועט ער אַרויסווײַזן, וואָס ער קאָן.

הײַנט דערצו נאָך דבֿורה!...

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געפֿונען די קו שטיין בײַ דער שטאַל. דער גרויסער לאַנגהאָריקער הונט, טײַג, איז אים אַקעגנגעקומען און געשפּרונגען אויף אים. יאָהאַן האָט די קו אַרײַנגעלאָזן אין שטאַל. „זי איז געווען אין יענעמס שאָדן״, האָט ער אַ טראַכט געטאָן „אַ פֿולן בויך מיט פֿרעמדן שוויס...״ ער איז נאָך דעם אַוועק אין הויז, וואָס איז געווען נאָך פֿינצטערער פֿון דער נאַכט. זײַן פֿאָטער און ברודער זײַנען שוין געשלאָפֿן ווי דערהרגעטע.

אויף מאָרגן איז ער אַוועק אין שטעטל, נאָך דעם ווי ער האָט זײַן פֿאָטער אָפּגענאַרט, אַז ער האָט די קו געפֿונען העט שפּעט אין אָוונט, צען מײַל ווײַט פֿון דער היים. אין שטעטל האָבן אים שוין אַ פּאָר חבֿרים אָפּגעגעבן „קרעדיט״ פֿאַר זײַן העלדישקייט. עס איז אויך אונטערגעקומען באָב, אַ לאַנגער, דאַרער בחור, מיט אַ ווײַסן ברייטברימיקער הוט און מיט לאַנגע שטיוול אויף זײַנע לאַנגע פֿיס. באָב איז דער געהיימער רעפּאָרטער פֿון דער שטעטלדיקער צײַטונג און דערפֿאַר האָט ער אויסגעשטרעקט זײַנע גרויסע אויערן און זיך אײַנגעהערט, וואָס די באָיס [17] שמועסן.

— האָסט גליק! — האָט אײנער געזאָגט.

אַ צווייטער האָט געפֿרעגט:

— איז זי טאַקע געלעגן צעשטרעקט אויף דער פּריירי?

— פּלוצעם, איך טו אַ קוק, עס ליגט עמעץ... — הייבט־אָן יאָהאַן אָפּצומאָלן, ווי ער האָט דבֿורהן געפֿונען — איך שפּרינג אַרונטער פֿון פֿערד און טו אַ קוק: עס איז דבֿורה גאָלדענבאַרגס.

— וואָס האָט זי געטאָן? — פֿרעגט אײנער.

און אַ צווייטער:

— האָט זי זיך דערשראָקן?...

— איך האָב זיך דערשראָקן! — ענטפֿערט יאָהאַן כאַפּנדיק, ווי זועלנדיק עפּעס פֿאַרבאָרגן — נישט פֿון הײַנט, אַז איך רײַט אויף אַ

[17] (ענגליש) בחורים, חבֿרה.

פריירי... און גאָר פּלוצעם האָסטו דיר אַ מיידל! און זי טוט אויף מיר אַ קוק, באַיס, איך זאָג אײַך... איך וועל קיין מאָל נישט פאַר־געסן יענעם קוק.

— און וואָס האָסטו געטאָן?... — פרעגט איינער.

און אַ צווייטער:

— איך מיין, אַז האָסט עפּעס געטאָן צו גיין?...

— איך האָב זי אויפגעהויבן פון גראָז. זי האָט זיך אַרום מײַן האַלדז אײַנגעפלאָכטן — האָט יאָהאָן מיט עקסטאַז דערציילט —ביידזשימיני[18]! זי האָט מיך שיִער נישט דערוואָרגן. מיט איין האַנט האָב איך זי אַרום איר גאַרטל גענומען און מיט דער צווייטער האָב איך זיך אין האָרן פון זאָטל אָנגעכאַפּט.

— עס האָט געמוזט זײַן שווער?

— בײַ מיר שווער? — רימט זיך יאָהאָן — זי איז געווען לײַכט ווי אַ פעדער. נאָר איך האָב מורא געהאַט איר פוס, דעם צעבראָכע־נעם, נישט צו פאַרטשעפּען.

— טאַקע צעבראָכן איר פוס? — שטעלט אַרײַן באָב.

— ניין, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך דעם, אַז דער פוס איז גאַנץ.

— אַ יונג האָט גליק! — זאָגט איינער.

און אַ צווייטער:

— די גאָלדענבאַרגס האָבן דיך, פאַרשטייט זיך, גוט און פײַן באַלוינט. די ייִדן זײַנען זייער מילד אין אַזוינע פאַלן...

יאָהאָן האָט זיך דאַן אָועקגעשטעלט מיט בײדע הענט אין זײַנע הויזן־קעשענעס און ברייטלעך געזאָגט:

— קיין לוין, וואָס מען וועט מיר געבן, וועל איך נישט נעמען, חוץ איינעם...

— דאָס מיידל!... — כאַפּט־אונטער באָב, און טוט אַ מאָדנעם פאַרדריי מיט זײַנע גרויסע אויגן אין אַ זײַט אַרײַן.

---

[18] שווערט ביי דזשימיני, ד"ה, נישט וועדט קיין פרוטה.

— דאָס וועל איך אַליין מיט מײַנע הענט נעמען! — האָט יאָהאַן געזאָגט און זײַן פּנים האָט זיך פֿאַררויטלט — און דאָס איבעריקע וועט שוין קומען אַליין...

*

און אויף מאָרגן, פֿרײַטיק, איז דערשינען דאָס וואָכנטלעכע בלאַט פֿון שטעטל און צווישן די היימישע טאָפּיקס [19] איז געווען דאָס פֿאָלגנדיקע:

„יאָהאַן עלקינס האָט רײַטנדיק אויף דער פּריירי, געפֿונען ליגן אַ געחלשט מיידל. ער האָט זי אָפּגעמינטערט און דערקענט, אַז דאָס איז אַ מיטגליד פֿון הער גאָלדענבאַרגס הויז. זי האָט אים דערציילט, אַז זי איז אַרונטערגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון אַ בראָנקאָ און פֿילט אַ ווייטיק אין אַ פֿוס. ער האָט זי אין גאָלדענבאַרגס הויז אַהיימגע־בראַכט און פֿאַר דאַנקבאַרקייט וועט דאָס מיידל מיט אים הייראַטן... ווי יאָהאַן וועט זיך נאָך דעם באַזעצן, ווייסט מען נאָך נישט, נאָר געוויס וועט ער זײַן אויף גאָלדענבאַרגס ערד, ווײַל די גאָלדענבאַרגס האָבן נישט קיין קינדער...“

— יד —

דאָנערשטיק איז מען בײַ גאָלדענבאַרגן אין הויז אויפֿגעשטאַנען גרייט צו טאָגאַרבעט.

גאָר אין דער פֿרי איז דער פֿערדיונג אַוועק איבער דער פּריירי. ער האָט זיך געיאָגט און געיאָגט, ביז ער האָט קיטין געכאַפּט מיט אַן אײַנגעבודענעם זאָטל אַרום איר בויך. קיטי איז געבראַכט געוואָרן אַהיים און דער פֿערדיונג האָט זי באַשטראָפֿט מיט דעם וויכער, געפֿלאָכטענער בײַטש, און זי שטייט שוין ווײַטער אין שטאַל אַ גוטינקע און אַ קלוגינקע.

מען האָט דאָס איבערבײַסן מיט הייסער, שוואַרצער קאַווע פֿאַרטרונקען און נאָך אייניקע מינוטן באַראַטן זיך פֿון הער גאָלדענבאַרג מיט אײַזיקן, און נאָך דעם ווי פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט פֿאַרזיכערט,

---

[19] טעמעס.

אַז דבֿורהלע איז אין בעסטער אָרדענונג און זי קאָן בלייבן מיט איר אַליין, זײַנען ביידע מענער אַרויס שנײַדן דעם ווינטערווייץ.

צו מיטאָגצײַט זײַנען זיי אַהיימגעקומען מונטער און דורכגע־וועבט מיט זון־ און ווייץ־קאָלירן.

בײַם טיש איז געווען פֿריילעך. מען האָט מיט האַרץ געשלונגען דעם רובהאַרב־קוכן. דער פֿערדיונג האָט באַמערקט:

— אויף רובהאַרב אַליין וואָלט איך מײַן לעבן געקענט אויפֿ־האַלטן!...

מען האָט זייער פֿיל געלאַכט.

דבֿורה האָט זיך גענומען בעטן מיט עקשנות, אַז מען זאָל איר לאָזן אין פֿעלד אַרײַן: „זי האָט ליב צו בינדן ווייץ..."

און אַז מען האָט איר גענאָגט, אַז מען דאַרף נישט בינדן מיט די הענט, די מאַשין וואַרפֿט שוין אַרויס פֿאַרטיקע גאַרבן.

— טאָ לאָז זײַן אויפֿצושטעלן די בינטלעך אין די שאָקן...[20]

האָט מען נישט געקאָנט צוזען דעם צער פֿון דעם מיידל און מען האָט איר צוגעזאָגט, אַז קומענדיקע וואָך שנײַדט מען די אַל־פֿאַלפֿאַ, וועט זי אַרבעטן מיט דעם שאַרער.

— איך וועל שאַרן די אַלפֿאַלפֿאַ! איך וועל שאַרן די אַלפֿאַלפֿאַ! — האָט דבֿורה געהאַלטן אין איין זינגען, כאָטש זי האָט נישט גע־ווּוסט, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מין, אָט די אַלפֿאַלפֿאַ.

די מענער זײַנען אַרײַן אין פֿעלד אַרײַן.

די זון האָט געוועבט דאָס אייביקע געוועב פֿון גינגאָלד־פֿעדעם אויף דער פֿרוכפּערישער איבערפֿלאַך פֿון ערד און וועגעטאַציע. עס האָבן די ברויטן קעפּלעך אַרויסגעלאָזן. עס האָבן די ברויטן בערד־לעך אָנגעהויבן צו שפּראָצן. עס האָבן די ברויטן רײַף צו ווערן אָנ־געהויבן — און דער ווינטערווייץ שטייט ווי אַ קעניג צווישן אַלע ברויטן. ער איז דער זקן און דער הויפּט־שפּײַזער פֿון דער וועלט.

דער פֿערדיונג האָט געשניטן מיט דער מאַשין און הער גאָל־

---

[20] (זייער אַ סך) אַ שאָק איז 60 (אייער).

דענבאַרג איז נאָכגעגאַנגען מיט אַ צוויטשיינדיקן גאָפּל און די גאַרבן אין שאָקן אויפֿגעשטעלט. דאָס גאַנצע פֿעלד האָט אויסגעזען, ווי צעטיילט אין צווײ לאַגערן. די פּאַרטיקע, אויפֿגעשטעלטע שאָקן האָבן אויסגעוויזן, ווי קליינע גאָלדענע הויפֿנס מיט ענערגיע. די אַלע נשמהלעך פֿון איטלעכער זאַנג באַזונדער האָבן זיך צוזאַמענגעבונדן און ליגן איינס אין דעם אַנדערן, אײַנגעפּרעסט, ווי אין גאָלדענער הויפֿן.

אין אַ צווייטן לאַגער זײַנען געשטאַנען די איינציקע נאָך נישט אָפּגעשניטענע, הויכע און דינע זאַנגען, מיט זייערע באַבערדלטע לאַנגלעכע קעפּלעך, לײַכט און רונד אײַנגעבויגן, ווי זיי וואָלטן מיט בענקשאַפֿט געקוקט צו זייער מוטער, די שוואַרצע ערד, און געוואַרט אויף דער מינוט, ווען זיי וועלן פֿון זייער שטאַם אָפּגעשניטן ווערן.

וועלכע ווינטן וועלן נאָך דעם בלאָזן אויף זייערע נאַקעטע, טרוקענע שטאַמען? און אויף וועלכע ערדן און אין וואָס פֿאַר אַ לענדער וועלן די קערנדלעך ווידער אויפֿלעבן?...

— טו —

דאָס איז געווען פֿאַר נאַכט. הער גאָלדענבאַרג און אײַזיק זײַנען אַהיים פֿון פֿעלד געקומען. אײַזיק האָט געפֿירט די פֿערד און גאָלדענבאַרג איז געגאַנגען בײַ זײַן רעכטער זײַט מיט דעם ליידיקן וואַסער־קריגל איבער זײַנע אַקסלען.

זייער געשפּרעך האָט זיך געדרייט אַרום דעם: „פֿאַר וואָס האָט דער פֿערדיונג נישט געענדערט זײַן פּלאַן?"... און וואָס פֿאַר אַ צוועק איז דאָס פֿאַר גאָלדענבאַרגן געווען ביז איצט צו בויען זײַן היים אָט דאָ, אין דער ווײַטער וועסט?"...

דער פֿערדיונג האָט געהאַלטן זײַנע אויגן פֿאַר זיך און גערעדט מיט היץ:

—גענוג דרײַ יאָר. נישט די מיטלען פֿאַר מײַן צוועק האָבן מיך דאָ געהאַלטן אַזוי לאַנג. ניין! ערשטנס, האָב איך אייער הויז זייער

ליב באַקומען, און איך האָב נישט געקאָנט קומען אויסכאַפּן מײַנס און אַנטלויפֿן. איך האָב געוואָלט, אַז עס זאָל פֿון מײַן זײַט אָט אָ דאָ בלײַבן עפּעס... צווייטנס איז בײַ מיר געווען אַן אַנדער מיין: איך האָב געוואָלט זען, צי קען איך בײַשטיין דעם נסיון.

— איך פֿאַרשטיי נישט. ווען איר פֿאָרט גלײַך פֿון וואַנען איר זײַט צום ערשטן אָפּגעריסן געוואָרן... — האָט גאָלדענבאַרג געזאָגט — איר פֿאַרשטייט, איין מאָל אויסגעריסן אַ ביימעלע פֿון זײַן ערד... אָבער איצט וועט שוין זײַן שווער...

— דאָס איז מיר אינטערעסאַנט, איך וועל זען, צי עס וועט מיר זײַן שווער.

— קינדיש, קינדיש! ווילט איר אַ היים בויען, ווו איר זאָלט קאָנען אומעטום טרעטן מיט אײַערע פֿיס און זאָגן: „עס איז מײַנס!", איז נישטאָ קיין זייער גרויסע דיפֿערענץ, ווו עס זאָל נישט זײַן, דאָ אָדער אין אײַער פּאַלעסטינע... פֿאַרקערט, דאָ האָט איר מערער גוטע שאַנסן... ערד אַ פּרוכטבאַרע איז צו באַקומען הײַנט, די מאַשינעס און געמערק [21]...

— מיט וואָס?

— פֿרעגט בײַם אַלטן עלקינס!

— בײַ מיר איז דאָ אַ גרויסע, אַ גאַר גרויסע דיפֿערענץ! — האָט אײַזיק כמעט ווי אויסגעשריגן דאָס וואָרט דיפֿערענץ.

— וואָס האָט ער צו זאָגן אויף מײַן היים?

— אָט, אָט, ער זאָגט עס עפּעס זיכערער: „אָט דאָ ווו איך טרעט, איז מײַנס!"...

— זאָגט אויך זיכער, ווער לאָזט אײַך נישט.

— פֿון מיר איז אָפּגערעדט. איך וועל עס נישט זאָגן, ווײַל איך פֿיל, אַז עס וועט נישט זײַן געזאָגט...

אײַזיק האָט נאָך געהאַט איניקע טיפֿערע אַרגומענטן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט אָנרירן אַ ווונד אין הער גאָלדענבאַרגס נשמה...

---

[21] אַלע אײַנריכטונגען, אָנגעצייכנטע גרענעצן (דעמאַרקאַציעס).

נאָר אַז עס איז געקומען פרײַטיק פאַר נאַכט, און אײַזיק האָט, ווי תּמיד, די שנײַדמאַשין פֿון פֿעלד אויף שבת אַהיימגעבראַכט און זי אין דעם מאַשינהויז אַרײַנגעשלעפּט, האָט ער מיט זיך אַליין געטראַכט, אַז אַזוי וועט ער זיך פֿירן דאָרט...

אין פּאַלעסטינע וועט עס האָבן אַ טעם: אין די רוטעג זאָלן רוען אויך דײַנע בהמות און אויך דײַנע מאַשינען...

בײַ אַלעמען אַרום־און־אַרום וועט עס אויך אַזוי זײַן... אָבער דאָ האָט עס נישט קיין זין. אײנער און אײנציקער אויף אַזאַ ווײַטער פּריירי... און אַז עס קומט שבת, לאָזט מען איבער אַ קליין שטיקל ווייץ נישט דערשניטן...

... גוט איז אים, וואָס ער האָט נישט קיין קינדער, האָט אײַזיק ווײַטער געטראַכט... ווי צוויי פּרושים זײַנען זיי אָט אָ דאָ פֿאַרוואָרפֿן... און וואָס איז אַ היים אָן קינדער?... און ווי קען זײַן אַ היים אָן אַ סבֿיבֿה!...“

*

הענריק עלקינס האָט זונטיק געלייענט די „גלאַדסטאָנער פּרעס“ און אויסגעפֿונען אין די טאָפּיקס וועגן זײַן ברודער יאָהאַן און דעם מיידל דבֿורה גאָלדענבאַרג.

אַ שלעכט אויג האָט ער געהאַט אויף זײַן ברודער פֿון תּמיד, האָט ער איצט אויף אים אָנגערעדט פֿאַר זײַן פֿאָטער, דעם אַלטן עלקינס...

דער אַלטער איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער:

— צו אַלע נײַן און פֿערציק טײַוואָלים! מיט וועמען האָט ער עס אָנגעהויבן!... איך האָב געוווּסט, אַז קיין גוטס וועט פֿון זײַן חבר־שאַפֿט מיט דעם ייִדן נישט אַרויסקומען!... איך וועל זיך דאָך שעמען מײַן פּנים אין גלאַדסטאָן צו ווײַזן!...

יאָהאַן איז דאַן געווען אויפֿן הויף און געפּוצט זײַן פֿערדל מיטן קעמל און באַרשט.

דער אַלטער איז אַרויס צו אים. אין זײַן האַרץ האָט אַ הייזערי־

קער כּעס געזאָטן. ער האָט זיך צוריקגעקערט אין הויז אַרײַן, נאָך אַ מאָל איבערגעפֿרעגט הענריקן:

— ווי איז דאָס געווען זאַגסטו?!

— זי איז געלעגן אין פֿעלד, האָט זי יאָהאַן געפֿונען און אַהיימגעבראַכט און דערפֿאַר באַקומט ער דאָס מיידל פֿאַר אַ ווײַב און לאַנד פֿיל דערצו...

דער אַלטער איז ווידער אַרויס אין דרויסן, מיט זײַן דזשימיפּייפּ [22] אין מויל, האָט פֿאַרלייגט בײדע הענט אויף הינטן און, ווי אַ קאַץ צו אַ מויזלאָך, איז ער מיט שטילע, קליינע טריט צוגעגאַנגען צו זײַן זון יאָהאַן און פּלוצעם אויסגערופֿן:

— גוט־מאָרגן, הער יאָהאַן!

יאָהאַן האָט תּמיד נישט געמאַכט קיין סך רייד מיט זײַן פֿאָטער. און איצט, אַז ער האָט דערפֿילט די סאַטירישע ווענדונג, האָט ער זיך אַפֿילו נישט אומגעקוקט צו אים. האָט דער אַלטער אַ שטויס געטאָן זײַן זון אין פּלייצע:

— איך זאָג אײַך גוטן מאָרגן, גנעדיקער הער!

יאָהאַן האָט זיך אַ האַסטיקן דריי געטאָן מיט זײַן גאַנצן דינעם און שלאַנקן גוף:

— נאָר נישט געשטויסן, פּאַפּ! איך וויל נישט, מען זאָל מיך שטויסן אין פּלייצע!

— האַ, האַ, שוין באַקומען פּליי אין דער נאָז!

— מעג זײַן פּליי, אָבער איך וויל נישט, מען זאָל מיך שטויסן!

— נײַן און פֿערציק טײַוואָלים זאָלן דיך שטויסן! הערסט? — שרײַט־אויס דער אַלטער, אויפֿהייבנדיק זײַן רעכטע האַנט מיט אַ האַרטן פֿויסט צו יאָהאַנס פּנים — איך וועל דיר ווײַזן צו זײַן אַ העלד און זיך אײַנצוקויפֿן אין ייִדנס הויז אַרײַן...

— איך ווייס נישט, וואָס איר רעדט, פּאַפּ, און גלייב, אַז איר אַליין ווייסט אויך נישט פֿון וואָס איר רעדט און...

---

[22] אַ גראָבע, אַ פֿאַרבויגענע איבער דער גאָמבע.

— שווײַג! איך צעברעך אין דיר אַ יעדן ביין!

— האָפּ! — טוט יאָהאַן אַ מאַך צו זײַן פֿאָטער, אַקוראַט ווי ער וואָלט אָפּשטעלן אַ צעווילדעוועט פֿערד.

— האָפּ זאַגסטו? — האָט דער אַלטער אויסגעגלאָצט זײַנע גרויע אויגן און די גרוילעכע, לאַנגע ברעמען האָבן זיך אויסגעשפּיצט — האָפּ זאָגסטו?!...

און עלקינס האָט אָנגעכאַפּט זײַן זון מיט ביידע ברייטע הענט אַרום האַלדז און אים אָנגעהויבן טרייסלען אַהין און אַהער.

יאָהאַן האָט אַוועקגעוואָרפֿן דאָס קעמל און די באַרשט. זײַן פּנים איז געוואָרן פֿלאַמפֿײַער. און מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנ־געכאַפּט אין זײַן פֿאָטערס צעקנעפּלטן העמד, פֿון וואַנען עס האָט אַרויסגעשטעקט עלקינס באַוואַקסענער ברייטער און פֿלאַטשיקער האַלדז און אַ שטיק פֿון זײַן ברוסטביין.

אַ ווײַלע האָבן זיך פֿאָטער און זון געראַנגלט.

און יאָהאַן האָט מיט דער הילף פֿון זײַן לויזער האַנט זײַן פֿאָטער צו דער ערד אַוועקגעלייגט און איז אַליין אויך נאָכגעפֿאַלן.

פֿון אָנפֿאַנג איז יאָהאַן געווען פֿון אויבן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין עלקינס געלעגן אויף זײַן זון, ווי אַ שפּין אויף אַ פֿליג, מיט זײַנע ברייטע, גראָבע פֿיס צעשפּרייט און אײַנגעגראָבן אין דער גראָזיקער ערד, און מיט זײַנע הענט האָט ער אַלץ פֿעסט געהאַלטן זײַן זון אַרום גלאַטן ווײַסן האַלדז און פֿון זײַן ברוסט איז אַלץ אַרויס־געקומען אַ הייזעריקער געבייזער:

— כ׳ל דיר ווײַזן, ווי זיך אײַנצוקויפֿן אין אַ הויז פֿון אַ טײַוול, אַ ייִדן!... מײַן פּנים וועל איך נישט קאָנען ווײַזן אין גלאַדסטאָן!...

יאָהאַנס פֿערדל איז זיך געשטאַנען אַ צוגעבונדענער צו אַ סלופּ און געקוקט, און האָט זיך איטלעך מאָל געפּרוווט אָפּרײַסן, באַפֿרײַען פֿון סלופּ און האָט נישט געוואַגט אַ שטאַרקן שלעפּ טאָן מיט זײַן האַלדז... דער הונט טײַג איז אָנגעלאָפֿן און זיך צעלאָזן אין אַ מורא־דיקן קײַכיקן בילן. דער הונט איז געשפּרונגען דאָ צום אַלטן עלקינס

און דאָ צו יאָהאַנען, ווי ער וואָלט זיי וועלן צערייסן, און ווייטער געבילט, און איז אַוועק צום הויז.

הענריק איז אַרויס אַ קוק טאָן, צי עס קומט עמעץ פֿון וועג, און ער האָט דערהערט דאָס הייזעריקע קול פֿון זײַן פֿאָטער. ס'האַרץ האָט אים אַ זאָג געטאָן, אַז עפּעס מוז דאָרט זײַן. ער איז אַוועק. דער הונט לויפֿט פֿון פֿאָרנט און בילט. הענריק האָט די סצענע דערזען פֿון ווייטן און אַ דערשראָקענער איז ער צוגעלאָפֿן, און זיך געגומען בעטן בײַם פֿאָטער:

— פּאַ, פּאַ, פּאַ!

עס האָט נישט געהאָלפֿן.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז זײַן ברודער יאָהאַן איז בלייך ווי אַ טויטער, און באַלד, נאָך אַ מינוט, און זײַן פֿאָטער וועט יאָהאַנען דערווערגן, און אַלץ צוליב אים איז דאָס אַלץ געשען. ווען ער זאָל נישט געווען דערציילן זײַן פֿאָטער, וואָלט דאָך געווען גוט.

עס איז אים באַלד אַרויף אין געדאַנק אַלץ, וואָס ער האָט געהאָט קעגן זײַן ברודער יאָהאַן. די שווערסטע אַרבעט און די שמוציקסטע מוז ער טאָן. יאָהאַן פֿאָרט זיך תּמיד אַרום ווי אַ ספּאָרט אויף זײַן פֿערדל. יאָהאַן האָט אַלע שענסטע מיידלעך אויף דער פּריירי. יאָהאַן וויל גאָר נישט טאָן אין פֿעלד, נישט אין שטאַל, נישט אין הויז, זינט די זעליקע מוטער איז אַוועקגעגאַנגען אויף יענער וועלט... און איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז דער פֿאָטער וועט צומאַכן זײַנע אויגן, וועט יאָהאַן קומען צום גרייטן. ער איז קלוג און וועט שוין וויסן, ווי זיך צו פֿירן; וועט אים, הענריקן, גאָר אין גאַנצן אַרויסשטופּן...

נאָר פֿון דעסט וועגן האָט ער אַ קוק געטאָן אין יאָהאַנס בלייכן פּנים און ער האָט זיך אײַנגעבויגן, און אָנגעהויבן צו שטופּן זײַן אייגענעם קערפּער צווישן דעם פֿאָטער און יאָהאַנען.

עס איז אים אָבער נישט געלונגען זיי פֿונאַנדערצוגעמען.

דאַן האָט הענריק זיך נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן צו בעטן בײַ זײַן פֿאָטער:

— פּאַ, פּאַ, פּאַ!

דערוויַיל האָט יאָהאַן מיט זיַינע לעצטע כּוחות געבריקעט מיט זיַינע פֿיס אין פֿאָטערס בויך אַריַין. נאָר וואָס מער ער האָט געבריקעט זיַין פֿאָטער, אַלץ פֿעסטער און מיט מער כּעס האָט אים דער פֿאָטער געוואָרגן.

הענריק האָט אַ טראַכט געטאָן און אַוועק אין שטאַל, און באַלד צוריקגעקומען, און מיט פֿאַרביסענע ליפּן צווישן זיַינע ציינער האָט ער גענומען שמיַיסן מיט אַ לאַנגער, ווייכער ביַיטש זיַין פֿאָטער איבערן קאָפּ.

*

עטלעכע טעג נאָך יענעם אינצידענט זיַינען אַלע דריַי, דער אַלטער עלקינס און זיַינע זין הענריק און יאָהאַן, אַרומגעגאַנגען ווי פֿרעמדע, נישט גערעדט און נישט געקוקט איינער צום אַנדערן.

דער אַלטער עלקינס איז געווען אין שטעטל און עס איז אים אויפֿן וועג איַינגעפֿאַלן אַרויסצולאָזן אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז ער פֿאַרקויפֿט זיַין פֿלאַץ און פֿירט זיך אַריבער קיין קאַנאַדע.

ער האָט אַפֿילו געשמועסט מיט דעם ריעל עסטייט[23]־אַגענט, אַז ווי באַלד עס וועט זיך טרעפֿן אַ קונה מיט פֿופֿצן טויזנט דאָלער, וועט ער אים זיַין פּלאַץ אַוועקגעבן מיט אַלץ מיט אַנאַנד.

צוריקפֿאָרנדיק אַהיים, האָט ער זיך געטראַכט: סיַי ווי סיַי מוז מען מאַכן פֿלויטן. היַינטיקע וועלט וויל נאָר פֿלויטן! אַמאָל איז געווען פֿריַי, מען האָט נישט געדאַרפֿט וויסן, ווו עס גרענעצט זיך אייגעמס פֿעלדער. היַינט וויל מען פֿלויטן... און אין קאַנאַדע וועט אים זיַין אַזוי גוט ווי דאָ. אומעטום, ווו עס איז נאָר דאָ אַ קריסטלעכע נשמה, דאַרף מען נישט קיין פֿלויטן...

און עלקינס איז גאָר געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער פֿלעגט זייער פֿיל רויכערן, איינס נאָך דאָס אַנדערע. דער הויף איז אים שטאַרק

[23] האַנדל מיט אומבאַוועגלעכע גיטער, באָדן, היַיזער.

נמאס געוואָרן און האָט אים אָנגעהויבן צו פֿאַרדריסן. שוין אַריבער פֿינף און צוואַנציק יאָר, אַז עס וואַלגערן זיך דאָרטן אַרום אַלטע וועגענער, צעבראָכענע רעדלעך און שטיקלעך פֿון אַלטע פֿאַרראָס־טעטע מאַשינעס. די שטאַל איז אים אויך נמאס געוואָרן. און בײַ די חזירים פֿלעגט ער ווערן נערוועז, און ס׳רוב ווערן אין כּעס, און אָנ־כאַפּן אַ חזירל בײַ אַן אויער און עס דרייען אין דער לופֿטן. און ווען ער האָט זיך אַליין געפֿרעגט וואָס ער טוט, האָט עפּעס אין אים גע־ענטפֿערט:

— עט, ווינציקער מיט אַ חזירל, דעם פֿרעמדן רוח!

זײַנע ברויטן האָט ער פֿאַרלאָזן און זיי זײַנען איצט, נאָך מער ווי תּמיד, פֿאַרפֿיקעוועט געוואָרן מיט ווילדע קרײַטעכער. אייניקע שויבן פֿון די פֿענצטער פֿון זײַן הויז האָט דער האָגל אויסגעקלאַפּט, האָט ער זיי מיט אַלטע זעק פֿאַרשטעקט, וואָס עס האָט דעם הויז צוגעגעבן אַן אָפּגעלאָזן, ווילד אויסזען.

און גערעכט האָט ער זיך געגעבן:

— ניין, איך וועל נישט דערלאָזן ייִדיש בלוט אין מײַנע דורות אַרײַן!...

ער איז נאָך מער פֿויל געוואָרן. פֿלעגט זיך לייגן שלאָפֿן פֿרי אין אָוונט און אויפֿשטיין שפּעט אויפֿן מאָרגן. די קי פֿלעגן רעווען פֿון הונגער אין שטאַל. די חזירים פֿלעגן מאַכן גוואַלדן. און די פֿערד פֿלעגן קלאַפּן אין די דילן פֿון שטאַל מיט זייערע פֿיס.

— זאָל שוין קומען דער קונה! — איז געווען דאָס אײנציקע גע־בעט, וואָס דער אַלטער עלקינס פֿלעגט מורמלען אויפֿשטייענדיק און לייגנדיק זיך...

און צו זײַן פֿאַרטרויונג־זון, הענריק, האָט ער אַזוי איין מאָל געזאָגט:

— אין קאַנאַדע זײַנען נאָך דאָ און דאָ אַ סך לענדער, וואָס דער טײַוול האָט נאָך נישט אָנגערירט... איך וויל שוין מער נישט טאָן גאָר נישט. איך וועל זיצן אין הויז און רויכערן. דו האָב חתונה, באַ־זעץ זיך דאָרט אויף אַ שטיק ערד און הייב־אָן דײַן וועלט... פּופּצן

בושלס [24] ווייץ קאָן מען אַרויסבאַקומען פֿון דעם קאַנאַדער אַקער [25] ערד. דאָ איז די ערד שוין אָרעם ווי דער טויט און מען דאַרף זי נאָך באַפּוצן מיט פּלויטן...

— און יאָהאַן? — האָט הענריק אַרײַנגעשטעלט מיט אַ ניט־זיכערן טאָן.

— יאָהאַן... דערמאָן מיר ניט זײַן נאָמען! זאָל ער דאָ בלײַבן. דערמאָן אים נישט!...

הענריק האָט אַפֿילו הנאה געהאַט פֿון דעם, וואָס זײַן פֿאָטער וויל נישט מען זאָל דערמאָנען יאָהאַנס נאָמען, אָבער ער האָט מורא געהאַט פֿאַר דעם, וואָס זײַן פֿאָטער שאַרט אים אונטער צו בויען זײַן אייגענע וועלט און חתונה האָבן... ער האָט נאָר נישט געוווּסט, פֿון וואַנען מען הייבט־אָן פֿרי:ער... גאָר נישט, אָט אַזוי, עס זאָל זיך גיין ווי עס איז געגאַנגען ביז איצט, וואָלט געווען גוט... ווי אַזוי הייבט מען אָן אַן אַנדער מין וועלט?...

יאָהאַן איז אַרומגעגאַנגען אין הויז ווי אַ קלוגע קאַץ, ווען זי האָט עפּעס אָפּגעטאָן בײַם טעפּל מיט דער סמעטענע, אַלעמען אויס־געמיטן דעם וועג, זייער ווינציק געשלאָפֿן און איז זייער פֿיל אַרומ־געפֿאָרן רײַטנדיק איבער דער פּרייִרי און אין שטעטל. צו די גאָל־דענבאַרגס אין הויז האָט ער עפּעס נישט געקאָנט קומען.

ער האָט געפֿילט, אַז ער האָט דאָ עפּעס פֿאַרקאָכט... ווי אַזוי זאָל ער זיך ווײַזן פֿאַר דבֿורהן אין די אויגן? וועט זי אים נישט אַרויס־וואַרפֿן פֿון הויז?...

אַ סך מאָל האָט ער זיך געלאָזט פֿאָרן צו גאָלעדנבאַרגס הויז. זאָל זײַן וואָס עס וויל זיך!... און נישט אויסגעפֿירט זײַן פּלאַן.

פֿון דעסט וועגן האָט ער געוואַרט אויף אַ גוטער געלעגנהייט.

דער שבת איז בײַ די גאָלדענבאַרגס אין הויז אַוועקגעגאַנגען זײַן געוויינטלעכן, אומעטיקן און אײנזאַמען וועג.

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט אָנגעגרייט ווײַס ברויט געפֿילט מיט

---

[24] (ענגלישע מאָס) 35,24 ליטער (צירקונפערענץ). — [25] 400 קוו׳ מעטער.

ראָזשינקעס און אַלערליי מאַכלים פֿון איר אייגענעם גאָרטן. (זי פֿלעגט זײַן שטאָלץ אויף איר אייגענעם גאָרטן, איבער וועלכן זי אַליין פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט אַרבעטן). זי האָט אויך אָנגעגרייט עטלעכע פֿליישן, ווי געבראָטענע ברוסט, געקאָכטע ריפּן און אַ געפֿילטע הון מיט מעל און שמאַלץ.

הער גאָלדענבאַרג און דער פֿערדיונג זײַנען געווען פֿאַרנומען אַ גאַנצן אינדערפֿרי מיט לײַכטע קלייניקייטן אַרום הויז, שטאַל און הויף.

דבֿורה האָט געלייענט די צײַטונגען און זשורנאַלן. און קומענדיק איבער דער נאָטיץ אין דער גלאַדסטאָנער צײַטונג, איז זי פֿריִער געוואָרן בלאַס, און באַלד האָט זי אָנגעהויבן צו פֿיבערן מיט איר גאַנצן קליינעם קערפּער. עס איז איר נאָך אַ מאָל אויפֿגעקומען די זעלביקע מיאוסקייט, וועלכע זי האָט געפֿילט די גאַנצע צײַט פֿון איר ליגן אין יאָהאַנס שויס, ווען ער האָט זי פֿון דער פּריירי אַהיימגעבראַכט.

זי האָט געוואָלט אַ רוף טאָן איר מומען, נאָר אַזוי ווי זי האָט דאָס געפֿיל פֿון מיאוסקייט געהאַלטן פֿאַרשלאָסן אין זיך, און געוווסט האָט זי, אַז אויב זי וועט עס דער מומען דערציילן, וועט איר אַליין, דבֿורהן, נאָך מערער נישט גוט ווערן אויפֿן האַרצן, האָט זי דערפֿאַר געטראַכט, אַז פֿאַר איר איז בעסער דאָס אין זיך אַליין דערשטיקן, און אָט די קליינע נאָטיץ, וואָס יאָהאַן האָט אין צײַטונג אַרײַנגעגעבן, מוז זי אויך פֿאַרניכטן. קיינער אין הויז זאָל דערפֿון נישט וויסן.

און זאָל ער קומען נאָך איר האַנט!

זי האָט די נאָטיץ פֿון צײַטונג אַרויסגעריסן און אים אין קליינע פּיצלעך צעפֿליקט.

— אַ העלד... — האָט זיך דבֿורה געטראַכט, ווערנדיק בלאַס פֿון אינערלעכער אויפֿרעגונג — ווען זי זאָל נישט געווען זײַן אַזאַ נאַר, וואָלט זי באַדאַרפֿט אין מיטן וועג אַרונטערשפּרינגען פֿון זײַן שויס און אַליין אַוועק אַהיים!...

און נאָך דעם, אַז איר אָנקל האָט זיך גענומען בלעטערן אין די צײַטונגען, האָט זי געציטערט ווי אַ פֿיש, ער זאָל נישט קומען אײַ־בער יענעם אָרט, וווּ זי האָט אויסגעריסן די נאָטיץ...

עס איז, צו איר גליק, אַלץ אַריבער גלאַט.

מען האָט, ווי געוויינטלעך, אָפּגעגעסן דעם מיטאָג.

דער פֿערדיונג איז אַוועק אין זײַן צימער זיך אויסרוען. הער גאָלדענבאַרג מיט דער פֿרוי זײַנען אַוועק אַ קוק טאָן אויף דעם ווייץ אין די שאָקן. זיי האָבן אַפֿריִער געפֿרעגט בײַ דבֿורהן, צי זי וועט נישט האָבן דערקעגן צו בלײַבן איינע אַליין. דבֿורה האָט זיך מחיה געווען מיט דעם, וואָס זי וועט קאָנען בלײַבן איינע אַליין.

— פֿאַר וואָס נישט? גייט געזונטערהייט!...

ווען מאַן־און־ווײַב זײַנען אַרויס אין פֿעלד, האָט זיך די פֿרוי גאָלדענבאַרג אָנגערופֿן צום מאַן:

— עפּעס איז דבֿורה אַזוי בלאַס, באַמערקסט?...

— אַ קלייניקייט אַזאַ וויטיק! און דערשראָקן זיך אויך.

— נישט דאָס מיין איך. עפּעס איז זי בלאַס... האָסט נישט געזען מיטוואָך אין אָוונט, אַז דער פֿערדיונג איז אַרײַן, ווי זי איז מיט אַ פֿרייד אַרונטער קעגן אים... זי האָט גאָר פֿאַרגעסן אין איר־פּוס...

— זאָל זײַן מיט גליק... מען דאַרף אָבער פֿריִער אַ פֿרעג טאָן בײַ דער שוועסטער... אפֿשר וויל זי דבֿורהן אָפּנעמען אין שטאָט אַרײַן.

— ווער וועט זי לאָזן צונעמען פֿון מײַן הויז?...

— זיי וואָלטן אונדזער הויז באַצירט מיט פֿרייד. אָבער...

— וואָס? — פֿרעגט רחל ווי אָנגעשראָקן.

— אָבער אײַזיק האָט זײַן באַשלוס נאָך נישט געענדערט.

— ער וויל טאַקע אַוועקגיין. איך האָב געמיינט, איצט אַז עס איז דאָ אַזאַ מיידל אין הויז...

— ער זאָל נאָך נישט מיטשלעפּן דבֿורהן...

— גיי שוין, גיי, איך וועל מיט איר אַ רייד טאָן. און זי וועט שוין אַלץ ביי אים פּועלן.

— און זיי וועלן זיך ליב האָבן, און זיי וועלן אַ קינד האָבן... — האָט רחל ווי אויסגעזוונגען — וועל איך זייער קינד ליב האָבן, ווי עס וואָלט געווען אונדזער טאָכטערס אַ קינד...

— קאָנסט זיך נאָך אָנשמעקן מיט דעם און אויך...

— איך שוין נישט...

— ביסט נאָך יונג גענוג!

— איך שוין נישט... מײַן צײַט איז שוין אַוועק מיט דעם ווינט... איך וואָלט שוין באַדאַרפֿט האָבן דערוואַקסענע קינדער און צוקוקן ווי זיי לעבן...

— רייד נישט אַזוי, נאַרעלע, עס איז ביי גאָט אין די הענט. אַלץ האָבן מיר מיט אונדזערע אייגענע הענט זיך גענומען און די איינציקע זאַך האָט גאָט פֿאַרקוקט... עס קאָן נאָך קומען...

— און עס וועט שוין נישט קומען.

— וועסטו זען.

— זאָל דער פֿערדיונג זען ביי דבֿורהן...

— און אַז דבֿורהלע וועט דיר דערציילן דעם ערשטן סוד?...

— וועל איך זי אַ קוש טאָן.

פֿרוי גאָלדענבאַרגס פּנים האָט זיך געררויטלט און זי האָט טרויערעריש ווײַטער געצויגן:

— איכ׳ל זי קושן און זי היטן, אַז זי זאָל קיין שווערע זאַכן נישט טאָן. זי וועט ביי מיר די שוועל פֿאַמעלינקע אַריבערטרעטן...

— איך זאָג דיר, אַז דו וועסט זיך אָננעמען מיט דעם... האָבן זיך אונדזערע הייליקע מוטערס פֿון חומש דען נישט אָנגענומען פֿון אַנדערע ווײַבער?...

— הײַנטיקע צײַטן האָב איך נאָך נישט געהערט, אַז אַ פֿרוי פֿון אַריבער פֿערציק זאָל — — —

אַזוי ריידנדיק זײַנען זיי צוגעקומען צום פֿעלד, ווו דער ווייץ איז געשטאַנען אײַנגעהילט אין גאָלד, איין שאָק נאָכן אַנדערן.

— זינט די וועלט איז אַ וועלט האָט נאָך קיינער אַזוי גוט נישט געשניטן! — האָט הער גאָלדענבאַרג באַמערקט.

— הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — זאָגט רחל, ווי זי וואָלט זיך פּלוצעם דערמאָנט אין אַ זייער וויכטיקער זאַך — אָט דער איציק איז אַ גוטער אַרבעטער, נאָר מיר געפעלט ער נישט. ער איז אַ קרענק...

זי האָט נאָך געוואָלט ריידן, נאָר עפּעס האָט הער גאָלדענבאַרג אַ מאָדנעם קוק געגעבן אויף איר, און זי האָט גענומען גיין נאָך אים און געשוויגן.

— יז —

נאָך דעם ווי דבורה איז אַרונטער פון בעט האָט זי אָנגעהויבן צו פּילן אַן אַנדער מין אינטערעס אין דעם לעבן אויף איר אָנקלס פּריירי. זי האָט זיך גוט אַרײַנגענומען אין מוח איר מומעס ווערטער, אַז דער, וועמען אַ פערד וואַרפט ניט אַרונטער, איז גאָר קיין רײַטער נישט. און זי האָט זיך פון פערדיונג אויסגעלערנט ווי אָנצוזאָטלען אַ פערד. און נישט אַכטנדיק, וואָס קיטי האָט זי איין מאָל אַרונטער־געוואָרפן, פלעגט זי דווקא נעמען קיטין, זי אָנזאָטלען און אָפּט אַרויסרײַטן.

רײַטן פלעגט זי אין פעלד אָן אַ צוועק און אָפּט אַזוי אָפּרײַטן אַ פּאָר מײַל, און זיך אַליין כאַפּן, אַז זי איז שוין ווײַט פון דער היים. „און וואָס האָב איך געטראַכט? פון גאָר נישט!...“ עס איז איר אָבער גוט געווען צו רײַטן און צו טראַכטן. פלעגט זי עס טאָן אָפּט און נאָר מיט קיטין, ווי זי וואָלט וועלן ווײַזן דעם דאָזיקן פערדל, אַז זי האָט נישט קיין מורא פאַר אים.

און דער פערדיונג, איציק, האָט איר אין דעם געהאָלפן:

— זאָלסט ניט שרײַען, ווען דו זיצסט רײַטנדיק אויף אַ בראָנקאָ־פערד. נאָר איין שפּראַך ווייסט דאָס פערד: „גיב אים אַ רײַב מיט בײַדע פיס אין די פלאַנקן!...“ — פלעגט ער איר געבן צו דער־קלערן מיט זײַן באַדײַטפולן, פעסטן טאָן און דערבײַ ווי זיך גע־בייזערט.

דבֿורה האָט נישט געגליכן דעם בייזער און זײַן טאָן, ווי אויך אייניקע אַנדערע מאַנירן זײַנע. צום בײַשפּיל, ווען דער פֿערדיונג פֿלעגט לאַכן, האָט ער עס געטאָן, ווי עס וואָלט דונערן אין די הימלען. זי האָט פֿײַנט געהאַט צו קוקן אויף זײַן פֿאַרוואַקסן, האַריק פּנים, און ער פֿלעגט, ווי אויף צו להכעיס עמעצן, זיך אָפּט נישט גאָלן. עס פֿלעגן אַ מאָל אַוועק עטלעכע וואָכן און זײַן פּנים פֿלעגט באַוואַקסן ווערן מיט אַ געדיכטן, שוואַרצן בערדל.

דבֿורה האָט איין מאָל געמאַכט אַ שמועס מיט דער מומען אי־רער פֿון דעם און עס האָט זיך אויסגעלאָזן:

— הערסט? — האָט די מומע געזאָגט — מענער זײַנען אַ סך שענער מיט אַ באָרד ווי מיט אַ גלאַטן פּנים.

דבֿורה האָט נישט געהאַט און נישט געוואָלט עפּעס זאָגן קעגן דער מומעס מיינונג. יענע קאָן נאָך באַמערקן, אַז זי רעדט צו פֿיל וועגן דעם פֿערדיונגס חסרונות. און זי האָט זייער נישט געוואָלט, אַז מען זאָל איצט אַנטפּלעקן די געפֿילן, וועלכע האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן צו אויפֿוויקלען אין איר האַרץ.

דערווײַל האָט זי זיך אָנגעהויבן מער אַרײַנקוקן אין דעם פֿערד־יונגס באַוועגונגען. און זי האָט אויך דערפֿילט אַ נייגונג צוצוטרעפֿן זײַנע פֿאַרלאַנגען: דעם זאָטל האָט זי אויפֿגעהאָנגען תּמיד אויף דעם אייגענעם פּלאַץ, ווו זי האָט עס גענומען. און אַז זי פֿלעגט אַרונ־טערנעמען דאָס צוימל פֿון קיטין, פֿלעגט זי די לייצעס אַזוי פֿאַר־בינדן אין די צוימרינגען, ווי אײַזיק האָט עס איר איין מאָל געוויזן צו טאָן.

און גליקלעך האָט זי זיך געפֿילט, אַז איר טאַנטע האָט איר געהייסן דאָס צימערל, וווּ דער פֿערדיונג פֿלעגט שלאָפֿן, אויפֿצו־רוימען. זי האָט שוין דעם לײַלעך אויף זײַן בעט אַזוי גלאַט פֿאַר־צויגן און דאָס קישעלע אַוועקגעלייגט אַזוי, אַז עס זאָל אים זײַן ניט שטאַרק הויך צוקאָפּנס און ער זאָל קאָנען אויסרוען זײַנע אָנ־געהאָרעוועטע ביינער.

און נאָך דעם, ווי זי איז געווען עטלעכע מאָל אין זײַן צימערל,

האָט זי זיך דערוווּסט פֿון דעם באַרג ביכער, וועלכע זײַנען דאָרט געלעגן אין אַ ווינקל אויפֿן דיל אָנגעוואָרפֿן, אַז ער איז נישט אַזוי פֿראָסט און פֿאַרגרעבט ווי ער קוקט־אויס.

האָט זי זיך גענומען מערער אינטערעסירן מיט אים, וואָס ער טוט אין די אָוונטן.

באַלד נאָכן עסן, כּמעט יעדן אָוונט, עס מעג זײַן געדונערט און געבליצט, פֿאַרנעמט ער זיך אין זײַן צימערל אַרײַן. דבֿורה פֿלעגט פֿאַר אים שוין אָנגיסן אַ פֿול לעמפּל מיט נאַפֿט. און אַלע אין דער פֿרי איז דאָס געווען ליידיק. האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז ער לערנט אָדער ער לייענט זײַנע גראָבע ביכער.

זי האָט נישט געוואָלט ריידן דערפֿון מיט איר טאַנטע, ווײַל די לעצטע האָט איר אַ מאָל געזאָגט, אַז דער פֿערדיונג איז אַ מענטשנ־האַסער.

— אַ מענטש ווייסט נאָר זײַן צימערל...

— ווי קאָן אַזעלכער פֿײַנט האָבן אַ מענטשן? — טראַכט זיך דבֿורה — אַז ער האָט אַפֿילו די פֿערד ליב?...

נאָר ריידן טיפֿער וועגן דעם ענין מיט דער טאַנטע האָט זי נישט געקאָנט.

און עס האָט זיך דבֿורהן גענומען דאַכטן, אַז בײַ איר האָט זיך אָנגעקליבן אַזוי פֿיל צו ריידן, אָבער אַלץ אַזעלכעס, וואָס זי וואָלט עס נאָר אים אַליין געקאָנט דערציילן. און דערפֿאַר האָט זי געקראָגן אַ חשק צו די זעלביקע אַרבעטן, וואָס ער פֿלעגט טאָן.

הער גאָלדענבאַרגן האָט עס געשמייכלט, וואָס זײַן שוועסטערס מיידל פֿון דער שטאָט האָט זיך צוגעווווינט צו דער פּריירי, און ער האָט זיך אין דער שטיל מיט זיך אַליין געטיילט מיט דער שׂמחה און אויסגעלייגט פּלענער פֿאַר איר צוקונפֿט מיט דעם פֿערדיונג.

און ער פֿלעגט נאָך אונטערגעבן מוט און פֿאַרשטאַרקן די גע־לעגנהייט, אַז זיי זאָלן זיך טרעפֿן אָפֿט אַליין אויג אויף אויג אין פֿעלד. און אַז מען האָט געשניטן די אַלפֿאַלפֿאַ, איז דבֿורה אויך אַרויס אַרבעטן מיט דעם שאַרער.

זיי זײַנען געבליבן אויג אויף אויג.

נאָך יעדן ראַנד אַרום דעם פֿעלד איז דער פֿערדיונג געבליבן שטיין אויף אָפּצורוען די פֿערד, די מאַשין אָנצואײַלן און די שנײַד־מעסערלעך מיט קאַלטע וואַסער צו באַוואַשן פֿון דעם טונקלגרינעם אָנגעפּאָפּעכץ [26].

דבֿורה האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט מיט דעם שאַרער בײַ דעם אייגענעם ברעג פֿון פֿעלד, ווו דער פֿערדיונג פֿלעגט זיך אָפּשטעלן, און אַזוי פֿלעגן זיי זיך איבערוואַרפֿן מיט אָפּגעריסענע ווערטער.

ביידע האָבן געהאַט זייער פֿיל אויף זייערע הערצער.

און דער פֿערדיונג איז שטאָלץ געוואָרן, וואָס דבֿורה העלפֿט אים אין זײַן אַרבעט, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי שײַנט מיט טויזנט זונען. און ווי גלײַך זי איז דאָס געזעסן אויף דעם שאַרער מיט די לייצעס אין די הענט! און ווי גלײַך די ווינטרייען זײַנען דאָס געלעגן אין אַ פּירעקיקן קאַסטן אַרום דעם אַלפֿאַלפֿאַ־פֿעלד!

אַ ווינטל האָט געבלאָזן.

און אײַזיק האָט געטראַכט:

— ווען איך וואָלט געווען דער ווינט און וואָלט זיך איבער די אַלפֿאַלפֿאַ־רייען דורכגעבלאָזן!

— יח —

אין אָוונט, אַז הער גאָלדענבאַרג איז אַרויס אַ קוק טאָן פֿון זײַן הויז צו דעם ווײַטן פֿעלד מיט דער אָפּגעשניטענער אַלפֿאַלפֿאַ, האָט ער געזאָגט, אַז עס זעט־אויס ווי אַ סך, אַ סך ווײַסינקע שעפֿעלעך זײַנען זיך צוזאַמענגעלאָפֿן און זיך אויף דעם פֿעלד געלייגט צו אָפּרוען איבער נאַכט.

דער פֿערדיונג איז אויך אַרויס אַ קוק טאָן.

די זון האָט געהאַלטן בײַם אַרונטערגיין פֿון יענער זײַט באַרג אין מערבֿ־זײַט פֿון גאָלדענבאַרגס הויז.

---

[26] איבערבלײַב פֿון צעריבענעם גרינס.

דער פֿלאַכער און ברייטער טאָל האָט זיך גערויטלט און ווייך געמאַכט דאָס אָנגעשטרענגטע אויג.

עס איז געווען שטיל אַרום אויף ווײַטע ווײַטן.

און העט אין מזרח, אויף אַ באַרג, האָט זיך דערזען אַ קליינע פֿיגור פֿון אַ פֿערד.

די גאָלדענבאַרגס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף אַן אַלטן איבער־געקערטן שליטן, וואָס איז געלעגן נעבן הויז; דבֿורה האָט זיך נאָך באַשעפֿטיקט מיט הויזאַרבעט און איז אַלע מאָל אַרײַן אין הויז און צוריק אַרויס. פֿון די טיפֿענישן פֿון דער ערד האָט אָפּגעקלונגען דאָס אײדעלע, ריטמישע געזאַנג פֿון אירע פֿיס.

דער פֿערדיונג איז געלעגן צעשטרעקט אויף דעם גראָז, אונ־טערגעשפּאַרט מיט זײַן רעכטן אָרעם און ערגעץ ווײַט זײַנע אויגן געצילט.

— נאָר די ווײַסינקע שעפֿעלעך, איך וואָלט שווערן... — האָט הער גאָלדענבאַרג איבערגעחזרט, קוקנדיק צו דעם ווײַטלעכן אַל־פֿאַלפֿאַ־פֿעלד.

— איך האָב שוין געשניטן אַלפֿאַלפֿאַ אין פֿאַרשיידענע ערטער, אָבער אַזאַ ווי די הײַנטיקע באַוווּנדער איך! — האָט דער פֿערדיונג ווי אויסגעלאָזן אַן אינערלעכן לאַנגן געשפּרעך.

פּלוצעם האָבן אַלע אָנגעשטעלט די אויערן.

— מיר דאַכט, עס קומט אַ רײַטער... — האָט הער גאָלדענבאַרג געזאָגט.

דאָס קלאַפּן פֿון די פֿערדישע פֿיס האָט זיך דערנענטערט.

דבֿורה איז אַרויסגעקומען פֿון הויז שנעל און אין איין אָטעם אָנגעזאָגט:

— אַ רײַטער קומט!

אַלע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט, חוץ דעם פֿערדיונג, און זײַנען אַוועק צום פֿאָרנט פֿון הויז. צום הויז זײַנען צוגעריטן צוויי רײַ־טערס און ביידע האָבן מיט איין מאָל אויסגעשריִען:

— גוטן אָוונט!

— אָ, יאָהאַן! גוטן אָוונט! — האָט הער גאָלדענבאַרג מיט גאַסט־פֿרײַנדלעכקייט געענטפֿערט — און וועמען האָב איך די ערע צו קענען? — האָט גאָלדענבאַרג געפֿרעגט אויף דעם צווייטן יונגן מאַן.

— דאָס איז מײַנער אַ פֿרײַנד... איך האָב מיט אײַך זייער וויכטיקס צו שמועסן! — האָט יאָהאַן געזאָגט, כאַפּנדיק אַ בליק צו דבֿורהן, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער טיר פֿון הויז און זיך געטוליעט צו פֿרוי גאָלדענבאַרג.

— מיט מיר, זייער פֿײַן. קומט אין הויז אַרײַן! — האָט הער גאָלדענבאַרג מיט אַ שמייכל געזאָגט.

יאָהאַן איז אַרונטער פֿון זאָטל מיט איין שפּרונג. ער האָט זײַן פֿרײַנד אויך מיטגעבעטן, אָבער יענער האָט געקוקט דאָ צו דעם קאָפּ פֿון זײַן פֿערד, דאָ צו דבֿורהן, וועלכע, ווי אים האָט זיך געדאַכט, לאַכט פֿון אים עפּעס אָפּ... און ער האָט בעסער אויסגעקליבן צו בלײַבן אויפֿן פֿערד.

ביידע פֿרויען זײַנען צוריק אַוועק צום אַלטן שליטן, נאָך דעם ווי הער גאָלדענבאַרג האָט אַרײַנבאַגלייט יאָהאַנען דורך דער אָפֿענער טיר אין הויז אַרײַן.

דער פֿערדיונג איז נאָך אַלץ געלעגן אויפֿן גראָז. ער האָט אַפֿילו נישט געפֿרעגט, ווער עס איז דאָרטן געקומען. זײַן וועלט און זײַן בליק זײַנען געווען אין דער ווײַטער ברוינלעך־טונקעלער מערבֿשער אומבאַשטימטקייט.

דבֿורה האָט זיך אָנגעשפּאַרט בײַם שליטן און מיט שרעק גענומען טראַכטן, אַז יאָהאַן איז דאָס איצט, ווײַזט אויס, געקומען בעטן איר האַנט...

און פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך פֿאַרטראַכט. איבער עפּעס אַ סיבה האָט זי זיך גראָד איצט ווידער דערמאָנט, ווי אַזוי איר שוין לאַנג געשטאָרבענע מאַמע איז צו איר געקומען איין מאָל פֿאַר נאַכט, ווען זי איז געזעסן גאַנץ אַליין אויפֿן שוועל פֿון הויז און געקוקט אויף דער שטילער און לײדיקער ווײַטקייט... איר מוטער איז צו איר דאַן געקומען ווי אַ לעבעדיקע, מיט אַ גרויסער שאַל אויפֿן קאָפּ,

און האָט זיך שטיל אָוועקגעזעצט נעבן איר און האָט בײַ איר מיט רחמנות געפֿרעגט:

— טאָכטערל, אַווו האָסטו זיך פֿאַרקליבן אין אַזאַ ווײַטן לאַנד... צווישן פֿרעמדע? — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָכטלעכער און טונקעלער איז אויף דער פּריירי געוואָרן און פֿון הויז אַרויס האָט זיך באַלד דערהערט דער גאָלדענבאַרגס קול:

— רחל, רחל! קום נאָר אַרײַן, קום־אַרײַן!

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך גלײַך אַ הייב־געטאָן און מיט שנעלע טריט גענומען גיין צו דער טיר פֿון הויז, און דערבײַ געטראַכט:

— עס איז גאָר נישט...

און זיך דערמאָנט:

— עס הענגען דאָך צוויי ביקסן אויף דער וואַנט.

און זי האָט אַ שווערן זיפֿץ געטאָן:

— וואָלטן נאָר צוויי קינדער פֿאַר די צוויי ביקסן אויפֿגעוואַקסן...

*

ווען דער גאָלדענבאַרג האָט אַרײַנגערופֿן זײַן פֿרוי אין הויז, איז פֿאַר דבֿורהן נאָך קלאָרער געוואָרן, אַז יאָהאַן איז דאָס טאַקע צוליב איר געקומען. און דער גאַנצער עקל, וואָס זי האָט געפֿילט צו יאָ־האַנען, האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין האַרצן.

אין דרויסן איז פֿון דער טונקלקייט אַ פֿינצטערניש געוואָרן און מען האָט שוין נישט געקאָנט דערקענען דעם צווייטנס פּנים.

מיט אַ מאָל אָבער האָט זיך איבער דער צפֿון־זײַט פֿון דעם הויכן סקאָסנעם דאַך גענומען שפּאַרן אַ לײַכטער ווײַסער שײַן — ערגעץ אַרויף אויף דער אַנטקעגנדיקער זײַט פֿון הימל האָט אויפֿ־געשײַנט דער צפֿון־שײַן.

דבֿורה האָט זיך פֿאַרגעסן אין אַלץ, איז אויפֿגעשפּרונגען און פֿריילעך אויסגעשריגן:

— דאָס צפֿון־ליכט! דאָס צפֿון־ליכט!...

דער פֿערדיונג האָט זיך פֿון גראָז אויפֿגעהויבן, אויף זײַנע פֿיס

אויפֿגעשפּרונגען און איז געבליבן שטיין מיט פֿאַרגאַפּטע אויגן צום הימל געווענדט:

— וואָס ווילן דאָרט די גײַסטער פֿון די ווײַטע, אײַזיקע לענדער? זיי שרעקן אונדז מיט זייער שטראַליקן ליכט. און זע נאָר, ווי די שטראַלן הייבן זיך אין הימל אַרײַן, ווי פֿײַערדיקע זײַלן, און ווי זיי ציִען ערגעץ אַהין, אַהין...

— שטעט מוזן דאָרט איצט ברענען! — האָט זיך דבֿורה אָפּגע־רופֿן, צוקומענדיק גאָר נאָענט צו אים.

— און אויב עס זײַנען דאָרטן דאָ שטעט וואָס ברענען, מוזן דאָס זײַן יידישע שטעט... — האָט דער פֿערדיונג צוגעגעבן.

דבֿורה האָט זיך אומגעקוקט אויפֿן פֿערדיונג. ער איז געשטאַנען ווי אַן אײַזערנער און איז געווען פֿאַרגאָסן פֿונעם צפֿון־ליכט...

זי האָט זיך מיט אַ מאָל צוגעפּרעסט צו אים און געפֿרעגט:

— אײַזיק, ווער ביסטו?... אײַזיק!... איך קאָן דאָך דיך נישט... איך ווייס נישט ווער דו ביסט... זײַ נישט אַזוי באַהאַלטן! זאָג...

די נאַכט איז געווען פֿינצטער, און ליכטיק, און שטיל.

דער פֿערדיונג האָט זיך אומגעקוקט אויף דער קליינער דבֿורה, האָט זי אַרומגענומען מיט דער גרויסער האַנט און געזאָגט:

— דבֿורה, איך האָב דיר אַ סך צו זאָגן, אָבער הער: איך וויל, אַז דו זאָלסט וויסן, אַז איך וועל אַוועק קיין פּאַלעסטינע און איך וויל אויך, אַז דו זאָלסט נישט מיינען, אַז עפּעס קאָן מיך אָפּהאַלטן. קיין זאַך וועט נישט מאַכן צו ענדערן מײַן באַשלוס. דאָרטן וועל איך בויען מײַן היים און נישט ווי אַ פֿרעמדער צווישן פֿרעמדע... איך בין שוין געווען אַ פֿרעמדער אין דער גאַנצער וועלט און איך וויל שוין מער קיין פֿרעמדער ניט זײַן. איך וויל צו דער היים פֿון אונדזערע אָבֿות... דאָרטן, ווען איך וועל זיך מיִען און אַרבעטן פֿלײַסיק, וועט דאָס נישט פֿאַרפֿרעמדט ווערן.

— הער גאָלדענבאַרג מיינט, אַז אַלע שכנים האָבן אים דאָ ליב, און ער ווייסט נישט, אַז דער גוי איז שטיל און פֿאַרביסן...

— אָט דאָ נישט לאַנג ברענג איך אַרויס אונדזער שוואַרצן סאַ־

מעטענעם אָגער [27] קיין גלאַדסטאָן אויף אינספּעקציע... עס זײַנען זיך אַהין אָנגעפֿאָרן אַ סך פֿאַרמערס פֿון אַרום־און־אַרום. דער רעגירונגס־דאָקטער באַטראַכט זייערע אַלעמענס פֿערד, און מיט אַלעמען איז גוט און פֿײַן. קיינעם אַרט נישט, קיינער זאָגט גאָר נישט... נאָר ווען עס קומט צו הער גאָלדענבאַרגס פֿערד, ציִען אַלע אָן זייערע אויגן און איינער רעדט אַרויס:

— דאָס בלוט פֿון יעזוס האָט דער ייִד אין זײַן פֿערד אַרײַנגעגאָסן, ווי עס שײַנט...

— און אין די אויגן רײדן זיי דאָך אַלע אַזוי פֿרײַנדלעך: „הער גאָלדענבאַרג״ און „הער גאָלדענבאַרג״... און דאָס איז טאַקע דאָס אומגליק, דבֿורה! דער גוי טראָגט זײַן גיפֿטיקע שׂנאה הינטן־אַרום...

— און אַז איך קום און דערצייל דאָס דעם הער גאָלדענבאַרג, וויל ער נישט גלייבן און דרינגט נאָך, אַז עס קאָן גאָר נישט געמאָלט זײַן אין אַמעריקע... די פֿאָטערס פֿון דעם לאַנד זײַנען געווען אַלע גלײַך...

— יאָ, יאָ. די פֿאָטערס פֿון דעם לאַנד זײַנען געווען אַלע גלײַך און אַלע גלײַך האָבן געעפֿנט די טויערן פֿאַר דער גאַנצער וועלט. הײַנט אָבער זײַנען זיך אַהער אָנגעלאָפֿן אַלערליי גויִשע פֿעלקער, וואָס האָבן אין זייערע בוזעמס געבראַכט דעם האַס צו אַלץ, וואָס איז נישט גויִש, דעם האַס וואָס זייערע מוטערס האָבן אין זיי אַרײַנגעגאָסן מיט דעם מילך פֿון זייערע ברוסטן... זיי זײַנען אַהער אָנגעקומען און האָבן פֿאַר זיך קלויסטערס געבויט און אין די קלויסטערס — שולן פֿאַר זייערע קינדער געמאַכט. און דאָרט אַוועקגעזעצט לערערס, וואָס האָבן אין זיך אויך אַרײַנגעזויגן דעם גיפֿטיקן האַס צו אַלץ, וואָס איז נישט גויִש...

— הער גאָלדענבאַרג דרינגט, אַז עס קאָן נישט געמאָלט זײַן אין אַמעריקע...

— און איך זע, ווי בײַ זיך אויף דער האַנט: עס קומט דער

[27] אַ פערד (אַ זכר) אויף באַפרוכפערונג.

טאָג, ווען פּלוצעם וועלן זיך אַוועקשטעלן די „גוטהאַרציקע״ גויִישע בירגערס קעגן דעם ייִדן, זיי וועלן אַפּירנעמען דעם שאַרפֿן מעסער פֿון אונטער זייערע קליידער און וועלן עס אַרײַנשטעכן אין ייִדישן האַרצן אַרײַן...

דבֿורה האָט בײַ די לעצטע ווערטער זײַנע אַ ציטער געטאָן און מיט שרעק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני. זי האָט מיט אירע אָרעמס אַרומגענומען זײַנע פֿיס...

אין דרויסן איז געווען שטיל און דאָס צפֿון־ליכט האָט זיך פֿאַר זיי מיט הויכע זײַלן געשײַנט אויף דעם נאַכטיקן הימל.

דער פֿערדיונג האָט אָנגענומען דבֿורהן פֿאַר אַ האַנט, זי אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און איז מיט איר אַוועק מיטן ווייצנפֿעלד, צווישן די קופּקעלעך געבונדענע ווייצגאַרבן, אַנטקעגן דעם צפֿון־ליכט. די איבעריקע האַרטע ווייצשטאַמען האָבן זיך געבראָכן אונטער זייערע ביידנס פֿיס.

פֿון דעם נאָענטן און דאָך ווײַטן און ווײַסן צפֿון־ליכט איז די פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט גערדיכטער געוואָרן.

זיי זײַנען געגאַנגען אָן אַ סוף. זיך געדרייט צווישן די רייען און ווײַטער געגאַנגען, און זיך צוריק אומגעקערט, און דער פֿערדיונג האָט דערציילט:

— מיר זײַנען נײַן ברידער געווען. אַ טאַטן זייער אַ פֿרומען געהאַט. די מוטער האָט געהאַלטן אַ קליין קרעמל אין דאָרף, ווו מיר האָבן געוווינט. דער טאַטע פֿלעגט צו ביסלעך אַרויסגיין אויפֿן דאָרף, האַנדלען מיט די גויִים און פֿאַר אונדז, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן אויפֿצווואַקסן, האָט ער אַ שטיק לאַנד אָפּגעדונגען און מיר האָבן עס מיט טאַבאַק פֿאַרזעצט...

דאָס דאָרף האָט געהאַט אַ שלעכטן שם אַרום־און־אַרום און מיר, די ברידער, האָבן געהאַט אַ שם פֿאַר אונדזער מוט צו ווינען אין אַזאַ דאָרף און נישט מורא האָבן פֿאַר די „גויִים״.

— און אין יענע טעג... איז אין אַ נאָענטן שטעטל, איבער אײַן הערינג, וואָס אַ ייִד האָט אַ גוי אין אַ מאַרקטאָג פֿאַרקויפֿט, אַ

ווילדער געשלעג אויסגעבראָכן און האָט באַלד אַזוי דערשראָקן די ייִדן פֿון שטעטל, אַז מען האָט אונדז, די נײַן „שטאַרקע קינדער״ (אַזוי האָט מען אונדז גערופֿן) דורך אַ געהיימען שליח געשיקט רופֿן.

— מיר זײַנען געקומען צו שפּעט... ייִדיש גוטס איז שוין געווען צעטראָטן אין די גאַסן. און בײַ די ייִדישע טעכטער זײַנען שוין די אויגן געווען אויסגעשטאָכן... געזאָגט האָט מען אונדז, אַז די גויִים פֿון אונדזער דאָרף זײַנען געווען די ערשטע אָנצוהייבן דעם בלוטיקן טאַנץ...

— מיר אַלע נײַן, האָבן פֿאַרביסן מיט די ציינער און אַוועק צוריק אין דאָרף און זיך געגעבן אַ שבֿועה נישט צו פֿאַרשווײַגן...

— אַז מיר זײַנען צוריקגעקומען שפּעט אין אָוונט פֿון שטעטל, האָבן מיר געפֿונען אונדזער הויז אָפּגעברענט. דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען שטום און פֿינצטער. אַלע זײַנען געשלאָפֿן...

— אונדזערע בהמות זײַנען געלעגן מיט אויפֿגעריסענע מאָגנס און אונדזערע טאַטע־מאַמע האָבן מיר גערופֿן און זיי האָבן נישט געענטפֿערט... האָבן מיר זיך צעשפּרייט איבער דעם פֿינצטערן, שטומען דאָרף, און עס איז געווען ווי עמעץ האָט מיט אונדז גערעדט פֿון איין זאַך, און מיר האָבן אַלע צוגעשטימט עס צו טאָן...

— מיר האָבן דאָס דאָרף אין אַלע עקן אָנגעצונדן. און דאָס פֿײַער פֿון איין הויז האָט דאָס צווייטע פֿאַרכאַפּט... עס זײַנען מיט שטרוי די דעכער געווען באַדעקט און טרוקן, פֿון די מאַרצאָווע[28] ווינטן... מיר האָבן די אַרבעט אָפּגעטאָן און זיך צוזאַמענגענומען אויף דעם הויכן באַרג, וואָס איז געשטאַנען קעגן דאָרף...

— עס האָט זיך אויפֿגעהויבן קעגן שטאָקבלינדן הימל אַ געדרייטער, טונקלרויטער פֿלאַם. און עס איז דער הימל אויף מײַלן ווײַט העל רויט געוואָרן... און עס איז געווען שטיל אַ צײַט, און נאָר דאָס קנאַלן פֿונעם פֿײַער, וואָס האָט איבערן דאָרף זײַן אָפּעטיט געשטילט. עס האָבן זיך צעקלונגען, ווי דורך אַ כישוף פֿון ווײַטן,

[28] (פֿון חודש מאַרץ) ווען ס׳ענדיקט זיך דער ווינטער.

גלאָקן פֿון קלויסטערס... עס האָט זיך דאָס דאָרף געבערענט און עס איז פֿון די הײַזלעך קיין קרעכץ נישט געקומען... די שטיינער פֿון דעם באַרג זײַנען הייס געוואָרן און מיר זײַנען שוין אַלע געשטאַנען אויף דעם שאַרפֿן אָפּשניט פֿון באַרג, אויף דער גרויסער סקאַלע [29], וואָס מיר האָבן פֿון אונדזער יוגנט אָן גערופֿן דעם רוחס מעסער. מיר האָבן געקענט זען אויף מײַלן די פֿעלדער און וועלדער, וועלכע האָבן אויסגעוויזן ליכטיק, ווי זיי וואָלטן ברענען...

עס האָט פֿון ווײַט אַ גאַלאָפּ פֿון פֿערד אָנגעהויבן צו קומען, און באַלד האָבן מיר אויף דעם וועג אין אונדזער דאָרף אַ צעוואָרפֿענע מחנה רײַטערס דערזען. און נאָך די רײַטערס זײַנען וועגענער געפֿאָרן. די פֿערד אין די וועגענער האָבן מיט זייערע פֿיס די ערד נישט באַרירט, אַזוי ווילד זײַנען זיי געלאָפֿן, און נאָך גיכער זײַנען די רײַטערס געפֿלויגן, און אַ ווילדער, שיכּורער געאָכצערײַ [30] האָט זיך געטראָגן פֿון די העלדזער פֿון די רײַטערס און פֿון די וועגנטרײַבערס. און אַז זיי האָבן זיך דערנענטערט צום ברענענדיקן דאָרף, האָבן מיר באַלד דערזען אונדזער טעות...

— ... דאָס זײַנען די גויִים פֿון אונדזער דאָרף געווען אין ערגעץ אַן אַנדער דאָרף אויף אַ שׂמחה... זיי האָבן זייער אַרבעט אין ייִדישן שטעטל אָפּגעטאָן און עס איז אַ שׂמחה פֿאַרטרונקען...

— ... און באַלד האָט מײַן עלטערער ברודער געטאָן אַ פּאַטש מיט בײדע הענט און איז אַרונטער פֿונעם שאַרפֿן שטיין אין אָפּגרונט. און איידער מיר האָבן נאָך געקענט הערן דעם שטומפּיקן אָפּקלאַנג פֿון אָפּגרונט איז דער צווייטער ברודער מיט אַ פֿריילעכן „האָך" אַרונטערגעשפּרונגען... און דער דריטער און פֿערטער האָבן עפּעס געזונגען אַזוי באַנג... און ווען דער פֿינפֿטער און זעקסטער זײַנען אַרונטער אין אָפּגרונט, האָבן זיי גאָר נישט געזאָגט, נאָר מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און מיט צוזאַמענגעלייגטע הענט אויף זייערע ברוסטן... און דער זיבעטער און אַכטער האָבן אַ קוק געטאָן צום

---

[29] קיזלשטיין. — [30] (אַז !) אַ קרעכצן.

ברענענדיקן דאָרף און צו דער נאָענטער מחנה פֿון אונדזערע דאָרף־גויִים, וואָס זײַנען אָנגעקומען מיט זייערע ווײַבער, און די יונגע בחורים פֿון דאָרף, וואָס זײַנען געריטן אויף זייערע יונגע פֿערדלעך מיט ווײַסע פֿאַטשיילעס אין די גריוועס אַרײַנגעפֿלאָכטן...

— ... אַז עס איז געקומען צו מיר, האָט זיך פּלוצעם אונדזער פֿרומער פֿאָטער, אין ווײַסן באַצויגן, באַוויזן און מיך פֿאַר מײַנע אַקסלען אָנגעכאַפּט... איך האָב געהויבן מײַנע פֿיס... מײַן האַרץ איז אין מיר צעשפּרונגען געוואָרן, און ער האָט מיך געהאַלטן און געזאָגט: עס זאָל מײַן דור נישט אָפּגעמעקט ווערן!... גיי־אַוועק אין אַ פֿרעמדן, ווײַטן לאַנד און הייב־אָן צו בויען פֿון דאָס נײַ!... בוי־אויף אַ היים, און אַז דײַן ווײַב וועט דיר געבוירן אַ קינד, זאָלסטו בײַ זײַן וויגעלע אים פֿון דעם אַלעם דערציילן, און דער עיקר זײַן מוטער זאָל עס אויך פֿריִער וויסן... זי זאָל עס אין איר מילך דעם קינד אין זײַן בלוט אַרײַנפֿלײצן... גיי־אַוועק!...

— יט —

נאָך דער צפֿון־ליכט־נאַכט זײַנען אַוועק עטלעכע טעג.

הער גאָלדענבאַרג האָט זײַן אַלפֿאַלפֿאַ אין די סטויגן אַרײַנגעלייגט און נאָך דעם דעם ווייץ געדראָשן. און צווישן די אַרבעטן איז אים אָפֿט מאָל אויפֿגעשווומען דער געדאַנק וועגן דעם, וואָס דער יונגער יאָהאַן עלקינס האָט פֿון אים געוואָלט.

לכתחילה האָט עס בײַ אים אויסגעזען, ווי עמעץ זאָל קומען צו אים און אים זאָגן:

— גיב מיר אַוועק דײַן האָב־און־גוטס, אומזיסט!

אָדער:

— פֿאַרנעם זיך פֿון דאַנען!...

און נאָך דעם איז דאָס בײַ אים אַזוי אויסגעקומען:

— דעם פֿערדיונג וויל ער דאָך נאָר, אויב זי, דבֿורה, זאָל אים וועלן. וועט ער דאָך נישט גיין אײַנריידן דווקא דעם פֿערדיונג.

און נאָך עפּעס אַנדערש.

מען זיצט צווישן זיי שוין אַזוי לאַנג. מען טיילט זיך מיט דער אַרבעט, מען אָטעמט די זעלביקע לופֿט. איז ווי, אויב דבֿורה זאָל צוקומען און זאָגן:

— אַנקל, יאָהאַנעז האָב איך די ערע פֿאַרצושטעלן ווי מײַן...

— אײַ, וואָס מײַן טאַטע האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייִדישער טאָכטער און וואָס — האָט גאָלדענבאַרג געטראַכט — איך אַליין האָב רחלען פֿאַר אַ ווײַב, און וואָס דבֿורהס מוטער האָט אויך אַ ייִדן פֿאַר אַ מאַן, איז נאָך קיין באַווײַז נישט, אַז דבֿורה מוז נאָר חתונה האָבן מיט אַ ייִדן...

— זי קאָן נאָך זיצן און וואַרטן אָט אַ דאָ אויף דעם ייִדן, איר חתן, ער זאָל קומען צו גיין, ביזן גרויען צאָפּ...

עס איז געקומען די צײַט פֿון ווייץ דרעשן.

הער גאָלדענבאַרג איז, נאָך דעם מנהג פֿון יענער געגנט, אַרויס אײַנלאַדן די שכנים צו קומען העלפֿן דרעשן זײַן ווייץ, און ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מאָדנעם נײַעם קלאַנג. מען האָט בײַ אים געפֿרעגט:

— וואָס איז די אורזאַך, פֿאַר וואָס דער אַלטער עלקינס פֿאַר־קויפֿט זײַן היים?... און וווהין פֿאָרט ער אַוועק?... דערבײַ האָט מען עפּעס מאָדנע נײַ אויף גאָלדענבאַרגן געקוקט.

— דער אַלטער עלקינס פֿאַרקויפֿט ?!... — האָט זיך גאָלדענ־באַרג געוווּנדערט.

עפּעס מאָדנע נײַ און אומהיימלעך האָט דאָס פֿאַר אים גע־קלונגען.

און ווען ער איז אַוועק צום אַלטן עלקינס, אים אײַנלאַדן ער זאָל קומען העלפֿן דרעשן, האָבן זיי זיך באַגעגנט און נישט געקענט קוקן איינעם דעם אַנדערן אין די אויגן אַרײַן.

— איך וועל קומען פֿריִער פֿאַר איטלעכן! — האָט דער אַלטער עלקינס געפֿונען פֿאַר נייטיק צו ענטפֿערן אויף הער גאָלדענבאַרגס אײַנלאַדונג.

וועגן זײַן אָוועקגיין פֿון דאַנען און וועגן דעם פֿאַרקויפֿן זײַן היים האָט ער נישט דערציילט, און הער גאָלדענבאַרג האָט אים נישט געפֿרעגט.

און דער אַלטער עלקינס איז טאַקע געקומען פֿריִער פֿון איט־לעכן מיט צוויי פֿערד אין דעם לייטערנעם וואָגן אײַנגעשפּאַנט. און אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג, האָט דער אַלטער פֿלײַסיק און עפּעס מיט אַ נײַעם אויסזען אַלע מאָל אונטערגעפֿירט צו דער מאַשין אַ פֿולן וואָגן מיט ווייצגאַרבן.

יאָהאַן אין אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן, נאָר ער איז נישט געקו־מען. הער גאָלדענבאַרג האָט געהאַט קרענקונג דערפֿון.

— ער האָט דאָך אים נישט געזאָגט ניין!

קומט אַ יונג בעטן די דערלויבעניש אויף דבֿורהס האַנט... מען זאָגט אים, גיי, פֿרעג בײַם מיידל... וואָס האָט ער זיך אָנצובערוגזן?...

און נאָכן מיטאָג, ווען עס איז געקומען די געלעגנהייט, אַז אַלע מענער האָבן זיך צעזעצט, ווער אין דרויסן אויף דעם אַלטן איבער־געקערטן שליטן און ווער אויף דעם גראָז אין שאָטן, צו כאַפּן אַ סמוק[31], האָט הער גאָלדענבאַרג אַ פֿרעג געטאָן בײַם אַלטן עלקינס, ווו יאָהאַן איז ערגעץ... און וואָס ער מאַכט אין זײַן געזונט...

— צו אַלדי רוחות און געזונט ווי אַ רוח!... — האָט עלקינס געענטפֿערט מיט אַ האַסטיקן ציִ פֿון זײַן פּיפּקע, אַ קרומען שפּײַ אין אַ זײַט אַרײַן — ווער האָט איבער דעם צו שאַפֿן היַינטיקע צײַטן?... ווען איך בין אין זײַנע יאָרן געווען אין דרעש צײַט, האָב איך געדאַנקט גאָט, אַז איך האָב געקענט שלאָפֿן בײַ דער נאַכט...

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט אַ לײַכטן ציטער געטאָן, ווען איר מאַן האָט דערמאָנט יאָהאַנס נאָמען. זי האָט נישט געוווּסט פֿאַר וואָס, נאָר פֿון דעסט וועגן האָט זי נישט פֿאַרפֿעלט צו הערן דעם אַלטן עלקינס ענטפֿער און זי האָט צײַטלעך באַמערקט:

---

[31] אַ ציִ (רויכערן).

— וואָס אַמאָל איז נישט הײַנט... יאָהאַן איז אַ קלוגער בחור... איך האַלט פֿון אים זייער פֿיל...

— זײַן מאַמע איז געווען אַ קלוגע בהמה, עך, עך... — האָט עלקינס זיך צעלאָזן — פֿאַר וואָס זשע זאָל ער ניט זײַן קלוג? אָבער זי איז דאָך געווען מיזאָם און פֿעיִק ווי צען מענער צוזאַמען...

— אָ, ער וועט זיך אַ ווײַבעלע נעמען, וועט ער אַנדערש זײַן, פֿלײַסיקער ווערן! — פּרוווט פֿרוי גאָלדענבאַרג.

— אַ ווײַבעלע, וואָס נאָך? — מאַכט דער אַלטער עלקינס און ציט־אָפּ דאָס רערל פֿון פּיפּקע — עס איז לײַכט צו זאָגן „אַ ווײַבעלע"... ווו נעמט מען זי?

— ווינציק מיידלעך בײַ די שכנים? — שטעלט־אַריין הער גאָלדענבאַרג — נאָר זעט, אַז דער עלטערער זון זאָל פֿריִער חתונה האָבן...

— עט, טאַ, טע! — צעקאָכט זיך עלקינס און טוט זיך אַ קראַץ מיט די גראָבע אומגעלומפּערטע פֿינגער אין זײַנע האַרטע, גרוי־שוואַרצע האָר פֿון קאָפּ — מיידלעך בײַ די שכנים... עס איז לײַכט צו זאָגן, מיידלעך בײַ די שכנים... מיר זײַנען דאָ אַלע פֿרעמדע טײַוואָלים... יעדער טײַוול האָט זיך זײַנע געגנגעלעך... אָט, ווען ער זאָל זײַן אַ לײַט, מײַן יאָהאַן, שרײַב איך אין דער אַלטער היים און מען שיקט פֿון זײַנעט וועגן אַרויס אַ מויד...

דערווײַל האָט פֿון ווײַטן פֿעלד די דרעשמאַשין אַ שאַרפֿן פֿײַף געטאָן. אַלע מענער האָבן זיך געכאַפּט און אַוועק צו דער אַרבעט. פֿרוי גאָלדענבאַרג איז געבליבן מיט דבֿורהן אויג אויף אויג.

זיי האָבן פֿלינק געוואַשן דאָס געשיר און דער קול פֿון פֿאַר־צעלײַ און דאָס שטומפּיקע קלינגען פֿון גאָפּל, לעפֿל און מעסערס האָבן זיך געיאָגט איינס נאָך ס'אַנדערע.

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט איצט זייער פֿיל געטראַכט וועגן אָט דער קליינער דבֿורהלען... ווי גיך זי האָט דעם טעלער אײַנגעטונקט

אין דער גרויסער מאַרקעטע[32] מיט הייסן וואַסער? זי וועט שוין זײַן איין מאָל אַ ווירטן!... און ווען דער יאָהאַן זאָל האָבן אַ ייִדישן טאַטן!...

עס איז איר אַרויפֿגעקומען דעם אַלטן עלקינס ווערטער: „מיר זײַנען דאָ אַלע פֿרעמדע טײַוואָלים“... די אַרבעט צעטיילט מען צווישן זיך. מען העלפֿט זיך איינער דעם צווייטן מיט געלט... און ווײַטער קאָן מען שוין נישט גיין... „יעדער טײַוול האָט זיך זײַנע גענגעלעך“... וואָרום זאָל עס אַזוי זײַן?...

איר האָט זיך זייער פֿאַרוואָלט צו דורכריידן זיך מיט דבֿורהלען וועגן דער זאַך. און זי האָט טאַקע געוואָלט אויסגעפֿינען, צי האָט יאָהאַן מיט איר פֿון עפּעס שוין געשמועסט. יאָ, אַ רחמנות אויף יאָהאַנען, ווי ער בעט זיך: „מיר קומט דבֿורהס האַנט... איך האָב זי פֿון דער פֿריירי געבראַכט און גאָט האָט מיר איר יונג לעבן געשענקט“... און יאָהאַנס אומגעלומפּערטער פֿאָטער רעדט גראָב: „פֿרעמדע טײַוואָלים“...

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט אַ טראַכט געטאָן: ווען עס וואָלט געווען מײַן בלוט און מילך, אָט די פֿלינקע, קליינע דבֿורה, וואָלט איך איצט אויך געשיקט אין שטאָט צווישן ייִדן נאָך אַ יונג אַ ייִדישן... נאָר זי זאָל כאָטש נישט אַרײַנפֿאַלן... ווײַל מיט דעם פֿערדיונג — ווער ווייסט, צי עס וועט עפּעס ווערן? און דערצו גלאַט וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּאָר, אָט די שטיפֿערישע דבֿורה און אָט דער יונג וואָס ווייסט נאָר אַרבעט, עסן און זײַן צימערל... נאָר וואָס איז דבֿורה אַזוי שפּעט אין יענער צפֿון־ליכט־נאַכט געגאַנגען שלאָפֿן?...

און פֿרוי גאָלדענבאַרג ווענדט זיך צו דבֿורהן:

— האָסטו געמעגט, דבֿורה, זען ווי דער פֿערדיונג האָט הײַנט געשלונגען דעם רובאַרבפּײַ[33]... פֿע, אַ מאַנספּאַרשוין זאָל אַזוי ליב האָבן צו נאַשן...

[32] וואַשאָרט. — [33] אינדיאַנער גרינס, זיס־זויער.

דבֿורה האָט שוין פֿון דער מומען נאָך פֿריִער געהערט אַ פּאָר ענלעכע באַמערקונגען. האָט זי זיך אָנגעברוגזט און געזאָגט:

— מומעלע, איך האָב ליב צו זען, ווי איַיזיק עסט.

— אַזוי ?!

— הו־הו!

— אוי, ווי, אָט פֿאַלט־אַרונטער דער פּאָלומעסיק! — טוט פֿרוי גאָלדענבאַרג פּלוצעם אַ פֿאַרדריי דעם געשפּרעך.

דבֿורה האָט אַרויפֿגערוקט דעם פּאָלומעסיק אַ ביסל העכער און מיט אַ קינדערישן טאָן געזאָגט:

— ווייסט איר, מומעלע, איך גיי — —

— ווהין גייסטו?

— ווהין איַיזיק...

— משוגע צי מעטירע[34]...

— אוי, מומעלע... איך גיי.

— גאָט זאָל שומר ומציל זיַין! וואָס רעדסטו, קינד מיַינס? דאָ ביַי מיר ביסטו די גרויסע און ביַי דיַין מאַמען וואָלסטו געווען נאָך גאָר אַ קליינטשיקס. יאָ, אָט אַזאַ קליינטשיקס!...

אַ מינוט האָבן זיך בײדע פֿרויען אָנגעקוקט... דאַן:

— איך וועל אַוועקגיין, מומע!

— דיַין מאַמע האָט דיך צו מיר אין די הענט געגעבן און איך וועל דיך אָפּהיטן!...

— איך קען זיך שוין אַליין אָפּהיטן.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט, דער פֿערדיונג ?!

— נישט קיינעמס דאגה.

— זע נאָר, אַן עזות! זי אַרויסגעפֿירט צו דעם צפֿון־ליכט און איר געעפֿנט די אויגן... נעבעך, שלעכט זי באַהאַנדלט!... זאָג, פֿעלט דיר עפּעס ביַי מיר?

— מיר פֿעלט גאָר נישט. איך האָב די גאַנצע וועלט!...

---

[34] רייצן זיך ווי אויף צו להכעיס.

— אַזוי ? !

— הו, הו !...

— די גאַנצע וועלט!... ער וועט דיך אין ערגעץ וויַט אַוועקפירן און וועסט זיַן דאָרטן אייביק אַליין...

— מומעלע, איך בעט איַיך, מומעלע, נעמט זיך נישט צום האַרצן דערפון... איך וועל שוין האָבן אַ סך פריד אונטער דעם דאַך, וואָס ער וועט פאַר מיר פון וויַסינקע שינדעלעך אויפקלאַפּן...

— אַזוי ? !

— הו, הו !...

— איך וויל נישט, זאָלסט אַזוי ריידן צו מיר, הערסט? „הו, הו! הו, הו!‟ — קרימט איר נאָך פרוי גאָלדענבאַרג.

איז דבורה גאָר אַנטלאָפן אין איר צימערל און האָט זיך אַריַינגעוואָרפן אין בעטל מיטן פנים צו דער וואַנט.

פרוי גאָלדענבאַרג האָט מיט אַ פּיַיכטן כּעס אין אירע גרויסלעכע אויגן געענדיקט אין קיך די נאָכמיטאָגדיקע אַרבעט. און צו לעצט האָט איר אָנגעהויבן באַנג צו טאָן, פאַר וואָס זי האָט זיך מיט דבורהן אָנגעהויבן.

איר כּעס האָט זיך איַינגעשטילט. זי האָט זיך באַלד צוריקגעכאַפּט און גענומען מאַכן פּלענער, ווי אַזוי דבורהן איבערצובעטן, דער עיקר, ווי אַזוי צו פאַרגלעטן די גאַנצע זאַך, אַז עס זאָל נישט אַרויסקומען אויף דער וויַסער וועלט... זי איז טאַקע באַלד אַוועק, געכאַפּט דעם בעזעם און אָנגעהויבן צו קערן דאָס עסצימער און אַ רוף געטאָן:

— דבורהלע, ווו ביסטו?

קיין ענטפער.

זי קערט וויַטער, רייַבט דעם דיל מיטן בעזעם אויף איין פּלאַץ. און ענדלעך לאָזט זי פאַלן דעם בעזעם און לויפט אַריַין אין דבורהס צימערל, טוט אַ פּאַטש מיט בײדע דלאָניעס:

— ווי איז צו מיר, דבורהלע, וואָס איז מיט דיר?... — איך האָב נאָר אַ שפּאַס געמאַכט. גאָט ווייסט דעם אמת, אַז אַלץ איז

דײַנס... איך וועל עסן אַ טרוקן שטיקל ברויט, און וואַשן דײַנע קליי־בע פֿיסעלעך און טרינקען דאָס וואַסער... זײַ מיט אונדז... זײַ נאָר מיט אונדז, דבֿורהלע! בלײַב מיט אונדז!

דבֿורה האָט נישט געענטפֿערט. אין שטוב איז געווען שטיל. פֿון פֿעלד האָט זיך געטראָגן אַ פֿריילעך הוזשען פֿון דער דרעשמאַשין, ווי עס וואָלט ערגעץ אויף דער פּריירי אַ חתונה זײַן. און פֿון צײַט צו צײַט האָט דער מאַשיניסט גערופֿן מיט זײַן הייזעריקן פֿײַפֿל. אָט דרײַ באַזונדערע פֿײַפֿלעך. דאָס האָט געהייסן, אַז מען זאָל לײדיקע זעק ברענגען: גאָט האָט געגעבן אַ סך ווייץ... און אָט אַ געדרייטער, טרויעריקער פֿײַף, אַז מען זאָל ברענגען וואַסער, וואַ־סער!...

פֿרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך צוגעזעצט אויף דבֿורהס בעטל און איר אָנגעהויבן צו גלעטן אַרום קאָפּ און אַרום פּנים. זי האָט גע־טראַכט:

— צו וואָס די גאַנצע מי?... איינעם גיט גאָט קינדער און אַן אַנדערן גיט ער צו די קינדער...

דבֿורה איז געלעגן מיט אַ קינדערשן קאַפּריז, אַרײַנגעביסן צווישן אירע ברוינע ליפּן און געטראַכט: צוויי וועגן זײַנען פֿאַר איר אָפֿן... דער פֿערדיונג וועט קומען צו רײַטן פֿון הינטן און וועט זי אַ כאַפּ טאָן. און זיי וועלן זיך אַוועקיאָגן... זי וועט האַלטן אירע אויגן פֿאַרמאַכט. ערשט העט, העט ווײַט, וועט זי עפֿענען די אויגן. און זיך אַזוי פֿרייען!

*

און פֿרוי גאָלדענבאַרג איז לאַנג געזעסן נעבן דבֿורהן און גע־טראַכט: שוין איבער צוואַנציק יאָר, אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט הער גאָלדענבאַרגן. פֿון ערשטן טאָג אָן האָט מען זיך געמיט און געפּלאָנט.

עס דערמאָנט זיך איר אַ צײַט אין אַ ווינטער. עס האָט אויף דער פּריירי געשנייט. און ווען עס שנייט אויף דער פּריירי, און דו זיצסט אין הויז און קוקסט דורך דעם פֿענצטער, דאַכט זיך דיר אויס, אַז עס איז קיינער נישטאָ אויף דער וועלט חוץ דיר און נאָך

עפּעס אַן אַלטע ווײַסגרויע פֿרוי, וואָס זיצט ערגעץ און ציט־אויס ווײַסינקע, פֿלאַקסענע פֿעדעמלעך אויף דעם שפּינער...

עס האָט געשנייט עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד. עס זײַנען פֿאַר־ווישט געוואָרן אַלע וועגן און פּלויטן. דאָס הויז איז אײַנגעהילט גע־וואָרן אין שניי ביז איבער די פֿענצטער. מען האָט באַדאַרפֿט וואַסער אין הויז אַרײַן. מען האָט באַדאַרפֿט אַרויסגיין צו די פֿערד און קי, זיי עסן צו געבן.

האָט מען בײַ טאָג אויסגעשניטן אַ שטעגל אין טיפֿן שניי צום ברונעם און צו דער שטאַל, איז עס דורך נאַכט נאָך אַ מאָל פֿאַר־שאָטן געוואָרן מיט שניי.

געלט איז געווען אין הויז. ברויט פֿאַר זיך און פֿאַר די בהמות אויך גענוג — נאָר אײנע אַליין אָפּגעשניטן פֿון אַ גאַנצער וועלט. און די ווײַסע, אַלטע פֿרוי ציט נאָך אַלץ איר פֿלאַקס, איר ווײַסינקן, ווייכן פֿלאַקס... און קיין קינד איז אין הויז נישטאָ...

האָט גאָלדענבאַרג געזאָגט:

— עס איז אַ רחמנות אויף דער קו. זי בייגט זיך אין דרײַען און עס וואַרפֿט איר אַ צאָן אין אַ צאָן פֿון קעלט. די פֿערד האָבן אַ סך שטרוי אָנגעבעט אונטער זייערע פֿיס און גייען־אַרום פֿרײַ אין שטאַל, איז זיי וואַרעם, אָבער די קו קאָן איך נישט לאָזן אַ פֿרײַע צווישן די פֿערד. אַ רחמנות אויף דער בהמה...

האָט מען די קו אַרײַנגענומען אין הויז אַרײַן. עס איז געווען וואַרעם. בײַ טאָג און בײַ נאַכט האָט דער גרויסער אײַזערנער אויוון געברענט. קוילן — פֿון די אייגענע פֿעלדער.

קיין קינדער איז נישטאָ. האָט מען בײַנאַכט פֿאַרבראַכט מיט דער בהמה.

זי האָט נאָר געוואָלט אַ לעק טאָן דעם הייסן אויוון...

און נישט איין מאָל האָט רחל געפֿרעגט בײַ איר מאַן:

— צוליב וועמען? וואָס וועלן מיר האָבן דערפֿון?

ער פֿלעגט ענטפֿערן:

— שוויַיג און וואַרט! גאָט וועט געבן, אַזוי ווי ער גיט פֿון איין קערנדל ווייץ פֿינף און פֿערציק אַנדערע קערנדלעך.

און ווען זי האָט אים באַגעגנט אין ניו־יאָרק צום ערשטן מאָל, האָט זי אים שוין אָנגעהויבן צו גלייבן אין אַלעם. זי איז געווען אַן אַמעריקאַנער אויסגעוואַקסענע, בײַ נאָענטע קרובֿים. די עלטערן פֿאַר־לוירן נאָך אין די וויקעלעך. ער איז דאַן געווען נישט לאַנג אַרי־בערגעקומען אין ניו־יאָרק. און זי האָט גוט געקענט די לאַנדשפּראַך, און איז געווען הויך און שיין, און פֿלעגט קאָנען ריידן מיט אַ מענטשן און יענעם געווינען.

ער האָט קיין באַשטימטע אַרבעט נישט געהאַט און די מלאָכות געביטן, און זיך נישט געקאָנט צושלאָגן צו עפּעס רעכטס.

און געפֿרעגט האָט זי זיך אַליין:

— אַזאַ מוטיק געזיכט, אַזוינע געזונטע הענט, קאָן די שטאָט קיין נוצן פֿון אים נישט האָבן?

ער האָט איר געזאָגט:

— אין שטאָט איז פֿאַר מיר ענג און איך פֿיל זיך אין כּוח צו בויען אונדזער היים אין־ערגעץ אַ פֿרײַ אָרט...

— אַוווּ דו וועסט גיין, וועל איך אויך גיין, און ווו דו וועסט גליקלעך זײַן, וועל איך זיך מיט דיר טיילן... — האָט זי געענטפֿערט.

און ער האָט געבויט די היים.

— ער איז אַוועק מיט אַן אײַזערנער בריק. איך נאָך אים. דאָס ערשטע יאָר אַ פֿעלד מיט בולבעס. מיר האָבן די בולבעס אויסגעגראָבן און נאָך דעם אייגענעם האַרבסט דאָס זעלביקע פֿעלד מיט ווינטערווייץ פֿאַרזייט.

האָבן גויִים געשמייכלט:

— ווינציק ערד פֿאַראַן?

גאָלדענבאַרג האָט געטאָן זײַנס. ווי גוט איז געווען, ווען ער פֿלעגט איר אויג אויף אויג געבן צו דערקלערן, פֿאַר וואָס ער טוט עס אַזוי. זי האָט אים געגלויבט.

אין קומענדיקן יאָר האָט אויפֿגעריסן אַן אַנדער שטיק לאַנד. און

ווען ער האָט נײַ לאַנד געריסן, האָט ער עס געטאָן שטיל און פּאַ־מעלעך, און אָפּגעהיט, אַז יעדער פֿאַך זאָל זײַן איבערגעקערט מיטן גראָז אַרונטער. און האָט זיך אַ פֿאַך פֿאַרוואָלט צו לייגן מיטן גראָז אַרויף, פֿלעגט זיך גאָלדענבאַרג נישט פֿוילן און זיך אומקערן, און עס פֿאַרטרעטן מיטן פֿוס.

און געאַקערט האָט ער נאָר אין גלײַכע ליניעס. תּמיד איז דאָס פֿעלד אַרויס גלײַך — איין ברייט און איין לענג.

די שכנים האָבן זיך דערפֿון אויסגעלאַכט.

גאָלדענבאַרג האָט געהאַט זײַן אייגענעם בליק און איז אַוועק מיט זײַנע אייגענע כּוחות, און איז געווען דער האַר פֿון זײַנע לענדער.

ער האָט אויף אויסנווייניק געקענט זײַנע ערדן און אַלע ווינ־קעלעך פֿון זײַן ראַנדזש, און האָט געדענקט ווו ער האָט דאָס קלענס־טע טשוועקל אַוועקגעלייגט.

ווײַל דאָס מינדסטע טשוועקעלע האָט בײַ אים זײַן אָרט געהאַט.

און האָט ער אַ טשוואָק אין ערגעץ אַרײַנגעקלאַפּט, איז דאָס געווען אַ טשוואָק אַרײַנגעקלאַפּט פֿאַר זיך און פֿאַר קינדסקינדער.

און ער האָט געזען, אַז די לענדער, וועלכע זײַנען ווײַט פֿון הויז, האָבן אויף זיך בערג און טאָלן, און אין די טאָלן לויפֿן טײַכלעך, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז גוט פֿאַר פּיטערונג.

און לײַטזעליקייט אין זײַנע אויגן האָבן געהאַט זײַנע פֿערד זייער פֿיל. ווען די ווײַסגרויע קליאַטשע האָט אַ קליינטשיקס געבוירן, האָט מען עס געהאָדעוועט ווי אַ קליין קינד. עס איז אַזוי צוגעוווינט גע־וואָרן צו דער פֿרוי גאָלדענבאַרג, אַז עס פֿלעגט נישט וועלן זײַן מיט איר מוטער און תּמיד שטיין וואַרטן בײַ דער טיר פֿון הויז, אַז פֿרוי גאָלדענבאַרג זאָל אים דערלאַנגען עפּעס אַ נאַשערײַ.

אָדער הער גאָלדענבאַרג פֿלעגט אָנבייגן זײַן קאָפּ און דאָס קליינע פֿערדעלע פֿלעגט אַרונטערכאַפּן זײַן קאַפּעליוש און מיט דעם אַוועקבריקען און אַרומלויפֿן אַרום הויז, און צוריקקומען שוין אָן דעם קאַפּעליוש.

— דו, שובענעק [35]! — פֿלעגט גאָלדענבאַרג פֿרעגן בײַם פֿערדל — ווו האָסטו פֿאַרוואָרפֿן מײַן הוט?

דאָס פֿערדעלע פֿלעגט שטיין און מאַכן מיט זײַן רונדן און גלאַנציקן קעפּל אַראָפּ און אַרויף. און מען פֿלעגט שטיין און זיך אָנלאַכן דערפֿון...

האָט הער גאָלדענבאַרגן איין מאָל אָנגעגומען אַ חשק צו פֿאַרפֿירן אַ שטאָם פֿון פֿערצערענער פֿערד, און עס זאָל זײַן אין זיי דאָס בלוט פֿון דער בראָנקאָ אַרײַנגעמישט. איז דאָס אויך רחלען געפֿעלן געוואָרן.

און אַז גאָט האָט זיי געהאָלפֿן, מען האָט צום פֿערטן יאָר פֿון זייער היימעווען אין דער ווײַטער וועסט די ברויטן און די פֿלאַקס פֿאַרקויפֿט און די גוטע פּרײַזן אויך גענומען, איז הער גאָלדענבאַרג אַוועק אין דער שטאָט מינעאַפּאָליס און געקויפֿט נײַן מיידלעך־בראָנקאָס און איין אָגער פֿון דעם אמת־ריינעם פֿערצערענער בלוט.

און זיי געבראַכט אַהיים. און אַ טייל פֿון די בערגיקע און טאָליקע פֿעלדער אין דראָטענע פּלויטן אײַנגעצוימט. און די פֿערד־„מיידלעך" אַהין אַרײַנגעלאָזן.

האָבן די שכנים געלאַכט:

— אַ בראָנקאָ מיט אַ פֿערצעראַן איז אַזוי ווי אַ קאַץ מיט אַן אינדיק...

גאָלדענבאַרג האָט אָבער געטאָן זײַנס.

עס איז אַוועק נאָענט צוויי יאָר און אויף גאָלדענבאַרגס פֿעלדער זײַנען שוין אַרומגעלאָפֿן יונגע פֿערדלעך. שוואַרץ און גלאַט ווי סאַמעט פֿון טאַטנס צד און מיט אַ ווײַסינקן פֿלעק אויף דעם שטערן צווישן די אויגן פֿון דער מוטערס צד.

דאָס יונגע פֿערדל האָט געהאַט אַ רונדן און ברייטביינעק אויסזען, ווי דער פֿערצעראַן, און אַ דינעם, קורצן האַלדז און אַ לײַכטקייט אין די דינע, גלײַכע פֿיסלעך, ווי די בראָנקאָ.

---

[35] שטיפער.

אַ פּערדל אויפֿגעצויגן און אַן אַנדערס איז געקומען...
גאָט האָט אין דער פֿרעמד געגעבן אַלץ, נאָר נישט קיין קינדער.

*

— כ —

דער זומער איז געפֿלויגן צו זײַן שנעלן סוף.

די אַרבעט אויף גאָלדענבאַרגס פֿעלדער האָט זיך געטאָן איינע נאָך דער אַנדערער, מיט אַ סדר.

דער פֿערדיונג האָט געטאָן זײַן אַרבעט אין צײַט און מיט פֿלײַס, כאָטש ער האָט זיך געגרייט אין וועג אַרײַן.

געטראַכט האָט ער פֿריִער צו פֿאַרענדיקן אַלע אַרבעטן אויף גאָלדענבאַרגס פֿעלדער, אויך העלפֿן אַרײַנצונעמען די יונגע פּי־ליעס[36] אין דער שטאַל אַרײַן אויף איבער ווינטער, אויך העלפֿן אָנצוגראָבן קוילן פֿון די אייגענע בערג אויפֿן גאַנצן יאָר.

און דאַן וועט ער פֿאָרן קיין ניו־יאָרק, די גרויסע וויג פֿון זײַנע יוגנט־חבֿרים, זיך מיט זיי צום לעצטן מאָל אָפּגעזעגענען. און איבער הויפּט אַ קוק טאָן, וואָס די חבֿרים פֿון „הפּועל הצעיר" (ער איז געווען אַ מיטגליד אין אַזאַ פֿאַראיין) דענקען צו טאָן עפּעס פֿאַר פּאַ־לעסטינע. מיט דבֿורהן האָט ער מער נישט געשמועסט, ווײַל ער האָט פֿײַנט געהאַט „שטרויענע העלדישקייטן", ווי ער האָט עס אַליין אַ נאָמען געגעבן. ער האָט באַגערט, אַז אין יענער מינוט, ווען ער וועט זײַן פֿאַרטיק אָפּצופֿאָרן, זאָל דבֿורה מיט אים אויך מיטגיין.

דבֿורה אַליין האָט זייער פֿיל געטרוימט.

און אַז זי האָט זיך דערוווּסט פֿון דער פֿאַמיליע עלקינס, ווי זיי האָבן פֿאַרקויפֿט אַלץ און אַוועק קיין קאַנאַדע, האָט איר זייער באַנג געטאָן, וואָס זי האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט, יאָהאַן זאָל קומען צו איר בעטן די האַנט. זי האָט אים כאָטש איין מאָל

---

[36] רייען, שורות, קופּקעס.

געוואָלט אַ שפּײַ טאָן אין פּנים אַרײַן פאַר יענע מיאוסקייט, וואָס זי האָט געפּילט אין זײַן שויס, ווען ער האָט זי דאַן פון פּריירי געבראַכט.

פון דעסט וועגן האָט זי עס פאַרבאַהאַלטן בײַ זיך אין האַרצן און האָט עס נאָך קיינעם נישט דערציילט, אַפילו נישט דעם פערד־יונג, אײַזיקן — פאַרבאַהאַלטן האָט זי עס מיידלש, ווי אַלע אירע סודות זײַנען געלעגן ביז זי וועט שפּעטער מיט אײַזיקן זיצן אין זייער אייגענעם הויז און דאַן וועט זי אין מינוטן איינזאַמע אים עס דערציילן... דערווײַל האָט זיך איר געוואָלט עפּעס אויף אַ וונדער־לעכן אופן מיט דעם פערדיונג פון פּריירי אַנטלויפן.

און אַז די פרוי גאָלדענבאַרג פלעגט זיך בײַ דבֿורהן בעטן און בעטן:

— ווי לאָזסטו אונדז איבער איינע אַליין אָט אַ דאָ?...

פלעגט דבֿורה זיך עקשנען און באַלד דער מומען געבן איין־איינציקן אויסוועג:

— פאַרקויפט, מומעלע, ווי עלקינס האָט פאַרקויפט...

דערווײַל זײַנען אַלע אין גאָלדענבאַרגס הויז אַרומגעגאַנגען ווי שטומע. איטלעכער האָט זיך געהאַט זײַנע וועגן און זײַנע מחשבֿות.

און עס איז געווען אין אַ רעגנדיקן טאָג אין חודש אלול. בײַ הער גאָלדענבאַרגן האָט מען אין אַ רעגנדיקן טאָג נישט געאַרבעט אין פעלד. רחל און דבֿורה האָבן געטאָן זייערע אַרבעטן אין קיך. דער פערדיונג און הער גאָלדענבאַרג זײַנען שוין פאַרטיק געוואָרן מיט די לײַכטע אַרבעטן אַרום הויז, שטאַל און הויף, און זײַנען געזעסן אין גרויסן צימער און געלייענט, געדרויכערט, געטראַכט.

הער גאָלדענבאַרגס פּנים איז געווען פאַרצויגן מיט טרויער און זאָרג. דאָס איז אים פאַרבליבן פון נאָך אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט מיט אַ צײַט צוריק געהאַט מיט אײַזיקן. ער האָט מיט אײַזיקן גע־שמועסט, אים פאַרגעשלאָגן צו פאַרבלײַבן דאָ אויף אַ פעסטגעבויטער היים און אויף אַ פעטער ערד. און דער פערדיונג האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט.

גאָלדענבאַרג האָט אָבער מיט אַלע כּוחות געפּרוּווט פֿאַרבאָרגן דעם וואָלקן פֿון צער אויף זײַן פּנים, ווען ער פֿלעגט זײַן אויג־אויף־אויג מיטן יונג.

און איצט, זיצנדיק מיט אים אין גרויסלעכן צימער, האָט גאָלדענבאַרג פֿון צײַט צו צײַט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם פֿערדיונגס פּנים. אים האָט זיך פּלוצעם געגומען דאַכטן, אַז דעם פֿערדיונגס פּנים לײַכט מיט עפּעס אַ מין פֿאַרבאָרגענעם געפֿיל... עפּעס גאָר אַן אַנדער מענטש!...

גאָלדענבאַרגן איז אויפֿגעקומען אין געדאַנק יענע צײַט פֿון זײַן לעבן, ווען ער איז פֿון דער גרויסער שטאָט אין דער ווײַטער וועסט אַוועק. וואָס האָט אים דען געפֿעלט אין ניו־יאָרק? ער האָט דאָך געהאַט קרובֿים... און פֿון דעסט וועגן האָט ער מיט רחלען געוואָלט חתונה האָבן נאָר אויף דעם תּנאַי, אַז זי זאָל מיט אים מיטגיין אין דער ווײַטער וועסט... און קיינער האָט אים דאַן נישט געקענט שטערן אין זײַנע פּלענער...

ער איז געגאַנגען צו זײַן צוועק מיט זיכערע טריט און אַזוי גייט ער נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג...

— אײַזיק! — רופֿט זיך פּלוצעם אָן הער גאָלדענבאַרג — אײַזיק, איך פֿאַרשטיי אײַך. איך בין אויך אַזוי געווען ווי איר. אָבער איין זאַך וויל איך אײַך בעטן. איך בין איצט אײַך מודיע, אַז אויב איר בלײַבט בײַ מיר, איז דאָס אַלץ, וואָס הייסט גאָלדענבאַרגס ראַנדזש, אײַערס! בלײַבט מיט אונדז! איך וועל ווײַטער טאָן מײַנע פֿליכטן ביז עס וועט שלאָגן דאָס בלוט אין מײַנע אָדערן... אײַזיק, פֿאַרבלײַבט מיט מיר, מיט אונדז!

— איך וועל דאָ פֿאַרבלײַבן ביז איך וועל אײַך אויסהעלפֿן אַרײַנצוברענגען די ברויטן, די פֿיליעס אין שטאַל אַרײַנגעמען, און אײַך העלפֿן אָנצוגראָבן קוילן, און דאַן — „גוד בײַ!“

— מיר העלפֿן! מוחל אײַך, אײַזיק, מוחל! — האָט הער גאָלדענבאַרג פּלוצעם געהערט זײַן טאָן — אויב איר ווילט פֿון דאַנען גיין, דאַן גייט אײַך שוין!

די פֿרויען אין קיך האָבן דערהערט גאָלדענבאַרגס געשריי, ווײַל די לעצטע ווערטער, „גייט אײַך שוין!“, זײַנען אַרויס מיט אַ זייער אויפֿגערעגטער, הויכער שטימע. זײַנען זיי געקומען אַרײַנצולויפֿן אין שטוב אַרײַן.

— וואָס איז געשען?

— וואָס איז געשען, אָנקל?

— אַנטשולדיקט! — האָט זיך דער גאָלדענבאַרג אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט און גענומען שפּאַנען איבערן צימער — אַנטשולדיקט! די פּריירי האָט אין מיר ווילדקייט אײַנגעפֿלאַנצט. איך האָב צו אײַך שטרענג גערעדט. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט רחמנות האָבן אויף מיר. ווײַל אַזוי ווי איר, אײַזיק, האָט אײַער צוועק אין אײַער פּאַלעס־טינע, אַזוי האָב איך מײַן צוועק אָט אָ דאָ אויף דער פּריירי... אויב איר ווילט נאָך פֿאַרברענגען איניקע טעג מיט אונדז, וועט איר זײַן גאָר אַ גוטער גאַסט. די אַרבעט אין פֿעלד און אין שטאַל וועל איך אַליין טאָן...

— אַ גאַסט?! ווער האָט עס צײַט צו זײַן אַ גאַסט? איך פֿאָר נאָך הײַנט, אין רעגן, אַוועק!...

— איך פֿאָר אויכעט! — האָט דבֿורה גענומען שפּרינגען איבערן צימער — איך פֿאָר אויכעט!

הער גאָלדענבאַרג איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרגליווערטער מיט ביידע הענט אין דער לופֿטן, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט אָנהייבן צו טאָן, און מען האָט אים אַ שטאַרקן זעץ געטאָן אין מוח אַרײַן.

רחל האָט זיך צעוויינט.

## א. לעיעלעס

# ליטעראַרישע מעמואַרן *

... די מלחמה 1914—1918 האָט אויפגעטרייסלט און איבערגעאַקערט די גאַנצע וועלט. נישט געקוקט אויף די מאָוימדיקע ליידן, פּחדים, קרבנות, האָט זי אָנגעפּולט די לופט פון אונדזער פּלאַנעט מיט אָפּטימיסטישקייט. די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעוואָלוציעס האָבן געזייט אין אַלע הערצער נייע האָפענונגען, נייע אויסזיכטן. דער אַלגעמיינער גייסטיקער קלימאַט האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף דער קונסט אין אַלע פאָרמען, אַריינגערעכנט די ליטעראַטור. נייע מאָנונגען. נייע האָריזאָנטן. נייע אַחריותן. נייע באַציִונגען צום וואָרט.

אין אונדזער ענגערער ייִדישער וועלט זיינען מיר פּשוט פאַרבלענדט געוואָרן פון די געשעענישן, וואָס האָבן מעשה פאַרביקע ראַקעטעס דורכגעשטרייפט און באַשפּרינקלט די הימלען. דער פאַרווירקלעכטער חלום פון דורות, די אויסגעבענקטע רעאַליזירונג פון יאָרהונדערטער. באַלפור־דעקלאַראַציע. סאָציאַליזם אין רוסלאַנד מיט ממש נישט געאָנטע מעגלעכקייטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך, קולטור, ליטעראַטור. נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט אין אַן אויפגעריכטער פּוילן, רומעניע, לאַטוויע, ליטע.

... זיינען אויפגעקומען נייע ריכטונגען, אַנדערשדיקע לאָזונגען, קוועקזילבערדיקע ליטעראַרישע ברויזעניש. עס האָט אויסגעזען צו זיין דער צייכן פון פאַרשפּרייטער און טיף גייענדיקער באַנייונג. אַ נייע עפּאָכע מיט אַ ראָזעווער קרוין איבער זיך.

אונטער אָט דעם צייכן האָט די ייִדישע ליטעראַטור זיך גענומען ראַש אַרויסשיילן פון אירע היימישע, צו־היימישע, נישט צו זאָגן, לאָקאַליסטישע ווינקעלעך. דאָס ייִדישע וואָרט האָט גענומען איבערראַשן מיט דערגרייכטער רייפקייט. דער אויסקוק איז געוואָרן מער אין דער ברייטער וועלט אַרויס. דאָס באַוווסטזיין, אַז מען שטייט אויף דער שוועל פון סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פילזייטיקע עמאַנציפּאַציעס, האָט אייגנאַרטיק באַפאַרבט אונדזערע ריין נאַציאָנאַלע אידייען און אידעאַלן, וואָס האָבן זיך נעפּלדיק געפורעמט אַ שטיק פאַר דעם ערשטן וועלטקריג.

---

* פון די גאָלדענע קייט, נ׳ 39, תל־אָביב 1961, זז׳ 143־144.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן מעסטן און פֿאַרמעסטן מיט דער וועלט־ליטעראַטור. דער דאָזיקער פּראָצעס — ווי יעדער עכטער אויסדרוק פֿון אַ לעבנסנויט — איז געלאָפֿן אין צוויי ריכטונגען. איינע קאָן מען אָנרופֿן די אויסערלעכע — דאָס ווערן זיין מיט לייטן גלייך, דער דראַנג געהערט צו ווערן מחוץ דער ענגער און מער ווינציקער פֿאַרשלאָסענער ייִדיש־סביבה. די הצלחה פֿון אַ ריי ייִדישע שרייבערס, ווי שלום עליכם, שלום אַש, י. ל. פּרץ און אַנדערע, וואָס זייערע ווערק זיינען געוואָרן אַ טייל פֿון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור, איז געווען דער קענטיקסטער סימן פֿון אָט דעם גאַנג. אַ צווייטע ריכטונג וויל איך אָנרופֿן די אינערלעכע. דאָס איז דער דראַנג נישט בלויז אַרויסצוגיין אויף ברייטערע אַלגעמיינע טראַקטן, נאָר אינעווייניק, אין דער ייִדישער ליטעראַטור גופֿא, דערגרייכן יענעם סינטעז צווישן ייִדישקייט און גוייִשקייט, וואָס גייט־דורך אונדזער גאַנצע געשיכטע, וואָס האָט אונדז אויסגעקנאָטן ווי אַ פֿאָלק, וואָס האָט אויסגעקאָכט אין די היסטאָרישע טיגלען סיי העברעיִש, סיי ייִדיש, וואָס האָט גענערט אונדזערע וואָרצלען און געטובלט אונדזערע צווייגן. דאָס איז דער גאַנג פֿון דעם עיקרדיקן פֿינטעלע ייִד צום אוניווערסאַליזם, וואָס איז, דאַכט זיך מיר, דער זינען פֿון דעם ייִדישן גורל — אין צייט, די העכערע מדרגה, די פֿערטע דימענסיע פֿון שטח.

א. מוקדוני

## י. י. שוואַרץ*

... נישט בלויז שניידערס און אַנדערע מינים בעלי־מלאָכות האָבן זיך געראַטעוועט פֿון דעם אייראָפּעיִשן דלות קיין אַמעריקע. מיט די שניידערס און אַנדערע בעלי־מלאָכות האָבן זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע דיכטערס, דערציילערס, זשורנאַליסטן, קריטיקערס, עסייִסטן אאַז״וו.

... האָט אַ רב געשיקט זיינע צוויי קינדער קיין אַמעריקע. איינער איז געוואָרן אַ העברעיִשער דיכטער מיט אַ זיכערער פּרנסה ביי דער זייט פֿון דיכטונג — ער האָט דאָ שטודירט, געוואָרן אַ מעדיצינער און אין די פֿרייע מינוטן שרייבט ער העברעיִשע לידער. דער אַנדערער, דער ייִנגערער י. י. שוואַרץ, איז געוואָרן אַ פּראָפֿעסיאָנעלער דיכטער, אָבער אָן אַ זיכערער פּרנסה ביי דער זייט. האָט ער געטאָן און געשריבן אָריגינעלע לידער, איבערגעזעצט דאָס שפּאַנישע

---

* פֿון די גאָלדענע קייט, נ׳ 24, תל־אָביב 1956, זז׳ 155—158.

ליד, פון העברעיִש אויף ייִדיש. אַ חוץ דעם געשריבן אַ צווייבענדיק ספר וועגן שבת, אַ ספר וועגן משה רבנו, לויט מדרש און אַגדה, און איבערגעזעצט ביאַליקן און טשערניכאָווסקין. פּרובירט זוכן פּרנסה, פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער שטאָט קענטאָקי און געקומען צוריק מיט דער ערשטער גרויסער אַמעריקאַנער פּאָעמע אין ייִדיש, קענטאָקי, אין ניו־יאָרק.

יאָ, געפאָרן זוכן פּרנסה און געשאַפן די ערשטע גרויסע אַמעריקאַנער פּאָעמע אין ייִדיש.

אָט ריכטיק ווי דער טאַטע, דער רב — פּרנסה איז אַ זייטיקער ענין, דער עיקר איז די תורה, און י. י. שוואַרץ איז אַ רב, אַ הדרת־פּנימדיקער רב.

ער דאַרף קיין שטריימל ניט טראָגן; ער איז געבוירן געוואָרן מיט איר. ער איז שטריימלדיק אָן אַ שטריימל.

...און אָט איז ער אַרויסגעקומען מיט אַן אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע יונגע יאָרן. יונגע יאָרן פון אַ בן־הרב אין אַ קליין שטעטל. ווען ער לאָזט זיך אַ יונגער קיין אַמעריקע זוכן זיין פרייען מאָרגן אין אַ פריי לאַנד, זאָגט אים זיין טאַטע שטיל: זאָלסט זיין אַ ייִד! דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס אַ פאָטער זאָגט זיין קינד, ווען ער לאָזט זיך אַוועק אין מרחקים זוכן אַ בעסערן, אַ שענערן מאָרגן ווי דער וואָס דערוואַרט אים אין ליטע אונטער דעם צאַרישן יאָך. עס איז געווען אַ שטילער באַפעל. און אַ שטילע בקשה פון אַ טאַטן. און ער, דער זון, האָט אויסגעפאָלגט דעם טאַטנס באַפעל און בקשה אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט. ער איז נישט בלויז געבליבן אַ ייִד — ער איז איינער פון די שענסטע ייִדן אין אַמעריקע. דער זון האָט נישט פאַרשעמט דעם טאַטן. ער איז אַ רב אָן אַ כסא־הרבנות... און דאָס פילן די דערווייטערטע, פאַרוואָרפענע ייִדן אין דרום־אַמעריקע, ערגעץ אין קאָלאָמביע אָדער אַן אַנדער מדינהלע, וואָס איז פול מיט שוואַרצע גלחים און גלאַנצנדיקע גענעראַלן, וואָס מאַכן כסדר רעוואָלוציעס. זיי רופן אים אָפּט אַרויס — און עס איז יום־טוב ביי זיי, ייִדישער יום־טוב אין אַ פרום קאַטוילישער וועלט.

ער איז דער שטילסטער דיכטער ביי אונדז... ער שעלט ניט און בענטשט ניט צו הויך. ער נעמט די וועלט און די מענטשן ווי זיי זיינען.

קענטאָקי איז אַ בוך וועגן די מענטשן און דער נאַטור. רחבותדיק איז קענטאָקי, אָפן און זאַט איז קענטאָקי. פאַרבלאָנדזשעט אין דעם רחבותדיקן קענטאָקי אַ ייִד אַ פּעדלער מיט זיין פּעקל סחורות... ווערט ער אַן אייגענער.

...הכלל — אַמעריקע!

...האָט איר דאָ אַ געפלעכט פון בייזע האַרטע טראַדיציעס און שמייכלענדיקער פרייהייט: צוויי סתירותדיקע עלעמענטן, וואָס לעבן, ווי אַלע סתירות אינעם מענטשן, בשלום.

עס איז אַ פּאָעמע אַ פאַרביקע, ווי דאָס לאַנד און די מענטשן.

א. טאַבאַטשניק

# יענער טייערער דערציילער *

אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור וועט ראַבאָי בלי ספק פאַרנעמען זיין פּלאַץ צווישן די וויכטיקסטע יידישע פּראָזאַיִקערס. דער היינטיקער לייענער אָבער געדענקט אים גיכער פאַר זיין „פּאָעזיע" ווי פאַר זיין פּראָזע. ניט אַזוי דער סיפור המעשה פון ראַבאָיס דערציילונגען און ראָמאַנען פאַרגעדענקט זיך, ווי די וואַרעמקייט, דאָס ליבלעכע געמיט, וואָס שוועבט אין זיי.

... אויך דעם מענטשן האָט ראַבאָי געמאָלן מיט פּיעטעט, געמאָלן אַזוי, אַז ער זאָל זיין שיין, ליבלעך, פלאַטערן מיט די ריינסטע און צערטלעכסטע געפילן. ראַבאָיס העכסטער קינסטלערישער ציל, גלייב איך, איז געווען צו שאַפן אידיליעס און גרעסערע ווערק אין דער פאָרעם פון אַ מין פּאַטריאַרכאַלישער עפּיק... ניט איין דערציילונג הייבט ראַבאָי אָן אין נוסח פון דעם ביבלישן ויהי. און וואָס איז דען די קרוין פון ראַבאָיס שאַפונגען, דער ראָמאַן „איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע", אויב ניט איין גרויסן ויהי? און אַן אַברהם וואָלדען אין „אַ פאַס פון ים" און אַפילו אַ הער גאָלדענבאַרג אין דער „ווייטער וועסט" מאָלט דען ניט ראַבאָי אַזוי, אַז זיי זאָלן דערמאָנען אין פּאַטריאַרכן?... אָט די דאָזיקע שטרעבונג צום ביבלישן אידעאַל האָט גורם געווען, אַז ראַבאָי זאָל ניט אַזוי וועלן מאָלן ווי ווען זיך אויסמאָלן לעבן און לעבנס... בכלל האָט ראַבאָי פאַרגעצויגן חלום צו וואָר און צו מאָלן דאָס פּאָזיטיווע אין מענטשן ליבער ווי צו מאָל דאָס נעגאַטיווע. אַפילו ווען ראַבאָי דאַרף שוין אָנווייזן אויף אַ נעגאַטיוון שטריך, געפינט ער אויך אַ פאַרענטפערונג און אַ באַרעכטיקונג פאַר דעם... ער הייליקט געפילן און פירונגען דורך דעם, וואָס ער פונדאַמענטאַליזירט זיי, אַזוי צו זאָגן, וואָס ער שרייבט זיי צו דעם פון ששת ימי בראשית איינגעשטעלטן סדר פון זאַכן.

ווען ראַבאָי לאָזט זיך פירן פון דעם אייגנטלעכן און עיקרדיקן פּאַטאָס פון זיין טאַלאַנט, זיינען זיינע מענטשן קיין מאָל ניט גרוי און וואָכעדיק. זיי זיינען כולו יום־טוב. ליכטיק און שיין אין מאָראַלישן און עסטעטישן זין פון וואָרט. זיי זיינען פּאָעטן, אידעאַליסטן, צדיקים. אַזוי איז נאָקמאַן, וואָס „הערט דאָס

* פון די צוקונפט, נ"י, מאַרץ 1944, זז' 172—175.

געוויין פון זיין פּאָלק"; אַזוי ר' וואָלף, דער רב, אין „אייגענע ערד", פּאַר וועמען „גאָטס תורה קריגט ערשט איר זינלעכקייט אין פעלד"... אַפילו אַזאַ פּרעכטיקע דערציילונג, איינע פון די סאַמע בעסטע ביי ראַבאָיען און איינע פון די סאַמע בעסטע אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי „ווען איין מאָל דער שטראַל", בלייבט אויך אין זכרון ניט מיט דער דערציילערישקייט, נאָר ווי אַ מאָלעריי, ווי אַ שפּיל פון פאַרב און ליניעס, ווי אַ ווייט פאַרדמיונט געשען, ווי אַ שפּיל פון ליכטיקן און שאָטנדיקן געמיט.

ראַבאָי איז בכלל ניט קיין ראָמאַניסט אָדער דערציילער אין קאָנווענציאָנעלן זין פון באַגריף. ניט אומזיסט האָט אים משה נאַדיר איין מאָל אָנגערופן דער אַנדערשסטער שרייבער צווישן אונדזערע שרייבערס.

...עס איז אויך קיין ספק ניט, אַז אַ היסטאָריקער מיט אַ סאָציאַלן צוגאַנג צו דער יידישער ליטעראַטור וועט אין ראַבאָיען קאָנען זען דעם קינסטלערישן אויסדרוק פון געוויסע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע שטרעבונגען אין יידישן לעבן פון סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט. מעגלעך, אַז די וואָרצלען פון ראַבאָיס קונסט שטעקן אין יענע אויפלעב־באַוועגונגען, וועגן וועלכע ער אַליין האָט דערציילט אין זיין ראָמאַן „אייגענע ערד".

יעפים ישורין

# י. י. שווארץ - ביבליאגראפיע

## י. י. שוואַרצס ווערק

1) פון רבי יהודה הלוי, ים־לידער, אין מצרים, פ׳ גרייזעל און קאָמ׳, נ״י 1910, זז׳ 24.

2) קענטאַקי, פ׳ מ. נ. מייזל, נ״י 1925, זז׳ 260.

3) אונדזער ליד פון שפּאַניע (די גאָלדענע שפּאַניש־העברעיִשע תּקופה) שלמה אבן־גבירול, משה אבן־עזרא, יהודה הלוי, איבערגעזעצט, מיט אײַנלייטונגען און באַמערקונגען, אַר׳ ייד׳ קולטור־געזעלשאַפט, פילאַדעלפיער צווײַג, נ״י 1931, זז׳ 301.

4) חיים נחמן ביאַליק, לידער און פּאָעמען, זײַנע אָריגינעלע אין יידיש און איבערגעזעצט פון העברעיִש דורך י. י. שוואַרץ, מיט אײַנלייטונג פון ש. ניגער, אַר׳ נאַצ׳ אַרבעטער־פאַרבאַנד, מישיגאַן 1935, זז׳ 292.

5) ארץ־ישראל 1936, אַ זאַמלונג לידער פון העברעיִש, פ׳ יידישער קעמפער, נ״י, זז׳ 36.

6) העברעיִשע פּאָעזיע (אַנטאָלאָגיע), אַר׳ יידיש־נאַציאָנאַלער אַרבע־טער־פאַרבאַנד, נ״י 1942, זז׳ 357.

7) חיים נחמן ביאַליק־שריפטן, יידיש — י. י. שוואַרץ, אַרײַנפיר — חיים גרינבערג, אַר׳ ייד׳ נאַצ׳ אַ״פ, נ״י 1946, זז׳ 314.

8) ספר השבת, שבת אין יידישן לעבן דורך אַלע דורות, איבערגע־זעצט פון י. י. שוואַרץ, אַר׳ ייד׳ נאַצ׳ אַ״פ, נ״י 1947, זז׳ 353.

9) יונגע יאָרן, פּאָעמע; פ׳ צבֿי קעסעל בײַם ייד׳ צענטראַל־קאָמיטעט, מעקסיקע 1952, זז׳ 235.

10) פון אונדזער אוצר, מעשׂיות און לעגענדעס וועגן משה רבינו, לויט מדרש און אגדה, געזאַמלט און איבערגעזעצט פון י. י. שוואַרץ, פ׳ ציקאָ, נ״י 1953, זז׳ 344.

11) געקליבענע לידער, אַר׳ ייד׳ נאַצ׳ אַ״פ, נ״י 1961, זז׳ 199.

## וועגן י. י. שוואַרץ אין ביכער

**איגנאַטאָוו, דוד**

1 אָפּגעריסענע בלעטער, **ב״א 1957, ז׳ 28, 78.**

**אײַזלאַנד, ראובֿן**

2 פון אונדזער פרילינג, **נ״י 1954, זז׳ 121—128, 184, 192.**

**באַראָן, א. ל.**

3 די ייִדישע בראָדוויי און אַנדערע לידער, **נ״י 1949, ז׳ 17.**

**ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.**

4 לידער און עסייען, **נ״י 1932, ז׳ 97, 98, 160, 170.**

5 **אין זאַמלבוך** די ייִדישע עסיי, **נ״י 1946, ז׳ 121.**

6 חלום און וואָר, עסייען, **נ״י 1956, ז׳ 99, 110, 111, 133, 450.**

**בראָנשטיין, יחזקאל**

7 אימפּרעסיעס פון אַ לייענער שי־קאַגאָ **1941, ז׳ 6.**

**גלאַטשטיין, יעקבֿ**

8 אין תוך גענומען, **נ״י 1956, זז׳ 234, 261—266, 351.**

**גלאַנץ, יעקבֿ**

9 ה. לייוויק אין סטיל פון דער עפּאָכע, מעקסיקע **1943, ז׳ 71.**

**גלאַנץ־לעיעלעס, א.**

10 וועלט און וואָרט, **נ״י 1958, ז׳ 49, 114.**

**גראָבאַרד, ב.**

11 אַ פערטליאָרהונדערט, **נ״י 1935, ז׳ 13, 151, 157, 195.**

**גרינבערג, אליעזר**

12 משה לייב האַלפּערן, **ב׳ 1, נ״י 1934, ז׳ 21.**

13 משה לייב האַלפּערן אין ראַם פון זיין לעבן, **נ״י 1942, ז׳ 19, 22, 23, 94.**

**גרינבערג, חיים**

14 **אַריינפיר צו** חיים נחמן ביאַליק־שריפטן, **נ״י 1946, זז׳ ז־יט.**

**הײַזלער, קלמן**

15 מיינע קומאַרנער, נעבעך, **נ״י 1953, (ליד), ז׳ 70.**

**וויטיעס, משה**

16 עסייען וועגן ליטעראַטור, **נ״י 1958, ז׳ 103.**

**ווײַנפּער, ז.**

17 „י. י. שוואַרץ״, ייִדישע שריפט־שטעלער, **ב׳ 2 נ״י 1936, זז׳ 131—139.**

18 משה לייב האַלפּערן, **נ״י 1940, ז׳ 74.**

19 שרייבער און קינסטלער, **נ״י 1958, ז׳ 352.**

**זאָלף, פֿאַליק**

20 **י. י. שוואַרץ — דער דיכטער** פון „קענטאָקי״, אונדזער קולטור־המשך, **וויניפּעג 1956, זז׳ 195—221.**

**זשיטניצקי, ד״ר ל.**

21 אַ האַלבער יאָרהונדערט ייִדישע ליטעראַטור, **ב״א 1952, ז׳ 43, 92, 105.**

**טאַבאַטשניק, א.**

22 דער מאַן פון ליד, **נ״י 1941, ז׳ 10.**

**טענענבוים, ש.**

23 שניט פון מײַן פעדער, **נ״י 1949, ז׳ 147.**

### כאַנוקאָוו, ל.

24 ליטעראַרישע עסייען, נ״י 1960, ז׳ 252.

### ליבמאַן, יצחק

25 בויער און שאַפער פון מיין דור, ב׳ 2, נ״י 1955, ז׳ 29.

### ליבערמאַן, חיים

26 ביכער און שרייבער, נ״י 1933, זז׳ 245, 255—267.

### מאַרק, יודל

27 די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור (קאָנספעקט), נ״י 1943, ז׳ 52.

### מינקאָוו, נ. ב.

28 זעקס יידישע קריטיקער, ב״א 1954, ז׳ 195.

### מייזיל, נחמן

29 נאָענטע און ווייטע, ב׳ 1, וואַרשע 1924, ז׳ 22. — ב׳ 2, ווילנע 1926, ז׳ 243.

30 אויף אונדזער קולטורפראָנט, וואַרשע 1936, ז׳ 36, 37, 40.

31 יוסף אָפּאַטאָשו, וואַרשע 1937, ז׳ 38.

32 דורות און תקופות אין דער יודישער ליטעראַטור, נ״י 1942, ז׳ 17.

33 געווען אַמאָל אַ לעבן, ב״א 1951, ז׳ 47.

### מרמר, קלמן

34 צו יעקב מילך — אויטאָביאָגראַפישע סקיצן, נ״י 1946, ז׳ 10.

### נאַדיר, משה

35 מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט, נ״י 1919, ז׳ 96.

### ניגער, ש.

36 „די יונגע יידישע ליריק אין אַמעריקע״, וויימער־בוך, ווילנע 1920, זז׳ 86־121.

37 שמועסן וועגן ביכער, 1טער טייל, נ״י, 1922, ז׳ 134.

38 לעזער, דיכטער, קריטיקער, ב׳ 1, נ״י 1928, ז׳ 282.

39 חיים נחמן ביאַליק, לידער און פּאָעמען, מישיגען 1935, זז׳ לב־לד.

40 די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור, דעטראָיט 1941, זז׳ 138—139.

### פאַנער, יצחק

41 שלום אַש אין זיין לעצטער היים, תל־אָביב, 1958, ז׳ 106.

### ראָבאַק, א. א.

42 די אימפּעריע יידיש, מעקסיקע 1958, זז׳ 358—359.

### ראקאָק, יעקבֿ

43 די קונסט און קינסטלער, נ״י 1955, זז׳ 161—162.

### ראָזענפֿעלד, ד״ר י.

44 דוד איגנאַטאָוו, שיקאַגאָ 1935, ז׳ 15.

### ראָנטש, יצחק אלחנן

45 אַמעריקע אין דער יודישער ליטעראַטור, נ״י 1945, זז׳ 225—231.

### ריבאַלאָוו, מנחם

46 דיכטער און שאַפער פון נייַ־העברעיש, נ״י 1936, זז׳ 207—217.

### ריוואָקין, ב.

47 גרונט־טענדענצן פון דער יודישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, נ״י 1948, זז׳ 289—292.

### רייזען, אַבֿרהם

48 דוד איגנאַטאָווס שאַפן, שיקאַגאָ 1935, ז׳ 160, 161.

שטיינבערג, נח

49 משה נאַדיר, נ״י 1926, ז׳ 151.
50 פּאַרלאַנגט אַ מענטש, נ״י 1952, ז׳ 154.

שערמאַן, אליעזר

51 דער מענטש ביאַליק, פילאַדעלפיע 1936, זז׳ 23, 69, 103, 104, 121, 139.
52 שפּעטער און בויער, פילאַדעלפיע 1941, ז׳ 16.

## וועגן י. י. שוואַרץ אין אַנטאָלאָגיעס, זאַמלביכער, ייוואָ־בלעטער, כרעסטאָמאַטיעס געזאַנג־ביכער און ביבליאָגראַפיעס

אַבראַמאָוויטש, דינה

53 יידישער בוך־אַלמאַנאַך, נ״י 1958, ז׳ 154.

אייזלאַנד, ר.

54 זישע לאַנדוי־זאַמלבוך, נ״י 1938, ז׳ 25.

אָסטראָווסקי, ב. און הורוויץ, ש.

55 ייד׳ כרעסטאָמאַטיע פאַרן 3טן און 4טן לערניאָר, נ״י 1927, זז׳ 7—8.

אָפּאַטאָשו, י.

56 „50 יאָר יידישע ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן״, ייוואָ־בלעטער, ב׳ 38, נ״י 1954, זז׳ 47—49.

באַסין, מ.

57 י. י. שוואַרץ, אַמעריקאַנער יידישע פּאָעזיע, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1917, זז׳ 203—228.
58 יידישע פּאָעזיע אויף אַמעריקאַנער מאָטיוון, נ״י 1955.

גאָלדבערג, א.

59 60 יאָר יידיש קולטור־לעבן אין די פ״ש, נ״י 1961, ז׳ 370, 379.

גלאַנץ־לעיעלעס, א.

60 „די ייד׳ ליט׳ און די ייד׳ פּרעסע״, 75 יאָר יידישע פּרעסע אין אַמעריקע, נ״י 1945, ז׳ 89.

גלאַנץ, יעקב

61 „דאָס יידישע ליד צווישן צוויי מלחמות״, ליטעראַרישע זאַמלונגען, 3, שיקאַגאָ 1946, ז׳ 161.

געלבאַרט, מיכל

62 זינגט מיט מיר, נ״י 1945, זז׳ 102—103.
63 מיר זינגען, נ״י 1951, זז׳ 144—145.
64 אַ נייע הגדה של פסח, נ״י 1956, ז׳ 8, 11, 36.
65 יידישע שריפטן, ב׳ 7, העפט 3־4, 1955, ז׳ 27.

האָפּשטיין־שאַמעס

66 ליטעראַטור־קענטעניש, 2טער טייל, מאָסקווע 1928, ז׳ 97.

טאַראַנט, דבורה

67 „40 יאָר יידישע קינדער־ליטעראַטור אין אַמעריקע״, זאַמלונגען, נ״י יולי־אויג׳ 1954, ז׳ 77.

יעפּרויקין, ז. און בעז, ח.

68 דאָס יידישע וואָרט, נ״י 1947, זז׳ 131—132, 150—151.

לאַנדוי, זישאַ

69 אַנטאָלאָגיע, „די ייִדיש דיכטונג אין אַמעריקע ביז 1919", זז' 165—171.

לעשצינסקי, שמואל

70 „ייִדיש באַמעריקה", מצודה, ספר 7, וולתאם, מאַס' 1954, ז' 534.

מאַרק, ב.

71 „אַמעריקע אין ייִדישן וואָרט", ייִדישע שריפטן, וואַרשע, יאַנ' 1956, ז' 2.

מינקאָוו, נ. ב.

72 „ייִדישקייט־מאָטיוון אין דער ייִדי' ליט'", יוואָ־בלעטער, באַנד 4, נ' 2, נ"י יולי־אויג' 1946, ז' 129.

מײַזיל, נחמן

73 „די ייִדי' ליט' אין אַמ'", אין דינסט פון פֿאָלק, אַלמאַנאַך פון ייִדי' פֿאָלקס־אָרדן, נ"י 1947, ז' 297, 302, 304.

מלצר, שמשון

74 „י. י. שוואַרץ", על נהרות, ירו־שלים 1956, ז' 292.

קאַמינסקי, יהושע

75 „קענטאָקי", נ"י אַרבעטער־רינג יאָרבוך, נ"י 1945, זז' 40—41.

ראָלניק, י.

76 אַ דיכטער צו די צוויי, זישאַ לאַנדוי, זאַמלבוך, נ"י 1938, ז' 61.

שטאַרקמאַן, משה

77 „ישראל יעקב שוואַרץ", רשי־מות ביוגראפיות, על נהרות, ירושלים 1956, ז' 440.

שטיינבערג, נח

78 „י. י. שוואַרץ", אידיש אַמערי־קע, זאַמלבוך, נ"י 1929, זז' 121—147, 302—303.

**LEFTWICH, JOSEPH**

79. Foreword, **Anthology of Yiddish Poetry,** Cambridge, Mass. 1939, Pp. XXXIV, XXXV, XIII, 373-374.

ישורין, יעפֿים

80 זיבעציק יאָר „צוקונפט" (1892—1962).

81 ביבליאָגראַפישע יאָרביכער פון ייוואָ, 1טער ב', 1926, וואַרשע 1928, ז' 217, 269, 270, 272.

## ווענגן י. י. שוואַרץ אין ענציקלאָפעדיעס און לעקסיקאָנען

ניגער, ש.

82 ייִדישע ליטעראַטור פון 1900 ביז 1942, אַלגעמיינע ענציקלאָפעדיע, ייִדן" ג', נ"י 1942, שפּאַלטן 141, 169.

פּיעטרושקאַ, שמחה

83 „ליטעראַטור", יודישע פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע, ב' 2, מאָנטרעאָל 1943, שפּאַלט 210, 824.

רייזען, זלמן

84 „י. י. שוואַרץ", לעקסיקאָן פון דער יודישער ליטעראַטור און פרעסע, וואַרשע 1914, שפּאַלטן 616—617.

85 „ישראל יעקב שוואַרץ", לעקסי־קאָן פון דער יודישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע, ב' 4, ווילנע 1929, שפּאַלטן 511—514.

שטאַרקמאַן, משה אלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, „יידן" ה',
86 „ייִד' ליט' אין די פ"ש, פּאָעזיע, נ"י 1957, ז' 132, 140.

## וועגן י. י. שוואַרץ אין פרעמדע שפּראַכן

**BAYON, LEIB**
87. "Lit. Idish", **Enciclopedia Judaica Castellana,** México 1957, P. 13, 14, 19.
**MARK, YUDEL**
88. "Modern Yiddish Literature", **The Junior Jewish Encyclopedia,** N. Y. 1957, P. 339.
**MIKLISZANSKI, J. K.**
89. "Hebrew Lit. in the U.S.", **The Jewish People, Past and Present,** Vol. IV, N. Y. 1955, P. 314.
**NIGER, SAMUEL**
90. "Yiddish Lit. in the Past 200 Years", **IB.,** Vol. III, N. Y. 1952, P. 200, 203, 215.
91. "Yiddish Culture", **IB.,** Vol. IV, N. Y. 1955, P. 295, 299.
**WININGER, S.**
92. "Israel Jacob Schwartz", **Grosse Judische National - Biographie,** B. 5, Cernauti, S. 478-479.
**BORAISHA, MENACHEM**
93. "The Story of Yiddish", **Jewish Affairs,** Vol. 1, Nº 4, N. Y. March 15, 1946, P. 18.
94. "The Story of Yiddish", **Miami Beach Jewish Omnibus,** 1957, P. 79.
**DANZIS, MORDECAI**
95. "The Yiddish Press, Literature and Theatre in America", **American Jews. Their Lives and Achievements,** Vol. I, N.Y. 1947, P. XX, LV.
**EISENBERG, AZRIEL**
96. I. J. Schwartz, **Modern Jewish Life in Literature,** N. Y. 1948, P. 254-255.
**KREITER, SAMUEL**
97. "Reflections on Yiddish Letters, **The Jewish Argus,** Middletown, Conn. Aug. 31, 1956, P. 22.
**MARK, YUDEL**
98. "Yiddish Literature in America, **The Jews, Their History, Culture and Religion,** Harper Brothers Publisher, N. Y. Vol. II, 1949, P. 887.
**OPATOSHU, JOSEPH**
99. "Fifty Years of Yiddish Literature in the United States, **Yivo Annual of Jewish Social Science,** Vol. IX, N. Y. 1954, P. 80, 81, 82.
**ROBACK, A. A.**
100. "Yiddosh Poetry", **Curiosities of Yiddish Literature,** Sci-Art Publishers, Cambridge, Mass. MCMXXXIII, P. 186.
101. "Suelo y Lenguaje", P. 2; "La Poesía", P. 6, **Judaica,** B. A. enero, 1934.
102. "The Story of Yiddish Literature", **Yiddish Scientific Institute,** N. Y. 1940, P. 259, 276, 296.
**S[HATZKY] J[ACOB]**
103. "A Garland of Tributes", **In Jewish Bookland,** N.Y. March 1955, P. 6.
**TELLER, JUDA, L.**
104. "Yiddish Literature and American Jews", **Commentary,** N. Y. July, 1954, P. 36.

**WAKEFIELD, DAN**
105. "New York's Lower East Side Today", **Commentary,** N. Y. June 1959, P. 463, 464.

**WAXMAN, MEYER**
106. "Yiddish Poetry of the Second Period", **A History of Jewish Literature,** Vol. IV, N.Y. 1947, P. 1039-1040.

# א. ראבאי - ביבליאגראפיע

## א. ראַבאָיס ווערק

1) הערד גאָלדענבאַרג (ראָמאַן), ליט׳ פאַרלאַג, נ״י 1916, זז׳ 100.
2) אין דער וויַטער וועסט, פ׳ אַמעריקע, נ״י 1918, זז׳ 196.
3) ניַי־ענגלאַנד (ראָמאַן), פ׳ אַמעריקע, נ״י 1918, זז׳ 201.
4) הערד גאָלדענבאַרג, פ׳ אַמעריקע, נ״י 1918, זז׳ 116.
5) איך דערצעהל, שטאָט־גאָוועלן, פ׳ אַמעריקע, נ״י 1920, זז׳ 267.
6) הער גאָלדענבאַרג, פ׳ פּרץ־ביבליאָטעק, וואַרשע 1923, זז׳ 116.
7) אייגענע ערד (ראָמאַן), פ׳ ב. קלעצקין, ווילנע 1928, זז׳ 284.
8) איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע (ראָמאַן), פ׳ ב. קלעצקין, ווילנע 1929, זז׳ 394.
9) ניַיע ברידער (ראָמאַן), פ׳ אינט׳ אַרבעטער־אָרדן, נ״י 1936, צוויי טיילן, 316 זז׳.
10) פון שטאָט אין דאָרף אַריַין, פ׳ „ניַיע יידישע שול״, ווילנע 1937, זז׳ 8.
11) דער יידישער קאָובאָי (ראָמאַן), פ׳ אַלוו׳ ייד׳ קולטור־פאַרבאַנד, נ״י 1942, זז׳ 311.
12) איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע (ראָמאַן), פ׳ איקוף, נ״י 1944, זז׳ 299, 2טע אויפלאַגע.
13) מיַין לעבן, ב׳ 1, פ׳ יקוף, נ״י 1945, זז׳ 261.
14) מיַין לעבן, ב׳ 2, פ׳ פון ייד׳ פראָטערנאַלן אָרדן, נ״י 1947, זז׳ 336.
15) אַ דאָרף פון קינדער, פ׳ יקוף, נ״י 1953, זז׳ 268.

## וועגן א. ראַבאָי אין ביכער

**איגנאַטאָוו, דוד**
1 עפּגעריסענע בלעטער, ב״א 1957, זז׳ 52—66, 68.

**איַיזלאַנד, ראובן**
2 פון אונדזער פרילינג, נ״י 1954, ז׳ 192.

### אלגין, מ.

3 אמעריקע, נ״י 1941, ז׳ 62.

4 קולטור און פאלק, נ״י 1949, זז׳ 221—226, 227—242.

### באטאשאנסקי, יעקב

5 מ. ל. האלפערן, ב״א 1932, ז׳ 10.

6 פארטרעטן פון יידישע שרייבער, װארשע 1933, ז׳ 37, 151, 213, 238.

7 מאמע־יידיש, ב״א 1949, ז׳ 119.

8 פשט, ב״א 1952, ז׳ 60, 98, 171.

### ביקל, שלמה

9 שרייבער פון מיין דור, נ״י 1958, ז׳ 280, 283, 284.

### גראבארד, ב.

10 א פערטליארהונדערט, נ״י 1935, ז׳ 16, 20, 22, 23, 31, 45, 105, 110, 113, 126.

### גרינבערג, אליעזר

11 משה לייב האלפערן, ב׳ 1, נ״י 1934, ז׳ 24, 94.

12 משה לייב האלפערן אין ראם פון זיין לעבן, נ״י 1942, ז׳ 19, 115.

### װײַנפער, ז.

13 יידישע שריפטשטעלער, ב׳ 2, נ״י 1936, זז׳ 63, 91.

14 משה לייב האלפערן, נ״י 1940, ז׳ 74.

15 „אײַזיק ראבאי״ [ליד], ליד און פרייד, יקוף־פארלאג, נ״י 1954, זז׳ 81—83.

16 שרייבער און קינסטלער, נ״י 1958, ז׳ 137, 352.

### װײַנרײַך, ד״ר מאקס

17 בילדער פון דער יידישער ליטע־ראטור־געשיכטע, ווילנע 1928, ז׳ 352.

18 דער וועג צו אונדזער יוגנט, ווילנע 1935, ז׳ 108.

### זאלף, פאליק

19 דער דיכטער פון „קענטאקי״, אונדזער קולטור־המשך, וויניפעג 1956, ז׳ 196.

### זשיטלאװסקי, ד״ר חיים

20 וויזיע און געדאנק, זאמלבוך, נ״י 1951, זז׳ 162—163.

### זשיטניצקי, ד״ר ל.

21 א האלבער יארהונדערט יידי׳ ליטעראטור, ב״א 1952, ז׳ 32, 33.

### טברסקי, יוחנן

22 אחיספר, נ״י 1943, זז׳ 283—287.

### טענענבוים, ש.

23 שניט פון מיין פעלד, נ״י 1949, ז׳ 68, 147.

24 דיכטער און דורות, נ״י 1955, ז׳ 219.

### ירדני, מ.

25 אינטערוויוס מיט יידישע שרייבער, נ״י 1955, ז׳ 22.

### ישורין, יעפים

26 פופציק יאר „צוקונפט״ (1892—1942), די צוקונפט, נ״י מײַ־יוני 1942, ז׳ 351.

27 זיבעציק יאר „צוקונפט״ (1892—1962), די צוקונפט, נ״י נאוו׳־דעצ׳ 1962, ז׳ 513.

### כ״ץ, משה

28 א דור װאס האט פארלוירן די מורא, נ״י 1956, ז׳ 305.

### לאַפּין, ב.

29 אייזיק ראַבאָי (ליד), דער פולער קרוג, נ״י 1950, זז׳ 76—77.

### ליבמאַן, יצחק

30 בויער און שאַפער פון מיין דור, ב׳ 2, נ״י 1955, ז׳ 29.

### ליבערמאַן, חיים

31 ביכער און שרייבער, נ״י 1933, ז׳ 246.

### ליטוואַק, א.

32 געקליבענע שריפטן, נ״י 1945, ז׳ 287.

### ליטוואַקאָוו, מ.

33 אין אומרו, ב׳ 2, מאָסקווע 1926, ז׳ 20, 21.

### לעהרער, לייבוש

34 די פסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור, נ״י 1926, ז׳ 53.

### לעשצינסקי, יעקב

35 דאָס נאַציאָנאַלע פנים פון גלות־יידנטום, ב״א 1955, ז׳ 115.

### לשצינסקי, שמואל

36 פרקים בספרות — יידיש באַמ־ריקה, מצודה, ספר שביעי, ולתאם, מאַס׳ 1954, ז׳ 534.

### מאַרק, יודל

37 די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, קאָנספּעקט, נ״י 1943, ז׳ 52.

### מינקאָוו, נ. ב.

38 זעקס יידישע קריטיקער, ב״א 1954, ז׳ 195.

### מייזיל, נחמן

39 נאָענטע און וייטע, ב׳ 1, וואַרשע 1924, זז׳ 419. — ב׳ 2, וואַרשע 1926, זז׳ 183—189.

40 אויף אונדזער קולטורפראָנט, וואַרשע 1936, ז׳ 30, 52.

41 דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור, נ״י 1942, ז׳ 17, 51, 53, 55.

42 „א. ראַבאָי״, פאָרגייער און מיט־צייטלער, נ״י 1946, זז׳ 289—303.

43 געווען אַמאָל אַ לעבן, ב״א 1951, ז׳ 316.

### נאַדיר, משה

44 מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט, נ״י 1919, זז׳ 90—91.

### ניגער, ש.

45 „א. ראַבאָיס דריי ראָמאַנען״, שמועסן וועגן ביכער, צווייטער טייל, נ״י 1922, זז׳ 254—261.

46 דערציילערס און ראָמאַניסטן, נ״י 1946, ז׳ 16.

47 בלעטער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, נ״י 1959, ז׳ 320.

### סדן, דב

48 אבני פא מפתן, כרך ראשון, ישראל 1961, ז׳ 118.

### פערשלייסער, ע.

49 אויף שרייבערישע שליאַכן, נ״י 1958, ז׳ 191.

### ראַדאַק, יעקב

50 „א. ראַבאָי״, קונסט און קינסט־לער, נ״י 1955, זז׳ 140—143.

### ראָנטש, יצחק אלחנן

51 „א. ראַבאָי״, אַמעריקע אין יידישן ראָמאַן, נ״י 1945, זז׳ 22—54.

### ריוואָקין, ב.

52 גרונטשטריכן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, נ״י 1948,

**רייזען, אַבֿרהם**

53 דוד איגנאַטאָוו, **שיקאַגאָ 1925, ז' 161.**

**שוואַרץ, י.**

54 **„אַ וואָרט וועגן אַ קלוגן שרייבער"**, ליטעראַטור און שפּראַך פון דער יידישער גאַס, **נ״י 1925, זז' 52—54.**

**שטיינבערג, נח**

55 **„א. ראַבאָי"**, יונג אַמעריקע, **נ״י 1917, זז' 61—84, 256.**

56 משה נאַדיר, **נ״י 1926, ז' 148.**

## וועגן א. ראַבאָי אין אַלמאַנאַכן, זאַמלביכער און כרעסטאָמאַטיעס

**אײַזלאַנד, ר.**

57 **זישע לאַנדוי זאַמלבוך, נ״י 1938, ז' 25.**

**אָסטראָווסקי, ב. און הורוויץ, ש.**

58 **ייִדי' כרעסטאָמאַטיע פאַרן 3טן און 4טן לערניאָר, נ״י 1927, זז' 25—33.**

**באָסטאָמסקי, ש. און רייזען, ז.**

59 דאָס לעבעדיקע וואָרט, **כרעסטאָמאַטיע, פ' „נייע ייִדי' פאָלקסשול", ווילנע 1928, זז' 174—177.**

**גאָלדבערג, א.**

60 **„60 יאָר ייִדיש קולטור־לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן"**, ייִקוף־אַלמאַנאַך, **נ״י 1961, ז' 379.**

**גלאַנץ־לעיעלעס, א.**

61 **„די ייִדי' ליטעראַטור און די ייִדי' פרעסע"**, 75 יאָר יידישע פרעסע אין אַמעריקע, **נ״י 1945, ז' 89.**

**יאַבֿראָוו, ג.**

62 **ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע, ערשטער טייל, ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־פאַרלאַג, מינסק 1928, זז' 93—97.**

**לעווין, יעקבֿ**

63 דאָס נײַע בוך, **ליט' און היסט' כרעסטאָמאַטיע, פ' „ייִדישע שול", נ״י 1929, זז' 196—200.**

**מײַזיל, נחמן**

64 **„די ייִדי' ליט' אין אַמ' פאַר די לעצטע 30 יאָר"**, אין דינסט פון פאָלק, **אַלמאַנאַך פון ייִדישן פאָלקס־אָרדן, נ״י 1937, זז' 295—297, 303, 304.**

**פרידמאַן, בצלאל**

65 מײַן בוך, **לערנבוך פאַר 2טן יאָר, פ' אינט' אַרב'־אָרדן, נ״י 1939, זז' 146—148.**

**שטיינבערג, נח**

66 **„פאַרלאַנגט קריטיקער וואָס לייענען"**, יידיש אַמעריקע, **זאַמלבוך, נ״י 1929, ז' 302, 303.**

## וועגן א. ראַבאָי אין ענציקלאָפּעדיעס און לעקסיקאָנען

**רייזען, זלמן**

67 **„אײַזיק ראַבאָי"**, לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע, **ב' 1, ווילנע 1929, שפּאַלטן 1—8.**

**שטאַרקמאַן, משה**

68 **„ייִדישע ליטעראַטור אין די פ״ש, בעלעטריסטיק"**, אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, **ייִדן־ה', נ״י 1957, ז' 133.**

# וועגן א. ראַבאָי אין פרעמדע שפּראַכן

**THE UNIVERSAL JEWISH ENCYCLOPEDIA**
69. **Vol. 9,** New York 1943, P. 59.
**AUSUBEL, NATHAN**
70. "Yiddish Culture", **Pictorial History of the Jewish People,** N. Y. 1953, P. 288.
**BAYON, LEIB**
71. "La Literatura Idish", **Tesoros del Judaísmo Literatura Idish,** México, D.F. 1957, P. 19.
**BORAISHA, MENACHEM**
72. "The Story of Yiddish", **Miami Beach Jewish Omnibus,** 1957, P. 78.
**DANZIS, MORDECAI**
73. "The Yiddish Press, Literature and Theatre in America", **American Jews, Their Lives and Achievements,** Vol. I, N.Y. 1947, P. LV.
**HOWE, IRVING and GREENBERG, ELIEZER**
74. "Contours of a Literature", **A Treasury of Yiddish Stories,** N. Y. 1954, P. 69.
**LEVINGER, RABBI LEE J.**
75. "A History of the Jews in the United States", Cincinnati 1935, P. 501.
**MARK, YUDEL**
76. "Yiddish Literature in America", **The Jews, Their History, Culture and Religion,** Vol. II, N. Y. 1948, P. 888.
77. "A Study of the FREQUENCY of HEBRAISM in Yiddish", **The Field of Yiddish,** N. Y. 1954, P. 30.
**NIGER, SAMUEL**
78. "Yiddish Literature in the past Two Hundred Years", **The Jewish People, Past and Present.,** Vol. III, N. Y. 1952, P. 203, 216. — "Yiddish Culture", Vol. IV, N. Y. 1955, P. 209, 210.
**OPATOSHU, JOSEPH**
79. "Fifty Years of Yiddish Literature in the United States", **Yivo Annual of Jewish Social Science,** Vol. IX, N. Y. 1954, P. 80, 81.
**RESNICK, SALOMON**
80. **Esquema de Literatura Judía,** Bs. As. 1933, P. 129-130.
**ROBACK, A. A.**
81. "The Yiddish Short Story", **Curiosities of Yiddish Literature,** Cambridge, Mass. MCMXXXIII, P. 188, 196.
82. **The Story of Yiddish Literature,** N. Y. 1940, P. 276, 298.
**SCHWARZ, LEO W.**
83. Isaac Raboy, **The Jewish Caravan,** N. Y. 1935, P. 761-762.
**WAXMAN, MEYER**
84. "The Fiction of the Second Period", **A History of Jewish Literature,** Vol. IV, N. Y. 1947, P. 1018.
**WININGER, S.**
85. Eisik Raboi, **Grosse Jüdische National-Biographie** Fünfter Band, Cernauti, S. 120-121.
**THE INSTITUTE ANNIVERSARY VOLUME (1941 - 1961)**
86. Institute of Jewish Affairs World Jewish Congress, N. Y. 1962, P. 244, 249.

J. I. SHWARTZ
A. RABOI

# KENTUCKY

POEMA

# Señor GOLDENBARG

NOVELA

Y ESTUDIOS LITERARIOS
SOBRE SU APORTE A LA LITERATURA IDISH

Director
SAMUEL ROLLANSKY



ATENEO LITERARIO EN EL IWO
Pasteur 633 - 3er. piso    Buenos Aires
1964

**Joseph Lifshitz Fund**



ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — אויסגעקליבענע שריפֿטן (264 זייטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — יידישע פֿאָלקסלידער מיט נאָטן (216 זייטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — אויסגעקליבענע שריפֿטן (256 זייטן)
4) מענדעלע מוכר ספֿרים — מסעות בנימין השלישי (256 זייטן)
5) לייב נײַדוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן (208 זייטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע און דער קריזיס (256 זייטן)
7) משה בראָדערזאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן (272 זייטן)
8) אליה בחור — בבֿא־בוך (256 זייטן)
9) דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זייטן)
10) שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן (216 זייטן)
11) י. ל. פרץ — אין 19טן יאָרהונדערט (272 זייטן)
12) י. ל. פרץ — אין 20סטן יאָרהונדערט (272 זייטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — אויסגעקליבענע שריפֿטן (240 זייטן)
14) דוד האָפֿשטיין — איזי כאַריק — איציק פֿעפֿער אויסגעקליבענע שריפֿטן (272 זייטן)
15) מרדכי ספעקטאָר — דער יידישער מוזשיק, ראָמאַן (272 זייטן)
16) ה. לייוויק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זייטן)
17) שלום עליכם — מנחם־מענדל (272 זייטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — אויסגעקליבענע שריפֿטן (304 זייטן)
19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראָבאָי — הער גאָלדענבאָרג (פּיאָנערן אין אַמעריקע) (312 זייטן)

**אין 1964 דערשיינען:**

20) חיים נחמן ביאַליק — אויסגעקליבענע שריפֿטן
21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן
22) מענדעלע מוכר ספֿרים — פֿישקע דער קרומער

**אין 1965 דערשיינען:**

23) זלמן רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן
24) גליקל האַמעל — זכרונות